משה גראָסמאַן

# קאַרל מאַרקס

(ביי זיין שוועל)

ביאָגראַפישער מאָנטאַזש-ראָמאַן

3 בילדער

אַרויסגעגעבן דורכן מחבר

וואַרשע 1934

# אינהאַלט:



פון זעלבן מחבר:

**„פלאַמען און רויך"** (ראָמאַן)

**„האַמער אויף האַרפּע"** (נאָוועלן)

# עטלעכע ווערטער צום לעזער

א נישט קלאָרער נאָמען „מאָנטאַזש־ראָמאַן“. מאָנטאַזש, באַדייט — צונויפֿשטעל, וואָס עס מיינט אין אַזאַ פֿאַל, צונויפֿשטעל פֿון פֿאַקטן (פֿאַקטאָ־מאָנטאַזש) דאָקומענטן און — מער נישט. דער אופֿן אָבער און צוגאַנג צו דעם בוך — איז אַ בעלעטריסטישער, דיטלעכער — ראָמאַניסטישער. און איך האָב אין דער אַרבעט אויסגענוצט די רעכט פֿון אַ ראָמאַניסט.

ראָמאַן אַליין קאָן עס אָבער נישט הייסן דערפֿאַר, ווייל עס איז זייער ווייניק דערציילעריש. אַלץ איז געשריבן גאָר קורץ און געפּרעסט. עס ווערט דעריבער גאַנץ אָפֿט נאָענט צו טרוקענער כראָניק, אָפּטמאָל אַפֿילו צו א. ג. טעלעגראַפֿן־סטיל. עס באַנוצט זיך אויך צופֿיל מיט דער פֿאָרם פֿון ציטאַט. (איך שטרייך אונטער: מיט דער פֿאָרם פֿון ציטאַט).

דער ריכטיקער נאָמען פֿאַר דעם בוך „וואָלט אפֿשר געווען: „סקיצן צו אַ ביאָגראַפֿישן כראָניק־מאָנטאַזש־ראָמאַן.“

איך מאַך נאָך אויפֿמערקזאַם אויף דעם אונטער־טיטול: „ביי זיין שוועל“. דאָס הייסט, אַז די אַרבעט פּרעטענדירט ווייט נישט אויף דעם גאַנצן און גרויסן ביאָגראַפֿישן קווער־שניט פֿון מאַרקס' לעבן. עס הייסט נאָר: גע־שטאַנען ביי זיין שוועל, אויפֿן ראַנד, און פֿאַרצייכנט עפּיזאָדן־מעסיק אַביסל פּאַסירונגען פֿון און אַרום זיין לעבן.

דער פּלאַץ פֿאַר אַזאַ אַרבעט איז נאָך ביז איצט גענוג ליידיק.

**דער מחבר**

# „אונטער די זיבן פעטע קי"

אַ הייסער, דושנער טאָג, אַ געדיכטע לופט. דאָס שטעטל טריער ליגט פאַרשמאַכט. די דעכער און די מיט בלעך־באַשלאָגענע טירן און לאָדנס זענען צעגליט. ביי דער יאַטקע נעבן ראָטהויז שטאַרן אַרויס פון דער ערד שטיקלעך צעבראָכענע גלאָז און אויף זיי אַ געפּגרטער שטשור.

דער ראָטהויז־זייגער קלאַפּט אויס פיר. איינער פון די טעג, אין וועלכע דער מענטש פילט זיך נישט ווי אַ חבר, אָדער גאָר הערשער פון דער נאַטור, ווי צום ביישפּיל דעמאָלט, ווען דער מענטש דערגרייכט נאָך אַ לאַנגן קלעטערן צום שפּיץ פון אַ הויכן באַרג און עס ווייעט אויף אים אַ לייכט, קיל ווינטל. ניין, ס'איז היינט איינער פון די טעג, אין וועלכע דער מענטש גייט אַרום אַ מידער און פאַרשמאַכטער אונטער דער לאַסט פון עפּעס אַן אומדערבאַרעמדיקער הערשערין.

מאָנטיק.

פון דער נידעריקער, טונקעלער ביר־האַליע „אונטער די זיבן פעטע קי" שלאָגט אַ קיל ווינטל. דער ריח פון די גרויסע ביר־פעסער דראַפּעט אין נאָז. די צעך־מייסטער יאָהאַן, מיכעל און פערדינאַנד קומען אָן שווערע און פאַרמאַטערטע צו דער ביר־האַליע, גייען קוים אַריין און זעצן זיך ראַשיק אַוועק אויף די בענקלעך.

— קאַלט ביר, בי—ער, שנעלער! אַך!

נאָך זונטיק. נאָך די תפילות האָט מען נעכטן אַ סך פעט־פלייש אויפגעגעסן, צו טוץ גרויסע קופּליעס ביר אויסגעטרונקען, נאָך אויסגעטרונקען אַ היפּש ביסל ווײַן (דער נײַעסטער מנהג, וואָס די פראַנצויזן האָבן דאָ איבערגעלאָזן, פאַר דעם האָט ווײַן צו מיטאָג געטרונקען נאָר דער אַדל.) געשפּילט נאָכהער אַנדערטהאַלבן—צוויי שעה מיט דער בלאָז־אָרקעסטער־קאַפּעליע אויפן מאַרק, נאָכהער נאָך געהאַט אַ גאַנצן בײַנאַכט אַ סך צו טון מיט די ווײַבער — נאָך דעם אַלעם איז אויף היינט אַ זויערלעכע פעטקייט פאַרבליבן אין מויל און אַ קאָכעניש אין מאָגן. דער בויך — ווי ער וואָלט געווען צעטיילט אויף צוויי העלפט — אין איין זײַט איז געלעגן אַ פולע שווערע האַרטקייט און די צווייטע זײַט — אינגאַנצן ליידיק.

די קעלנערין האָט אַרײַנגעטראָגן אויף קליינע ווידלעס עטלעכע גרויסע, ערשט איבערן פייער געבערענטע, נאָך בלוטנדיקע שטיקער שאַשליק, אונטערטעניק אַ שמייכל געטון, זיך אַ וויג געטון אויף אירע דיקע היפטן און טומלדיק זיי אַוועקגעלייגט פאַר די מייסטערס אויף אַ גרויסן ערדערנעם בעקן.

— ביטע, מיט גוטן אַפּעטיט! — און גלייך שנעל אַוועק.

אַ שווערע, דעמפּיקע היץ האָט אַ שלאָג געטון איבער זייערע קערפּערס און אַ מיש געטון אין די פאַרגאָסענע מוחות:

— דאָנער וועטער, זי איז אַנטלאָפן.

— יאָהאַן, געדענקסטו ווי עס האָט נעכטן געלייענט פּאַסטאָר גראָסגייסט?

„און רחל זאָגט צו יעקבן:

„דאָ האָסטו מיין דינסטמויד בלהה און טו דיך צו איר, קום אויף איר". און יעקב איז אויף איר געקומען". צום טייוול!

„האָט זיך לאָה מתקנא געווען אין רחלען און געזאָגט צו יעקבן: „נאַדיר מיין דינסטמויד זלפּה און טו אויך קומען אויף איר", און ער איז אויך אויף איר געקומען" — דער חזיר, כע כע, כע.

— שטעלסט דיר פאָר, ווי אַזוי ס׳האָט אויסגעזען אַזאַ רחל?

מסתמא אַ פּאָר שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, און אַ קערפּער! זי האָט שוין איינמאָל געמוזט זיין אַ שיינע, די גראָסמוטער רחל, אַ רייצנדע — זיכער.

„ראובן גייט אין פעלד און געפינט דאָרט ליבעס-עפּל. ער ברענגט זיי צו דער מוטער לאה. בעט רחל ביי איר שוועסטער לאה עטלעכע אַזעלכע ליבעס-עפּל. — האָסט מיר צוגענומען דעם מאַן, ווילסטו מיר אויך די ליבעס-עפּל צונעמען? דערויף זאָגט רבקה: „ווען פאַר דאָס יעקב אויף דיין געלעגער קומען און צו דיר אַ מאַן זיין".

„רחל האָט עטלעכע עפּל גענומען און פאַר דאָס איז יעקב די נאַכט אויף לאהס געלעגער געגאַנגען".

אַזוי האָט זיך יעדער פון זיי עפּעס באַזונדער דערמאָנט און ציטירט.

— דאָנער וועטער! אַלץ פרעכע זאַכן און ווי איידל עס ווערט געזאָגט. זאָל אונזערס אַן אָנשטענדיקער באַלעבאָס אויף זיין דינסט קומען, וואָלט מען דאָך אים פאַרשטיינערט, אין גע-פענגעניש אַרייַנגעפּאַקט.

— פערדינאַנד, רעדסט שוין צופיל פאַרשייט, דו לעס-טיקסט גאָט.

— מיכעל, וואָלסט וועלן לאהן מיט אירע טריבע אויגן?

מיכעל האָט אַ הויכן גרעפּץ געטון.

— דאָנער וועטער, ס'איז גוט!

— מיכעל, פאַרהערן מיר זיך, ווער ס'וועט קאָנען העכער?

דער סופיט אין ביר-האַלע איז אַ הויכער און פון די פיל ליידיקע פעסער קומט יעדער קלאַנג צוריק איבערגעחזרט מיט אַ באַסאָוון נאָכקלאַנג.

די דריי צען-מייסטער האָבן זיך באמת איבערצושטייגן איינער דעם אַנדערן אין גרעפּצן. מיט יעדן קאָפּויערגיין זענען מיטגעקומען כלערליי פאַרזויערטע ריחות און די קלאַנגען און די ריחות האָבן זיך געקרייצט צווישן זיך. ס'האָט אַזוי געדויערט עטלעכע גוטע מינוטן. יאָהאַן האָט דאָס געמאַכט אָפּט און שנעל; מיכעל לאַנגזאַם, אָבער זיכער; פערדינאַנד, מכלומרשט, פאַר-

שלאָפן, ווי ער וואָלט זיך גאָרנישט אומגעקוקט אויף זיי, ווי ער וואָלט עס גאָרנישט געמאַכט אויף געוועט. יאָהאַן איז דער־ווייל אַריינגעפאַלן אין אַ שלוקעכצן, מיכעל האָט זיך צעלאַכט, אָבער פערדינאַנד האָט זיך געטון דאָס זייניקע.

געזיגט האָט דער פאַרשלאָפענער פערדינאַנד.

ער האָט געפאָדערט דערפאַר אַ פרישע פּאָרציע שאשליק און עטלעכע קופּליעס ביר.

* *
*

אין אַ ווינקל ביי אַ צווייט טישל, זענען געזעסן די יונגע סטודענטן געאָרג, ווילהעלם, פרידריך און דער אַלטיטשקער גימ־נאַזיאַל־דירעקטאָר פאָן שטירץ.

— מיר ווע‏לן אייך געבן, חשובער ליביטשקער, אַזאַ ביישפּיל:

„אַן איי איז אַ פּאָזיטיווע זאַך, אָבער עס האָט אין זיך אַן עמבריאָן, וואָס בעת עס דערוואַכט צום לעבן, נעגירט עס דעם אינהאַלט פון איי. דער רעזולטאַט פון דער נעגאַציע — פונם עמבריאָן וויקלט זיך אויס אַ לעבעדיק ווען. אַז די נע־גאַציע איז פאַרענדיקט, ברעכט דאָס אויסגעבריטע עוף אַדורך די אייער־שאָל — דאָס איז די נעגאַציע פון דער נעגאַציע. אָבער בשעת דעם איז אַנטשטאַנען עפּעס אָרגאַניש העכערס ווי אַן איי. אָט דאָס איז, ליבער דאָקטער, העגעלשע דיאַלעקטיק.

—קינדער ליבע, איך בין עלטער פאַר העגעלן און בין אויך אַ גימנאַזיאַל־דירעקטאָר ווי ער. איך פאַרשטיי ווייניקער פון אים, ער איז טאַקע אַ גרויסער פילאָזאָף, אָבער צו איז דען דאָס אַלץ מער ווי געקליגלטע סאָפיסטיק? מען קאָן דרייען מיטן פינגער אַזוי און אויך אַנדערש. העגעלס שכל און חושים זענען אויך באַגרענעצט. און לויט אים, דאַכט זיך, איז דאָך צום ערשט דאָס זיין און נאָכהער דאָס באַוווסטזיין, איז דאָך שוין דאָס דענקען אָפּהענגיק פון עפּעס, קאָן עס דאָך שוין נישט זיין אַבסאָלוט, טאָ וואָס טויג מיר דאָס אַלץ? דער לעבעדיקער הער גאָט האָט

אונז געגעבן אַ וועלטל און מיר אַלע שפּילן זיך דערמיט. איי-נער זאָגט, עס איז בלוי, אַ צווייטער — גרוי, שוואַרץ, ראָז, איך ווירק אויף דער זון, די זון ווירקט אויף מיר — דאָס זענען אַלץ קינדערשע שפּילערייען. מען שענקט אונז אַ ביסל יאָרן, מען שפּילט זיך אָפּ אַ ביסל, נאָכהער גיט ווער אַ מאַך מיטן ווייז-פינגער און צוזאַמען מיט אַ ביסל פליגן, מיט אַ הינדעלע, מיט אַן אָדלער, מיט אַ וואָלף פאַרלאָזט אונז דאָס חיות און מיר גייען צוריק אַריין אין דער געהיימנישפולער אייביקייט. אַזוי, קינדערלעך. מיר וועלן טרינקען צו קליינע גלעזער ביר און מיט דיר, ווילי, וועל איך שפּילן אַ שאַך. אַגב יאָ, זאָגט דאָך סיי-ווי העגעל, אַז אַלץ וואָס איז פאַרנונפטיק, איז ווירקלעך און אַלץ וואָס איז ווירקלעך, איז פאַרנונפטיק, האָבן מיר שוין סיי-ווי גאָרנישט צו מאַכן און גאָרנישט וועט אונז העלפן.

— היט דעם קעניג, ווילי!

* * *

פון דעם סאַמע טיפסטן ווינקל, כאָטש נישט שטאַרק ווייט פון דעם סטודענטן-טישל האָבן זיך געזעען עטלעכע טונקעלע, פאַרברווינטע פּנימער, וועלכע האָבן זיך פאַמעלעך געוויגט אונ-טערן שאָטן פון קליינעם הענג-לאָמפּ און ווי געלאָדן די לופט מיט פאַרביסענעם שווייגן און צאָרן.

זיי האָבן נאָכלעסיק יעדעס מאָל אַ זופּ געטון צו ביסלעך ביר, כדי ווייטער באַדייטונגספול צו שווייגן און נאָר פון צייט צו צייט זיך צוצוואַרפן אַ פּאָר ווערטער.

פּאַול שמידט האָט פאַמעלעך, טאָגלאָז געזייעט דורך די פאַרהאַקטע ציין:

— האָסט געהערט? „אַלץ וואָס פאַרנונפטיק, איז ווירקלעך און אַלץ וואָס איז ווירקלעך — איז פאַרנונפטיק. האָבן מיר שוין גאָרנישט וואָס צו מאַכן און גאָרנישט וועט אונז העלפן" — און פאַרטיק. אַז מען הערשט, געפינט מען שוין פילאָזאָפישע פאַר-טייטשונגען אויף דעם.

— נו, פּאָול, מיר דאַרפן שוין גיין, שוין, דאַכט זיך, אונזער צייט...

---

יאָהאַן, מיכעל און פערדינאַנד זענען געזעסן שוין פעסט פאַרמאַטערטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

— מיכעל, וואָלסט וועלן זיך פאַרדינגען צו אַזאַ איידע-לער, פראַנצויזישער מאַרקיזין, כּדי איר צו גראַבלען אין קאָפּ מיט אַ שטעקעלע — די לייז צו פאַרטרייבן?

— ס'איז דאָך שוין פאַראַן אַזאַ קליינער קראַצער פון ביין, מיט זיבן ציין, אַ קעמל הייסט עס, דאַרף זי דיך שוין נישט האָבן.

— אָבער וואָלסט וועלן ביי איר קראַצן?

— אוי, וואָלט איך אַזוי פּאַמעלעך, פּאַוואָלינקע ביי איר געקראַצט!

— פערדינאַנד, זע נאָר ווער עס גייט דאָרט, אונזער אַדוואָקאַט, דער יידלאַק, הערש מאַרקס. האָסט דאָך עפּעס אַ פּראָצעס וועגן אַ שטיקל פּלאַץ, וועסטו דאָס טאַקע געבן דעם יידלאַק?

— אַפילו ווען ער זאָל מיר געבן זיין ווייב צו קומען אויף איר, וועל איך אים אויך נישט נעמען. מיט די פראַנצויזן זענען זיי געוועזן קנעפּל שבקנעפּל.

— ער אַפילו נישט, ער איז אַ גוטער פּאַטריאָט.

— ע, דאָס מאַכט ער נאָר אַזוי, באַווייזט זיך נאָר אַזוי, גלויב נישט קיין ייד, ווי דו גלויבסט נישט דעם טייוול. העפּ! העפּ! העפּ! פּ—ע! ס'שלאָגט שוין ווידער קאַפּויער.

## טיקלינגען גלאָקן

אין דרויסן איז אַ שטאַרקער ווינט. הינטערן פענסטער שטייען צוויי יינגעביימלעך, וועלכע מאַכן אָבער אָן אַ גערויש פון אַ גאַנצן וואַלד. ס'איז אַ טונקעלע נאַכט. אַלע שלאָפן שוין פון גאַנץ לאַנג. נאָר דער אַדוואָקאַט הערש מאַרקס איז וואַך. ער ליגט אין בעט. אין מוח קרייצן זיך געדאַנקען איינער מיטן צווייטן. טייל קומען שנעל און רייסן אויף ווי אַ בליץ. דאָס קלינגנדיקע מאנאטאננע טיקטאַקן פון זייגער (וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג געברענגט פון קעלן) און דאָס וואָיען פון די צוויי דאַרע ביימלעך פאַסן נישט איצט צו זיין ראַננלענדיקן געדאַנקען-לויף.

— זיין יחוס ציט זיך, ווי ער איז ערשט נישט לאַנג צוריק געוואָר געוואָרן, ביז שאול וואָל, דעם, לויט דער לעגענדע, איינטאָגיקן מלך פון פוילן. פאַרוואָס עפעס דווקא ביז שאול וואָל? פאַרוואָס נישט ביז אַברהם, יצחק און יעקב? אין דער מיט האָט זיך אַריינגעריסן אַ ייד מיטן נאָמען ישו פון נצרת. ער איז אָבער אויסגעטיילט געוואָרן. ווייניק יידן זענען אים נאָכגעגאַנגען און די רעשט איז געבליבן אויף דער זייט. ער, הערש, האָט אָבער אויך געקאָנט זיין אויף יענער זייט.

עס עקזיסטירן היינט גרויסע פעלקער, מיט אייגענער ערד, מיט שוין אַלטע טראַדיציעס און מיט שטאַרקער ליבע צו ערד, צו

היימאַט. זיי זענען אויף דער זייט פון יענעם ייד ישו, וואָס האָט דאָן געהאַט אַזוי ווייניק אָנהענגער. אַ טייל זענען געבליבן דאָ, אין דער זייט. וואָס זענען זיי, אַ פאָלק? האָבן זיי אַ לאַנד, האָבן זיי ערד? האָבן זיי אַ פויער און אַ פריץ? זיי זענען צעוואָרפן איבער דער גאָרער וועלט. זיי זענען שטריק, העפטערס, וועלכע בינדן צונויף לענדער דורך מסחר; וואַנדערער, פאַרמיטלער, היינט — דאָרט, מאָרגן ערגעץ אַנדערש. זיי זענען נאָר, ווי אויסצופילן די שפּאַרעס. ביי יעדער געלעגנהייט און מינדסטער קלייניקייט, ווען אין הויז ווערט עפּעס קאַליע, נעמט מען זיך גלייך רייניקן און אויסברענען די שפּאַרעס פון די ווענט. מען וואַרפט אויף שייטערהויפנס און אין ברונעמס. צובינדן צו אַ ראָד, דרייען דאָס ראָד איז אויך עפּעס. דאָס אָנגעזאַממטע געלט נעמט מען צו פאַר דער קירכע. די אויסגעהאָדעוועטע שיינע און צנועהדיקע טאָכטער, די, מיט די שוואַרצע אויגן און שעמעוודיקן בליק ווערט געשענדט. אַמאָל אין דער מאַמעס אויגן און אַמאָל ווען די מאַמע ליגט שוין אַ צעפּערטלטע אין אַ ווינקל. איז יענער אַן איידלמאַן, באַגנוגנט ער זיך בלויז מיט דעם בתולים-הייטל פון אַ יידישער טאָכטער. איז ער נישט קיין איידלמאַן, לאָזט ער שוין זיין בלאַנקנדיקן שטילעט ערגעץ צווישן אירע היפטן אָדער אין דער ברוסט. און דערפאַר איילן זיי זיך אַזוי און זענען פלינק, האָבן ווירטואָזן און גאונים, באַווייזן רייפקייט, חכמה און אַלטקייט, ווי סוכאָטעקינדער, וועלכע פילן די נאָענטקייט פון טויט.

קאַרל איז נעכטן אַריינגעקומען און געפרעגט, פאַרוואָס מען שרייט אים נאָך „העפּ העפּ, יודע!"

ביי זיינעם אַ באַקאַנטן דאָקטאָר הענגט אין קאַבינעט אַ טאָוול מיט עטלעכע שיין אויסגעצירקלטע אויפשריפטן:

„מיר קאָנען נישט סובל זיין קיין יידן!" (געטהע — ווילהעלם מייסטער")

„די יידן זענען אַ מלוכה אין אַ מלוכה" (פיכטע)

„נישט נאָר אין אַ געטא דאַרף מען די יידן פאַרשפּאַרן, און נישט נאָר בלויז די רויטע לאַטע דאַרף מען זיי צווינגען

ווידער צו טראָגן, נאָר מען דאַרף אויך מסרס זיין יעדן צווייטן זון, וואָס ווערט געבוירן ביי יידן, כּדי זיי זאָלן זיך נישט מערן אַזויפיל, ווי די ווערם (אַנאָנימער מחבּר)

„יעדער ייד מוז געצוווּנגען ווערן לטובת דער מלוכה חתונה צו מאַכן לפּחות איינע פון זיינע טעכטער פאַר אַ קריסט, און נעמען אַ קריסטלעכע פרוי פאַר איינעם פון זיינע זין. די קינדער פון אַזעלכע געמישטע חתונות מוז מען אָפּשמדן" (קעניגסבערגער ייד).

דער זייגער קלאַפּט אויס דריי.

פון דער פרויס בעט דערטראָגט זיך אַ קרעכץ.

— ער איז שוין לאַנג נישט געווען ביי זיין ברודער סאַמועל. אויף צו מאָרגנס, אַז עס וועט נאָר טונקל ווערן, וועט ער זיך אַביסל אַריינכאַפּן צום ברודער דעם ראַבינער.

---

ביי אַ גרויסן, קיילעכדיקן טיש, הינטער אַ שווערן, מאַסיוון בליץ-לאָמפּ, זענען געזעסן ביי אַ גלעזל וויין עטלעכע פון די חשובסטע באַלעבאַטים פון שטאָט און געפירט אַ היציקן שמועס.

ישראל יאַקאָבזאָן, דער גרינדער פון די רעפאָרמירטע שולן, האָט מיט עטלעכע טעג צוריק צוגעשיקט אַ שליח וועגן עפּעס אַ טעמפּל. אַלע זענען דערפרייט, נאָר בלויז דער ראַבינער סאַמועל מאַרקס ווערט זיך ענערגיש קעגן דעם:

— געמישטע חתונות זענען שוין ערלויבט דורכן געזעץ. מיר געדענקען נאָך אַלע גוט דעם ענטפער נאַפּאָלעאָנען פון יידישן פּאַרלאַמענט אין פּאַריז, וועגן געמישטע חתונות:

„לויט דער תּורה איז פאַרבאָטן זיך מתחתן צו זיין בלויז מיט די פעלקער כּנען, וואָס דאָס מיינט — געצנדינער. לויטן תּלמוד, קאָן מען מתּיר מאַכן געמישטע חתונות, נאָר די רבנים זענען קעגן אַזעלכע חתונות, ווייל עס איז אוממעגלעך דערביי אָפּצוהיטן אַלע מנהגים און דינים ביים מסדר-קידושין זיין. די רבנים ווילן נישט הייליקן אַזעלכע חתונות, פּונקט ווי די קאַטוילי-

שע גלחים וואָלטן דאָס אויך נישט געוואָלט. דאָס קען אָבער נישט שטערן אין דער צייט, ווען די רעגירונג וועט אַנערקענען די געזעצלעכקייט פון אַ חתונה אָן דער ברכה פון אַ רב, אָדער גלח. על כל פנים, אַנערקענען די רבנים, אַז אַ יידישע פרוי, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר אַ קריסט, אָדער אַ ייד, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסטן, הערן דאַדורך נישט אויף צו זיין יידן".

אַ סך געדענקען דאָס, און פיל יידישע יינגעלייט קומען שוין אָפטמאָל צום רב שטעלן אַ חופה מיט אַ קריסטלעכער פרוי.

איז ווי ווייט וועלן מיר נאָך דערגיין? ביז וווהין?

— ביז יענעם אָרט, פונוואַנען מען קאָן שוין ווייטער נישט גיין — האָט שטיל אָבער מיט אַ פעסטן און דעצידירנדן טאָן זיך אָנגערופן הערש מאַרקס, וועלכער איז שוין אַ לאַנגע צייט געזעסן אומבאַמערקט אין אַ ווינקל.

— עס זיצן דאָ נאָר אַזעלכע, וועלכע ווילן נישט און וועלן נישט דערגיין ביז דאָרט. דעריבער האָסטו ביים ראַביינער מאַרקס גאָרנישט וואָס צו טון. אויב ביים ברודער מאַרקס, וועסטו אַזוי גוט זיין, אַלס ברודער זיצן אין מיין פריוואַט-צימער. איך בעט דיך זייער איבער דערפאַר, איך בין נאָר מיט איין יאָר עלטער פאַר דיר — אָבער דו ביסט מער געבילדעט פאַר מיר. עס הענגט אויך דאָ דער פאָרטרעט פון אונזער זעליקן פאָטער, דעם טרייערער רב, פאַרשטייסט?

עטלעכע באַלעבאַטים האָבן אָבער נישט באַשטאַנען אויף אַזאַ טאָן. זיי האָבן דעם אַדוואָקאַט מאַרקס איבערגעבעטן און פאַרגעשלאָגן זיך דורכצושמועסן.

— אויב מיין ברודער וועט ערלויבן.

טרויעריק האָט סאַמועל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— פאַר וועלכן זאָלן מיר ליידן? פאַרוואָס? און פאַרוואָס זאָלן ליידן אונזערע קינדער? וואָס פאַר אַ אידעע האָבן מיר? אַלע רעליגיעס זענען, אין גרונט עטיש. האַלטן מיר זיך נישט עקשנותדיק ביים יידנטום בלויז דערפאַר, ווייל מען פייניקט און מען רודפט אונז? צי איז אַ אידעאַל צו זיין אַ קדוש? אויב איר

האָט שוין דערמאָנט דעם יידישן פּאַרלאַמענט אין פּאַריז, געדענקט איר זייער שריפט?

„די יידישע דעפּוטאַטן פון דער פראַנצויזישער אימפעריע און איטאַליענישער מלוכה דאַנקען די קריסטלעכע גלחים פאַר די שטענדיקע חסדים, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן דעם יידישן פאָלק אין די פריערדיקע יאָרהונדערטן אין פאַרשידענע מלוכות אין אייראָפּע; פילנדיק אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צו די פויפּסטן און גלחים, באַשלוסן די דעפּוטאַטן צו דאַנקען זיי פון טיפן האַרצן פאַר זייערע חסדים. די קאָפּיע פונם דאָזיקן פּראָטאָקאָל דאַרף איבערגעגעבן ווערן דעם מיניסטער פאַר אמונות.‟

דאָס זענען אוודאי פאַר די פויבסטן אינאָקענץ דעם דריטן, פּאול דעם פערטן און פּיוס דעם זעקסטן? דאָס איז פאַר זייער אוממענטשלעכע און גרויזאַמע באַהאַנדלונג די יידן!

מען דאַרף נאָך דאַנקען און קושן די בלוטיקע רוט! פאַר דעם קלענסטן חסד קניען, ווי הינט! פאַר דעם הינטישן ביסן, וואָס דער כיטרער און אַוואַנטוריסטישער נאַפּאָלעאָן האָט זיי צוגעוואָרפן, לעקן זיי די שטיוול! און ווי לאַנג האָט דאָס ביי אים אָנגעהאַלטן?

צי האָבן מיר, דעריבער, רעכט צו פירן אונזערע קינדער אויף דעם מזבח?

— וועסטו זיי דערפאַר פירן צום קרייץ! — האָט מיט אַ געדעמפטער שטימע אַרויסגעדישעט סאַמועל.

— איך ווייס אָבער, אַז די דאַנקען און אונטערניקייטן פון די יידן צו זייערע לאַנדהערן, זענען פאַלשע. דערפאַר איז דאָס נאָך מיאוסער.

— מיאוס — מען זעט עס אַזוי, ווען מען קוקט פון אַ זייט, ווי אַ הער אויף שקלאַפן.

— די שקלאַפן קאָנען אָבער הערן ווערן!

— יאָ, אָבער זייענדיק דערוויילן שקלאַפן! אַן אָדלער שלעפּט זיך אַמאָל לאַנג אויף דער ערד, ער קאָן אָבער ראַשיק אַ פלי טון און זיך דערהויבן ביז צום הימל — אַ טשערעפּאַכע קאָן דאָס קיינמאָל נישט.

— יידישע מעגאַלאָמאַניע און אַראָגאַנץ.

— פריער האָסטו זיי געהאַלטן פאַר שפּלדיקע און איצט פאַר אַראָגאַנטע? דער אַדוואָקאַט האָט פאַרביסן מיט די ציין און שטיל, מיט יאוש געענטפערט:

— ביסט קלוגער פאַר מיר און געשיקטער אין וויכוח.

— אַזוי ענטפערט אַ קלוגער, ווען ער האָט שוין נישט וואָס צו ענטפערן.

דאָס פייער אין לאָמפּ האָט זיך איינגעשרומפּן די ליכט איז געפאַלן נאָר איבערן קיילעכיקן טיש. דאָס צימער איז פול געווען מיט טויבע עכאָס, וועלכע האָבן זיך ווי פאַרצווייפלטע אָנגעקלאַפּט אין די גרויסע שענק און נישט געקאָנט רויק אויס-גיין. אַדוואָקאַט הערש מאַרקס איז געזעסן אין זיין ווינקל מיט אַ שוועראַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

שטיל, אויף די שפּיץ פינגער זענען אַלע צוביסלעכווייז אַרויסגעגאַנגען. סאַמועל איז אַריין אין זיין צימער דער לעצטער און שטיל און צובראָכן אַליין צו זיך געזאָגט:

— ער זיצט שוין אַליין. ער איצט שוין פאָראויס אָפּ אַ טייל פון דער שבעה.

*

אויף דער שיינער, פאַרפוצטער רוימער-גאַס, נישט ווייט פון אַדוואָקאַטס הויז, וווינט דער, זייער אין שטאָט געאַכטעטער, געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַליען.

פאַר זיין טיר, אויף דער שוועל זיצן די שיינע, בלאָנדע, צען-יעריקע זשעני, דער שוואַרצער און ענערגישער זעקס-יע-ריטער קאַרל און זיין עלטערע שוועסטער זאָפיע.

זשעני און זאָפיע זענען געזעסן אַרומגענומען, צוגעטוליעט, די קעפּלעך צוגעלענט איינס צום צווייטן און פאַרגאַפט זיך צוגעהערט צום רעדן פון קליינעם קאַרל. ער האָט אַ שוואַרצן,

געדיכט-געקרייזלטן קאָפּ האָר און טונקעלע, פלאַמיקע אייגלעך. ביים רעדן באַוועגט ער מיטן רעכטן הענטל, כאַטש געגוג פּאַמעלעך, ווי דאָס טוט אַן עלטערער דאָקטאָר ביי אַ קראַנקן. די מיידלעך הערן זיך צו צו אים, ווי צו אַ דערוואַקסענעם, ווי צו אַ לערער.

דער קליינער קאַרל האָט זיך אונטערגענומען איבערחזרן גאַנצע שטיקער פערזן, וואָס ער האָט אַמאָל געהערט ציטירן זשענניס פאָטער. ער האָט זיך אַפילו דעמאָלט איבערגעפרעגט דעם הער געהיימראַט, ווער ס׳האָט פאַרפאַסט דידאַזיקע פּאָעזיע און דער הער לודוויק פאָן וועסטפאַליען האָט אים געענטפערט: האָמער.

און קאַרל רעציטירט:

„מוזע! באַזינג דעם מאַן, וואָס האָט טראָיאַ, די הייליקע שטאָט צעשטערט.

אַזויפיל געבלאָנדזשעט, געוואַנדערט, מיט פיל זיך געווערט.
אַזויפיל שטעט און לענדער, ימים, יבשות דערקענט,
געליטן, געקעמפט, אָבער שטענדיק אויף פאָראויס געווענדט!
געשטעלט זיך פאַר פריינט און חברים, פאַר מענטשן אַ סך
און ווייטער געבליבן, ווי פריער — אויף דער וואַך!

עס איז דורכגעגאַנגען זשענניס אַ שול-חבר און זעענדיק די גרופּע האָט ער חוזקדיק צוגעוואָרפן זשעננין:

— געדענק, דו זיצסט שוין צופיל מיט דעם נעגערל, וועסט נאָך אינגיכן אויך שוואַרץ ווערן.

קאַרל האָט זיך אויפגעהויבן, געוואָלט זיך כאַפּן יענעם שלאָגן, נאָר די צוויי קליינע פריילינס האָבן אים אָפגעהאַלטן.

— ער איז אַן אָקס, דער ווילי. און צו זשעננין האָט ער שטיל געזאָגט — סיי-ווי האָט מיר מיין פּאַפּאַ געזאָגט, אַז איך וועל שוין די טעג אויס נעגער ווערן.

ווילי, דער אויסוואורף, האָט אָבער דאָס דערהערט און צולאַכנדיק זיך אויף אַ קול אויסגערופן: „יאָ, יאָ, מען וועט דיר אוודאי דיינע האָר אין אַ גרויסן טאָפּ מילך איינטונקען.“

ביים אָפענעם פענסטער, אין אַ ווינקל, איז געשטאַנען

דער געהיימראַט, דאָס אַלץ צוגעזען און צוגעהערט און האַר־
ציק געשמייכלט

* * *

אין דער אַלטער סאַן־מאַרטין קירכע, נעבן דער געביידע, ווו מיט 20 יאָר צוריק האָט זיך געפונען דער טריערער אוני־ווערזיטעט, האָט זיך שטיל אַרומגעדרייט דער יינגער פּאַסטאָר און זיין שטאַרקע צופרידנקייט האָט ער געלאָזט אויפלעזן אין אַ לייטזעליקן שמייכל. „אונזער כּוח וועט געשטאַרקט ווערן דורך די יידן, די רוימישע קאַטאָליקן וועלן קריצן מיט די ציין. און אַ בראַוואָ איז ער אויך, דער אַדוואָקאַט הערש מאַרקס, אַ שיי־נע מטבע געגעבן".

צוויי מאַנסלייט פון דער פאַמיליע מאַרקס, דער 42־יערי־קער הערש און דער 6־יעריקער קאַרל, זענען געווען היפּש צע־טומלט און אויפגערעגט. זיי זענען בלייך און מיט פאַרשפּיצטע נעזן. די פרוי מאַרקס איז געזעסן אינגאַנצן אַ פאַרשטיינערטע, אָן איבערגעשראָקענע און ווי צוגעשמידט צום באַנק. פריי האָבן זיך געהאַלטן נאָר די מיידלעך. זיי האָבן געצויגן קאַרלען פאַרן אַרבל, אַז ער זאָל גיין באַקוקן מיט זיי די בילדער אויף די ווענט.

ווען קאַרל האָט געקוקט אויף זיין מוטער, האָט ער זיך געפילט נאָך מער שלעכט. ער האָט טאַקע זיך געוואָלט אויפהויבן פון אָרט און גיין באַקוקן די בילדער. ער האָט געבעטן ביים פאָטער דערלויבניש און איז אפער מיט די שוועסטערלעך פון אונטער די בענק.

די בילדער:

„אַ מאַן, מיט אַ שטאַרק אויסגעבלייכט פּנים, מיט אַ קליין, עטוואָס טונקל בערדל, מיט מילד־פאַרחלומטע אויגן, שפּאַצירט

אויף אַ הויכן באַרג צווישן אַ גרויסער סטאַדע בלאַנק-ווייסע שעפּסעלעך.

אויף אַ צווייט בילד, זעט ער שוין דעם זעלבן אַן איינגעבויגענעם, אַ פאַרמאַטערטן און מיט אָנשטרענגונג שלעפּט ער אַ ריזיקן קרייץ. עס גייען אים נאָך עטלעכע מענער, אויך באָרוועסע ווי ער, אין ווייסע כאַלאַטן און אינגאַנצן פון אַ זייט גייט נאָך אַ נידעריקער, דיקער מיליטער-מאַן, מיט אַ זילבערנער קרוין אויפן קאָפּ און מיט אַ לאַנגע רוט אין האַנט.

אויף אַ דריט בילד:

דער זעלבער איז צוגעפּעסטיקט צו דעם קרייץ, וואָס ער האָט געטראָגן, די הענט פאַנאַנדערגעשפּרייט און דורכגעקלאַפּט מיט טשוועקעס. אויך די פיס זענען צוגעקלאַפּט מיט טשוועקעס און אויפן האַרץ אַ גרויסע, אָפענע ווונד. פון אומעטום טריפט געדיכט, שאַרלאַך-רויט בלוט.

אויף אַ פערט בילד, געפינט זיך שוין דער זעלבער ערגעץ גאָר הויך, צווישן זייער לייכטע וואָלקנס און אויך אַליין זעט ער אויס אַזוי אויסגעלייטערט און ענלעך צו אַ וואָלקן.

אָנקוקנדיק דאָס פערטע בילד האָבן די שוועסטערלעך שוין לייכט אָפּגעזיפצט. קאַרל איז רויִק געשטאַנען אויף זיין אָרט.

— טייערע קינדערלעך, איר האָט דאָ געזען בילדער פון דער הייליקער געשיכטע פון אונזער הער יעזוס. איר האָט זיך גוט אין זיי איינגעקוקט, קינדערלעך? עס וועט אייך זיכער לאַנג בלייבן אין זכרון און אייך פירן אין אייער נייעם לעבן.

— איצט, קינדערלעך, קומט צו צום אַלטאַר. מיר האָבן געוואַרט אויפן אָרגאַניסט און ער איז שוין געקומען.

ער האָט צוגעלייגט זיין ווייס-גלאַטיקע האַנט צו די קינדערס מיילעכלעך. זאָפיע האָט קושנדיק אַ הויכן סמאָטשקע געטון.

זיי זענען אַרויף אויף דער אַמבאָנע.

ער האָט זיי לויט די יאָרן אויסגעשטעלט אין אַ רייע און דערלאַנגט יעדן אַ קליינעם, אייזערנעם קרייץ צום קושן. נאָכהער האָט ער אַ קליין בעזימל איינגעטונקען אין אַ מעשענער כלי מיט וואַסער און צו דריי מאָל אויף יעדן אַ שפּריץ געטון:

„אין נאָמען פון פאָטער, זון און הייליקן גייסט, טובל איך אייך מיט דעם הייליקן וואַסער און ברענג אייך אויף דער שויס פונם קריסטלעכן גלויבן און עוואַנגעלישער קירכע. אמען, אמען!״

ביידע מאַנסלייט האָבן צוגעקריגן דעם נאָמען הייבריך.

דער אָרגל האָט אויפגעשפּילט אַ פראַגמענט פון באַכס מעסע H—Mol און אַ סך בראָנזענע פיגורלעך פון אַלע זייטן אויפן סופיט, מיט טרומייטן, טאַצן און פייקלעך האָבן אָנגעהויבן באַוועגן מיט זייערע אינסטרומענטן. זיי האָבן צובאַגלייט דעם אָרגל.

שוין ביים אַרויסגיין, האָבן זיי געהערט, ווי מען האָט געלאָזט אין גאַנג דעם גרויסן קירכן-גלאָק.

---

אהיימגעגאַנגען זענען אַלע אין שווייגעניש.

אין מיטן וועג האָט זיך קאַרל אָנגערופן:

— פּאַפּאַ, איצט, אַז ס׳וועט ווער פון אונז שטאַרבן, וועט מען אים שוין נישט פירן אויף יענעם בית-עולם הינטער דער שטאָט, נאָר אויף דעם, נעבן שעכט-הויז, יאָ?

— שווייגן! מען דאַרף רעדן און געדענקען נאָר וועגן לעבן.

ביי דער מוטער האָבן זיך געפייכט די אויגן.

# וועקט זיך די באַבע?

„דער מאָרגנשטערן פון דער נייער וועלט האָט זיך שוין באַוויזן. ער באַדעקט שוין מיט גאָלד די שפּיצן פון די בערג און זאָגט־אָן דעם טאָג, וואָס דאַרף קומען" — האָט אין 1808 שוין געזאָגט פּיכטע.

צום וויפלטן מאָל זאָגט מען עס שוין? און אין וועלכן יאָרהונדערט, אָדער אפילו יאָרצענדליק האָט מען עס שוין נישט געזאָגט? און וועלכע איז דאָס די נייע וועלט? און דער נייער טאָג?

שוין 27 יאָר פאָריבער, זינט פּיכטע האָט אָנגעזאָגט דעם נייעם מאָרגנשטערן.

דער דיליזשאַנס האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אַ שטיין און זיך אַ טרייסל געטון.

דער 17־יעריקער קאַרל היינריך מאַרקס, וועלכער פאָרט איצט פון טריער קיין באָן שטודירן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין טראַכטן.

— העי קוטשער — האָט זיך איינער אָנגערופן — באַגיי זיך מיט אונז אַ ביסל אָנשטענדיקער, אַז נישט, וועסטו אונז נישט האָבן פאַר קיין פּאַסאַזשירן. די וואָך לויפט שוין איבער אַ טייל פרייסן אַ דאַמף־מאַשין, אַן אייזנבאַן, וועלן מיר פאָרן מיט דער מאַשין.

— יאָ — רופט זיך אָן יענעמס אַ שכן, אַן אייגנטימער פון אַ פלייש־קעלער — דאָ טרייסלט איר זיך אַ ביסל, אָבער דאָרט, מיט אייער ריר, וועט שוין נישט זיין מיט וואָס צו טרייס־

לען, מען ווערט צעמאָלן אויף פּיצלעך. איז ווי איינער האָט לי־
בער, איך באַשטיי זיך צו טרייסלען. ס'איז שוין איינמאָל אַ
פאַרגעניגן — רייטן אויפן רוקן פון אַ טייוול, וואָס בלאָזט
מיט פאַרע.

איינער לייענט פון צייטונג אַ באַשרייבונג, ווי אַזוי ס'זעט
אויס די באַן:

„ברייטע, אָפענע בריטשקעס, נאָך יעדער בריטשקע אַ נאָך
ברייטערער, פּירקאַנטיקער וואָגן (דאָס איז אויף סחורה־לאָדונג)
פון פאָרנט אַזאַ מאָדנע פלאַטשיקע מאַשין, אַ לאָקאָמאָטיוו הייסט
עס, מיט גאָר אַ הויכן קוימען — דאָס איז דער פייפער.
אויף דעם ערשטן קורס זענען געפאָרן פיל יינגע פרויען, אָבער
זייערע מוטערס, וועלכע זענען געשטאַנען ביים אָפּפאָרן האָבן
שטאַרק געוויינט. מען האָט זיך לאַנג געזעגנט. ווען די מאַשין
איז שוין געווען העט־ווייט אַוועק, אין מיטן וועג, האָבן פיל
דאָרפס־מענטשן, וועלכע האָבן דאָס דערזעען, זיך געוואָרפן אויף
דער ערד און זיך איבערגעצלמט. פערד האָבן זיך צעבריקעוועט
און זיך געלאָזט אין אַ ווילדן געיעג. אָבער אַלץ איז אַדורך
בשלום. די באַן איז דורכגעפאָרן 14 קילאָמעטער אין אַ שעה.
פיל פרויען האָבן פונדעסטוועגן ספּאַזמירט פאַר שרעק און איי־
נער, אַ יינגער געלערטער, האָט געוויינט פאַר פרייד”.

— אַ שותּף צום טייוול אָט דער געלערטער — האָט זיך
אָנגערופן דער דיקער אייגנטימער פון פלייש־קעלער.

— איר וואָלט זיכער נישט געמעגט פאָרן מיט דער מאַ־
שין. אַזאַ דיקער, כ'ווייס, ס'וואָלט זיך גלייך איבערגעדרייט.

— און איר שטאָלצירט דערמיט, וואָס איר זענט אַ דאַ־
רער שטשור. די פּראַנצויזן עסן שטשורעס, וואָלטן זיי אייך אויך
זיכער אויפגעגעסן.

די פאַסאַזשירן האָבן געקייכט פון געלעכטער.

מיט קאַרלען איז אויך מיטגעפאָרן זיין חבר עדגאַר, אַ
ברודער פון קאַרלס פאַרערטער און הייס־געליבטער זשעני פאָן
וועסטפאַליען.

ס'איז געווען באַרג־אַרויף. דער דיליזשאַנס האָט זיך קוים

געשלעפט. קאַרל האָט פאָרגעשלאָגן עדגאַרן אָראָפּצוגיין אַ ביסל פון וואָגן און זיך איבערגיין.

— ווייסט, עדגאַר, איך האָב איצט געטראַכט פון פּיכטעס פּראָזע פון 1808, אַז דער מאָרגנשטערן פון דער נייער וועלט באַדעקט שוין מיט גאָלד די שפּיצן פון די בערג און זאָגט אָן דעם נייעם טאָג, וואָס דאַרף קומען.

— איז וואָס?

— דאַכט זיך, אַז דאָס וועט זיין די אייזנבאַן, וואָס מען האָט ערשט גערעדט וועגן איר.

— עס וועט ווידער צונעמען די פּרנסה פון די אָרימע פאָלקס-מענטשן. מען וועט אפשר אָנהויבן, פּונקט ווי אין ענג־לאַנד, צעשטערן די מאַשינען. האָסט געהערט, ווער ס׳פירט לעצטנס אָן מיט דער באַוועגונג פון מאַשינען-צעשטערער אין ענגלאַנד? אַ גלח. אַ גלח מיטן נאָמען סטיפענס. ער האָט גע־וואָרפן צו די אַרבעטער אַ לאָזונג: „אַ לאַנגע תּפילה און אַ לאַנגע שפּיז. אַ לאַנגע תּפילה פאַר גאָט און אַ לאַנגע שפּיז פאַר די רייכע און „אַריסטאָקראַטן”.

— שוטים. זיי זענען בלינד. מען צעברעכט נישט די שווערד, נאָר דעם, וואָס האַלט די שווערד.

— איך האָב ליב, קאַרל, פּראָטעסט און בונט, באַוועגונג, מיר ווערן דאָך דאָ פאַרשלאָפן. די פּראַנצויזן, זעסטו — וואָס זיי פאַרענדיקן שוין, הויבן מיר ערשט אָן אין אַ צייט אַרום. זיי האָבן הייס בלוט. ביי אונז זענען אַלע פיש. דיר איז גוט, ביסט שוואַרץ, ברענסט, דו ביסט נישט קיין דייטש.

— איך בין יאָ אַ דייטש. אַ פאָלק מוז דען באַשטיין בלויז פון איין האָר-קאָלירקע?

— ביסט געראָטן אין דיין פאָטער, קאַרל. אַ גרויסער פּאַט־ריאָט. קום נאָר אין באָן, פאָרט אַ גרעסערע שטאָט, דאָרט וועל איך דיך באַקענען מיט מיינע חברים, וועסטו אַנדערש ווערן. דו ביסט געבוירן אויף עפּעס גרייסערס צו באַשאַפן. דו ביסט נישט בלויז דייטש. געדענק, קאַרל, דו זאָלסט נאָר נישט דאָרט אַנטרונען פון מיר.

— כ׳וועל נישט אַנטרונען פון דיר. איך בין מיט דיר צו־
פיל געבונדן.

— אַז דו וועסט מיך זען, וועסטו זיך אגב דערמאָנען
אין מיין זשעננין, ליבער קאַרל.

---

די באָנער אוניווערזיטעט איז אַ בארימטע. אין 1818 האָט זי פייערלעך צוריק געעפנט פרידריך ווילהעלם דער 3-טער, נאָכ־דעם ווי זי איז יאָרן געווען פאַרמאַכט צוליב דער פראַנצויזי־שער אָקופּאַציע.

אין דער אוניווערזיטעט האָט אין 1819 געלערנט היינריך היינע. עס לייענען דאָ זייערע פאָרטראַגן באַרימטע פּראָפעסאָרן. מיט עטלעכע יאָר צוריק, כמעט ביז הארט פאַר זיין טויט, האָט דאָ אויך געלייענט פרידריך שלעגעל.

עס איז געווען די צייט פון קאַנט, פיכטע, העגעל, שלע־געל, שאָפּנהויער, געטהע, שילער, היינע און בעטהאָווען.

עס איז פריידיק אינם קעניגרייך פונם גייסט.

שילערס „אָדע צו דער פרייד", צעזינגען אין דער 9-טער סימפאָניע פון בעטהאָווען, שוועבט נאָך און פלאַטערט אין דער לופט.

און דאָך איז פויל אַרום. באַגרענעצטקייט. פיליסטעריש־קייט. די פּראָפעסאָרן רימען זיך: אונזער הויך־שול איז נישט די בערלינער. ביי אונז ווערט אַלץ דערצויגן אין זיטלעכן גייסט."

זיטלעכקייט. ווען מען איז אַלט 17 יאָר? ווען מען גייט אין לעבן מיט פעסטע, פרייע טריט? ווען דער קאָפּ איז אָנ־געשטעלט שטענדיק ווי אויף צו שטויסן, שאָקלען מיט אים שנעל אויף ניין און גלייך גרייט אָפּצושטויסן? ווען יעדעס בלעטל פון אַ בוך ווערט אויפן מאַרגינעז געדיכט באַשריבן מיט אויספירלעכע, קריטישע באַמערקונגען?

פיל בעסער ווי אין אוניווערזיטעט, האָט זיך קאַרל גע־פילט ביי זיך אין צימערל, ביי אַ לעמפל, ווען דער טיש איז אָנגעלייגט פול מיט ביכער. טייל פּראָפעסאָרן, די, וועלכע פאַר־

טרעטן נאָר נישט עפּעס אַן אייגענע ריכטונג אָדער שולע, האָבן עפּעס אַ ספּעציעלן טאַלענט, אַרויסצוציען פון די ווערק יעדן זאַפט. אונטער זייער רעדן דאַרט און וועלקט יעדעס וואָרט און געדאַנק.

אין קאַרלס אַ העפט האָט אַ פּראָפעסאָר געפונען אַ שטעלע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין לעצטן קלאַס אין גימנאַזיע, אויף דער טעמע: „וואָס פאַרא פּראָפעסיע און שטעלע וואָלט זיך אייך געוואָלט פאַרנעמען אין דער געזעלשאַפט?“

די שטעלע האָט געלויטעט:

„נישט אַלעמאָל קאָנען מיר פאַרנעמען די שטעלע און פּראָפעסיע, וועלכע דאַכט זיך אונז אויס, אַז זי איז פאַר אונז די פּאַסיקסטע, ווייל אונזערע באַציונגען מיט דער געזעלשאַפט הויבן זיך אָן שוין פיל פריער, איידער מיר זענען נאָך אימשטאַנד זיי צו באַווירקן“.

דער פּראָפעסאָר, שטייענדיק דאַן נעבן קאַרלען, האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ, פאַרקנייטשט דעם שטערן, פאַרזשמורעט די אויגן, זיי צוגעבויגן נאָענט צו קאַרלס פּנים, פאַרבליפנד פרעגנדיק אים אָנגעקוקט און צעצויגן אַ זאָג געטון:

— אַ—זוי?...

קאַרל איז געשטאַנען גלייך, מיט אַן אָפן מויל, בליצנדיקע אויגן, דעם קאָפּ אַ ביסל אויסגעבויגן, ווי אויף אַ שטורם צו טון און אויך צעצויגן געענטפערט:

— י—אָ!

דער פּראָפעסאָר האָט זיך אַ ביסל צוריקגעצויגן און שוין אַוועקגייענדיק זיך אַ פרעג געטון:

— זאָגט מיר נאָר גענוי, ווי אַזוי איז אייער נאָמען?

— קאַרל הײנריך מאַרקס.

# עטלעכע בלעטלעך

— העי, שוואַרצער ציצעראָ, גייסטו מיט אונז אַ ביסל אַ הוליע טון?

— יאָ, גערן. טריער איז אַ פאַרשלאָפענע שטאָט. עס איז גוט דאָרט נאָר צו שפּאַצירן און צו טרוימען. דאָרט זענען דאָ זיינע שוועסטערן, זיין מוטער און פאָטער, דאָרט איז דאָ זשעני — אָבער שרייבן צו איר טאָר ער נישט.

אין דער אוניווערזיטעט-שטאָט אָבער איז לעבעדיק. זיצן אין וויין-קעלער, טרינקען איין גלעזל וויין נאָכן צווייטן, נאָכ-רויכערן אַ ליולקע, הערן די סטודענטן רעדן וועגן מיידלעך, הערן זיי דעקלאַמירן ליבע-לידער, נאָכהער זיך שיפן אַ ביסל אי-בערן טייך, פריילעך זינגען, דערציילן זיך וויצן, הילכיק לאַכן — ס׳איז גאַנץ אָנגענעם, ס׳איז גוט אַזוי.

נאָר אַהיימקומענדיק שפּעט ביינאַכט, ווען זיינע חברים אין די שכנותדיקע צימערן שנאָרכן שוין, זעצט זיך קאַרל אַוועק לייענען, חלומט אַ ביסל וועגן זשעניען און שרייבט אָן אַ ליד.

דיין אונטערטינקען און אונטערזינקען,
איז אומענדלעך אויפגיין,
דיין אומענדלעך אויפגיין,
איז געטלעכער ליבע-קוש,
פון ציטערנדיקע ליפּן,
פון עטער געדרויטלט,
פלאַמענדיק,
אייביק!״

ליבע איז אַ באַשטימטער באַגריף? דאַכט זיך, אַז נישט, דאַכט זיך, אַז זיכער נישט. זי עקזיסטירט פֿאַר יעדן נאָר אויף אַזויפֿיל, אויף וויפֿל יענער אַליין איז זי בכּוח צו דערפֿילן, אַליין איבערלעבן. מסתּמא איז מיט אַלץ אַזוי. אויף וויפֿל פֿילט רודאָלף, ווען ער דערציילט בראַוווריש, ווי אַזוי ער האָט זיך געליבט אין אַ מיידל, זי געצערטלט און געקושט און דערביי געגעצט ער שלעפֿעריק? און ער לייענט אויך שילערן און היינען. און ער זאָגט אויך, אַז זיי זענען פּרעכטיקע דיכטער.

זשעני. אַזויפֿיל יינגעלייט פֿאָרען זיך אַרום איר, אַלץ היפּשרייכע און אַדעליקע. אויך זיין פֿאָטער קוקט אויף אים מיט אַ קרום אויג, דערפֿאַר וואָס ער האָט געוואַגט זיך צו פֿאַרליבן אין אַ טאָכטער פֿון אַ ליודוויק פֿאָן וועסטפֿאַליען. וועט עס נישט ברענגען פֿיל אומאָנגענעמלעכקייטן? — פֿלעגט דער פֿאָטער אָפּט שעפּטשען צו זיין מוטער. די מוטער האָט גאָרנישט געענטפֿערט און ער האָט געהאָפֿט, אַז ווען ער וועט אַוועקפֿאָרן, וועט זיך שוין ממילא אַלץ אויפֿלעזן.

בסך־הכּל פֿאַרברענגט דאָ קאַרל נישט אַזוי אָפֿט און נאָר פֿון צייט־צו־צייט, ווען ער לאָזט זיך נאָר אַ קליין ביסל ווילגיין. און דערביי זייער באַשיידן — נאָר דאָס געלט קומט פֿאָרט מאָדנע שנעל אַוועק. אין די לעצטע בריוו צום פֿאָטער האָט ער געגעבן אַ ביסל אָנצוהערן וועגן דעם, האָט ער געקריגן צוגעשיקט עטוואָס געלט, מיט אַ צושריפֿט: „דיין דראָבנע און נישט דייטלעכע שריפֿט פֿאַרמאַטערט מיך. אויך פֿאַרמאַטערן מיך דיינע רעכענונגען. אוי, דיינע רעכענונגען אַלאַ קאַרל! און אַלץ אָן אַ צוזאַמענהאַנג און אָן רעזולטאַט!“

---

עדגאַר וועסטפֿאַליען (ער האָט שוין לעצטנס נישט דערלויבט צו דערמאָנען דעם „פֿאָן“) האָט געהאַט זייער ווייניק צייט אויסער דעם לערנען, ווייל ער האָט זיך שטאַרק געפֿאָרעט אין די געהיימע ראַדיקאַלע קרייזלעך. צו קאַרלען איז ער זעלטן געקומען, נאָר ווען ער איז נאָר געקומען האָט ער ביי אים איבערגעלאָזט עפּעס אַ דרוק־זאַך, אַן אויסשניט פֿון אַן אויסלענ-

דישער צייטונג, אָדער אַ געהיים־געדרוקטן אויפרוף און פלעגט אים דערבײַ שטענדיק זאָגן:

— מיט דיר וויל איך קיין וואָרט נישט רעדן וועגן דעם, נישט רעדן און נישט צורעדן דיך. איך ווייס, אַז עס וועט קו־מען די צייט און דו וועסט נאָך שנעלער ווי איך מיין קומען צו דער באַפרייונגס־באַוועגונג. און וועסטו קומען, וועסטו שוין פירן מיט מיר, וועל איך שוין דאַן גאָרנישט זיין קעגן דיר, ווייל אויף דיר, קאַרל, לייג איך אַ סך האָפנונגען.

אויך היינט איז ער געקומען.

— גרוסן דיר פון זשענעוו. זי האָט נישט געשריבן פאַר דיר קיין גרוסן, דאָס שעמט זי זיך נאָך, נאָר איך פיל דאָס גוט אַרויס. זי שיקט דיר זיכער גרוסן און איך וועל איר אויך איבערשיקן שטאַרקע גרוסן אין דיין נאָמען. זיי מיר געזונט און אויף ווידערזען!

ווי ער איז נאָר אַוועק האָט קאַרל גלייך באַמערקט ווי אין אַ ווינקל אויפן טיש ליגן עטלעכע, מיט שיינעם כּתב אָנגעשרי־בענע בלעטלעך.

## אָקאָנערס רעדע אויף אַ מיטינג אין לאָנדאָן

„מען זאָגט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס באַשטייט פון שמוציקע לומפּן און אַז צווישן זיי קאָן מען נישט געפונען קיין 650 מענטשן, וועלכע זאָלן ווערט זיין צו זיצן אין פּאַרלאַמענט. צי איז דאָס אַזוי? אָבער מען קאָן זיך לייכט אַן עצה געבן אין אָט דער צרה. מען וועט אָננעמען די דאָזיקע צאָל פון די, וואָס זענען אָנוועזנד אויפן מיטינג און מ׳וועט מיט זיי פריער אַוועקגיין אין האַרעסעס זייף־פאַבריק, דערנאָך וועט מען גיין מיט זיי צום שניידער, פון דאָרט צום שערער און פּאַרפומירער, ווו מען וועט זיי באַשפריצן מיט מאָדערנעם געשטאַנק און זיכער וועלן זיי זיין די בעסטע פון די 650, וואָס זענען ווען־נישט־איז געזעסן אין דער פּאַרלאַמענט־געביידע. איך ראַט נישט

אָנוועגדן קיין אויפשטאַנד, קיין בירגער-קריג, דאָך אָבער מוז איך זאָגן, און זאָל דאָס הערן דער גאַנצער פּאַרלאַמענט, אַז אויב מען וועט דאָס פאָלק אונטערדריקן, אויב מען וועט עובר זיין אויף דער קאָנסטיטוציע, אויב דאָס פאָלק וועט לעבן אין שטענדיקער דחקות, דעמאָלט — אויב קיין אַנדערער וועט נישט וואַגן, וועל איך אַליין פירן דאָס פאָלק אָדער צום טויט — אָדער צום רום!!"

דאָס צווייטע בלעטל:

## אַ רעדע פון גלח סטיפענס אויף אַן אַרבעטער-מיטינג אין לאָנדאָן

„איידער איר וועט ענדגילטיק באַרויבט ווערן, נעמט זיך פאַרן געווער! יעדער מענטש דאַרף — דאָס איז זיין ערשטער חוב — זיך איינשאַפן אַ גוטע ביקס. איך האָב אַ ביקס און אַ פּיסטאָליעט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס איך בין אַ גלח. אויב איר האָט נישט אויף קיין ביקס, פאַרזעצט עפּעס. אויב איר האָט נישט וואָס צו פאַרזעצן, באַוואָפנט זיך מיט אַ גוטן שפּיז!

אויב אָט די אַלע, וואָס שאַפן דאָט גאַנצע רייכטום האָבן נישט קיין רעכט אויף גאָטס וואָרט — אויפצוקלויבן די פּרוכט פון דער ערד, וועלכע זיי האָבן — לויט גאָטס ווערטער — אויסגעאַרבעט מיטן שווייס פון פּנים, דעמאָלט וועלן מיר אַריינטרעטן אין קאַמף אויף מעסערס מיט די שונאים, וועלכע זענען גאָטס שונאים! אויב אַ ביקס און פּיסטאָליעט, אויב אַ שווערד און אַ שפּיז וועלן זיין ווינציק, טאָ זאָלן זיך די פרויען נעמען צו זייערע שערן און די קינדער צו שפּילקעס. אויב אַלץ וועט זיך אויסשעפּן, נעמט דעמאָלט אַ ברענענדיקע האָלעוועשקע — אַ ברענענדיקע האָלעוועשקע! יאָ, איך חזר איבער, אַ ברענענדיקע האָלעוועשקע און צינדט אונטער די פּאַלאַצן!!!"

און נאָך אַ קליין בלעטל אויפגעשריבן מיט גרויסע, רויטע אותיות:

## פיליפ בואָנאַראָטי, געשריבן די ווערטער נאָך אין יאָר 1796

„אפשר מוז מען ביים אָנהויב פון אַ פּאָליטישער רעוואָליוציע, דווקא מחמת אַכטונג צו אַכטונג, צו אמתער דעמאָקראַטיע, ווייניקער אַכט לייגן אויפן וואָל-צעטל, ווי דערויף, אַז די העכסטע מאַכט זאָל זיך געפינען אין קלוגע און שטאַרקע רעוואָליוציאָנערע הענט???!!"

קאַרל איז צוגעגאַנגען צום שענקל און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ העפט, אין וועלכן ער האָט מיט אַ צייט צוריק זיך פאַרצייכנט עטלעכע געדאַנקען, וואָס פוריע האָט געשריבן אין יאָר 1808:

„עס זענען פאַראַן דריי פונקטן, אָדער צוציונגס-צילן, צו וועלכע עס שטרעבן די מענטשלעכע ליידנשאַפטן: 1) זינלעכע (5 חושים); 2) גייסטיק-ליידנשאַפטלעכע (פריינטשאַפט, פאַרערונג, ליבע, פאַמיליען-געפיל); 3) פיינע ליידנשאַפטן (ווען-אייפער, באַדערפניש אין אָפּפרישונג — אָדער ליבע צו נייעסן און אינערלעכער קאָנצענטרירטקייט).

די ערשטע גרופּע באַשטייט אַלזאָ פון פינף אינסטינקטן; די צווייטע פון פיר; די דריטע פון דריי — צוזאַמען צוועלף. דאָס זענען ווי צוועלף נאָדלען, וואָס טרייבן די נשמה צו דריי-פונקטן אָדער צוציונגס-צילן. די וויכטיקסטע גרופּע איז די דריטע, ווייל זי שטרעבט צו אַלגעמיינער און סאָציאַלער איינהייט. אָבער נאָר דאַן, ווען די אינסטינקטן אַנטפּלעקן זיך נישט אינדיווידועל, נאָר אין גרופּן-אָרגאַניזאַציעס, אין געמיינשאַפטן, און געפינען דאָרט געזונט פרייהייט פאַר זייער אַנטוויקלונג.

פון דער מישונג פון די צוועלף אינסטינקטן קומען

אַרויס די פאַרשידנסטע כאַראַקטערן, אַזוי, אַז אין אַ קיבוץ פון 800 מענטשן קאָן מען געפינען די קערנדלעך פון יעטוועדער מעגלעכער פאַרפּולקאָמונג. און אויב מען זאָל די מענטשן ריכטיק דערציען, קאָן מען צווישן זיי אַנט-וויקלען די גרעסטע טאַלענטן: מענטשן ווי האָמער ניוטאָן און ענלעכע.

אַז מען זאָל, צום ביישפּיל, טיילן די פראַנצויזישע באַפעלקערונג, וועלכע ציילט 36 מיליאָן נפשות אויף 800, וועט מען געפינען, אַז צווישן איר זענען פאַראַן 45 טויזנט יחידים, וועלכע זענען פעיק צו ווערן אַ האָמער, אַ דע-מאָסטענעס, אַ מאָליער און דעסגלייכן. אָבער נאָר אונ-טער דעם תּנאַי, אַז די דאָזיקע אינסטינקטן און טאַלאַנטן זאָלן אויפגעצויגן ווערן אין אַ געמיינשאַפטלעכער לעבנס-אָרדנונג.

פרייע ליבע, דערציִונג פון קינדער אויפן חשבון פון כּלל, זיבן מאָלצייטן אַ טאָג, אָפּערע און דראַמע, פריי-לעכקייט און לעבנס-לוסט — אַלץ וועט מעגלעך ווערן אין אַזאַ אַסאָציאַציע פון 1800 מענטשן (2 מאָל צו 800 און נאָך 200 אַלס צולאָג, כּדי צו באַקומען די בעסטע כאַראַק-טער-מישונג), אַזוי, אַז מענטשן וועלן ווערן טיכטיקער און זיי וועלן דערגרייכן אַ דורכשניטלעכן לעבנס-עלטער פון 144 יאָר און אַ גרויס פון קערפּער ביז 7 פוס".

ער האָט אַרויסגעריסן די פּאָר בלעטלעך פון העפט, זיי צוגעלייגט צו די פריערדיקע בלעטלעך, זיי אויסגעשפּרייט אויפן טיש, עטלעכע מאָל איבערגרופּירט דעם סדר פון ליגן, געקוקט, זיך פאַרטראַכט, געשמייכלט, ווידער ערנסט געוואָרן און צום סוף שטיל צו זיך אַ זאָג געטון:

— נו, נו.

פאַר עדגאַרס אַריינקומען האָט זיך קאַרל געגרייט אָנצו-שרייבן אַ ליד. ס'האָט זיך אים באַשאַפן גייענדיק אויפן וועג אַהיים און ער האָט עס אַליין פאַר זיך דעקלאַמירט, באַגלייטנדיק

עס מיט ריטמישע טריט. דאָס העפט פון לידער איז שוין גע־
לעגן אָפן, איבערגעמישט אויף אַ קלאָר, ווייס זייטל, נאָר איצט
זענען יענע ווערער פאַרשווונדן און אַנדערע ווערטער האָבן
אים גענומען שפּרינגען פאַר די אויגן. ער האָט אַרייַנגעשריבן:

„איך שווער פון גאַנצן האַרצן,
ביי דער וועלט, וואָס איז שיין און גרוי,
מיט נקמה אייך פאַרשוואַרצן
און שלאָגן אייך — אָט אַזוי!"

ער האָט דערביי עטוואָס אַ בייל געטון די פויסט, גע־
וואָלט ווייטער שרייבן, נאָר אין מיטן אַ כאַפּ געטון דאָס העפט
און אַ שליידער געטון אויף דער ערד:

— צום טייוול!

## ציגזאַג־שטורם

עדוואַרד גאַנס פאַרנעמט אַ קאַטעדרע אין דער בערלינער אוניווערזיטעט. זיין פּראָפעסור־שטעלע איז אים אָנגעקומען גע־נוג שווער.

אין 1819 האָט עדוואַרד גאַנס, צוזאַמען מיט לעאָפּאָלד צונץ און מאָזעס מאָזער געגרינדעט דעם „פאַריין פאַר קולטור און וויסנשאַפט ביי יידן". דער הויפּט־באַדינג פאַר די מיטגלידער פון דעם פאַריין איז — נישט פאַרלאָזן דאָס יידנטום. גאַנס איז פאָרזיצער פון דעם פאַריין.

ער ציט אויך אַריין היינריך היינען אַלס מיטגליד פון דעם פאַריין און צוזאַמען האַלטן זיי דאָרט פאָרטראַגן איבער געשיכטע, רעליגיע און פילאָזאָפיע.

אין 1824 האָט גאַנס זיך געשמדט און גלייך נאָכדעם האָט דער פאַריין זיך פאַרמאַכט. היינע האָט אים נאָכגערופן: „אַזוי טוט נישט קיין פירער! אַ קאַפּיטאַן פאַרלאָזט דער לעצטער די שיף! נעכטן איז ער נאָך געווען אַ העלד און היינט שוין אַ ליידאַק!"

אָבער אויך נאָך דעם אַלעם איז אים געגנוג שווער אָנגע־קומען די קאַטעדרע אין בערלין. ער איז דאָ לעקטאָר איבער קרימינאַל־רעכט און פּרייסישער געזעצגעבונג.

ער איינער נאָר וואַגט דאָ צו זיין קריטיש איבער דער ענגקייט און טעמפּקייט פון די פירער אין דער וויסנשאַפט. טייל

סטודענטן קאָנען זיך אָפּטמאָל נישט באַהערשן פון איבעראַשונג און גיבן אַ רוף אויס אינמיטן דער לעקציע: „האָ, אַזוי גאָר?!“
נאָר איינער פון די שילער, וואָס הערט זיך גראָד אַמ־מייַנסטן אויפמערקזאַם צו צו זיינע פּאָרטראַגן, זיצט שטענדיק מיט אַ זייער רעזערווירטער מינע. גאַנס האָט זיך גענומען מיט אים פּאַראינטערעסירן. יענער האָט אים געבראַנגט אַן אַרבעט וועגן יוריספּרודענץ, ווי ער טרייסלט דאָרט אום זייער לייכט און זיכער אַלע קאָריפעען אויף דעם געביט. פון דעמאָלט אָן זענען כמעט אַלע זיינע פּאָרטראַגן געווען געווענדעט צו דעם ווינקל, ווו עס זיצט דער 19־יעריקער שילער מאַרקס. איינמאָל האָט ער אַ זאָג געגעבן צו די שילער:
— אויב איר וווּנדערט זיך אויף מיינע רעפאָרמיסטישע געדאַנקען, אַז זיי זענען צו־ראַדיקאַלע, געפינט זיך צווישן אייך איינער, וואָס וויל אַלע געזעצן גענצלעך איבערקערן — איך בין שוין פאַר אים אַ קאָנסערוואַטיסט. און אויב מען האָט אַזעל־כע נאָכפאָלגער, איז שוין זיכער, אַז אַזוי ווי ביז איצט וועט עס נישט בלייבן.
ווען דער פּראָפעסאָר האָט נאָך דער לעקציע געשמועסט מיט זיין באַליבטן שילער, מער ווי געשמועסט, געשטרייט מיט אים, האָט דער בלאָנדער סטודענט פריץ, דער מיטן פּאַריסענעם נעזל און דין־געשנורעוועטע ליפּן הויך אַ זאָג געטון צו זיינע חברים:
— וואָס מיינט דעמאָקריט דערמיט, וואָס ער זאָגט, אַז קיין שום זאַך געשעט נישט צופעליק?"
און צובויגנדיק זיך צו זיי האָט ער אַ זאָג געטון:
— דאָס וואָס גאַנס און מאַרקס האָבן ביידע זיך געשמדט אין יאָר 1824.
און ווידער הויך:
— איז איינער פון זיי אַ רעפאָרמאַטאָר און דער צווייטער אַן אַבסאָלוטער צעשטערער.
אַ שטאַרק און הילכיק געלעכטער.

* *
*

די דריי העפטן לידער, איינס א. נ. „דאָס בוך פון לידער" און צוויי א. נ. „דאָס בוך פון ליבע", האָט ער איינגעפּאַקט, צוגעשריבן: „געווידמעט מיין געטרייער און אייביק-געליבטער זשעני פאָן וועסטפאַליען" און זיי אַוועקגעשיקט אַהיים. צו זיין פאָטער האָט ער צוגעשריבן:

„מיינע לידער זענען צעצויגענע און גיבן זייער נישט געלונגען איבער די געפילן. עס פעלט זיי נאַטירלעכקייט, אַלץ איז ווי גענומען פון דער לבנה, בולטע סתירות צו אַלעם, וואָס איז ווירקלעך, רעטאָרישע ווענדונגען אָנשטאָט פּאָעטישע געדאַנקען. בלויז אַ געוויס וואַרעם געפיל און דאָס רייסן זיך מיט שווונג קאָנען אַ ביסל פאַרענטפערן מיינע לידער-זינד. נאָר בסך-הכל צוויי לידער זענען געוואָרן פאַרעפנטלעכט".

עפּעס אַן אומרויִקייט אין אַלע גלידער. ער גייט נישט אין ערגעץ און פאַרברענגט נישט מיט קיינעם. נאָר פון דער אוניווערזיטעט אין שטוב אַריין און צוריק. אָפטמאָל פאַרברענגט ער ביים שרייב-טישל ביזן גרויען פרימאָרגן אַריין. די שטוב איז פול מיט קאָפּיטש פון נאַפּט-לעמפּל און פון טאַבאַק-רויך. ער שיידט זיך נישט מיט זיין קליינער ליולקע. דער קאָפּיטש און רויך דראַפּען אין די אויגן און אין האַלז און ער פאַרגייט זיך אין לאַנגע, אַסטמאַטישע הוסטן. איבערגעזעצט „גערמאַניאַ" פון טאַציט, אַ ווערק פון אָווידיוס, סקיצירט אַ נייעם סיסטעם אין דער מעטאַפיזיק, לערנט זיך ענגליש און איטאַליעניש און לייענט אַלע נייעסטע ליטעראַרישע שאַפונגען.

אויף זונטיק האָט אים זיין באַלעבאָס איינגעלאַדן מיטצוגיין אויף יאַגד. קאַרל האָט זיך דערמיט זייער דערפרייט. נאָך אַ גאַנצן טאָג זיין אין פעלד און וואַלד, איז ער צוריקגעקומען אַ שטאַרק-אָפּגעפרישטער. די טראָפּעען זענען באַשטאַנען פון אַ האָז און אַ וויעוויאָרקע. דער באַלעבאָס האָט זיך געוויצלט: „אַ פעדער און אַ בוך פּאַסן אייך פּאָרט בעסער, ווי אַ ביקס און יאַגד-הויזן". קאַרל האָט זיך לאַנג דעריבער געשפּאַרט. און ווען ס'איז אים פּאָרט נישט געלונגען יענעם איבערצושפּאַרן, האָט ער באַקומען אַ מינע פון אַ טיף-באַליידיקטן.

ער האָט זיך מיט נאָך מער אימפעט גענומען צו זיינע אַרבעטן.

אין דעם קליינעם שטיבל, ביי דעם קליינעם טישל, איז געווען אַריינגעצויגן אַ וועלט: אַלע שטימונגען, אַלע געשעע־נישן האָבן געמוזט דאָ קומען צום טישל אָפּגעבן אַ חשבון, זיך שטעלן פאַר אַ משפּט.

דער יינגער סטודענט איז זייער אויסגעמאַטערט, די אויגן טיף פאַרוקט און אונטערגעצייכנט שאָטנדיק, די מויל־ווינקלען שניידיק־שאַרף, די נאָז אויפגעבלאָזן, די שוואַרצע האָר זענען האַרט און געדיכט און פאַריסן אויפגעשטעלט. דאָס גאַנצע פּנים איז בלייך און עטוואָס שווייסיק — עס פעלט אים, זעט מען, לופט און אָפּרו. באַקאַנטע שטעלן אים אָפּ און וווּנדערן זיך אויף זיין אויסזען.

ער וואָלט אַהיימגעפאָרן. און האָט ער נאָר אַ טראַכט געטון וועגן דעם, האָט אים דער געדאַנק שוין מער נישט פאַרלאָזט. ער האָט זיך געוווּנדערט, ווי אַזוי ער האָט עס שוין ביז איצט נישט געטראַכט. ווילט זיך דאָך אים אַזוי שטאַרק זעען זשעננין, ווערט דאָך אָפּטמאָל פּלוצים זיין אַרבעט איבערגעריסן און ס׳באַווייזט זיך דאָס בילד פון דער שיינער און איידעלער זשעננין.

ער שרייבט צום פאָטער. ער גיט אים אָפּ אַ באַריכט וועגן זיין לערנען אין בערלין און בעט אים גלייכצייטיק אַן ערלויבניש אויף אַהיימצופאָרן און נישט וואַרטן ביז צום אָפּגעּרעדטן טערמין — ביז צו די פּאַסכאַ יום־טובים. ער וואָלט וועלן — שרייבט ער — רעדן מיטן פאָטער וועגן זיינע גרויסע אינערלעכע פּייניקונגען און ספקות, נאָר אין דער ליבער סביבה פון זיינע עלטערן, וואָלט ער פּעזיק געווען צו באַהערשן די שרעקנדיקע געשפּענסטער.

מיט ציטערדיקער שפּאַנונג דערוואַרט דער פאָטער יעדן בריוו פון זון. און יעדער בריוו — האָט ער מורא — וועט אים מיטטיילן עפּעס איבעראַשנדעס. ער ווייסט נישט — גוט, צי שלעכטס — יעדנפאַלס עפּעס איבעראַשנדעס. ער שרעקט זיך פאַר

דער שטאַרקייט פונם זונס כאַראַקטער. געקריגן איצט דעם בריוו מיט דער בקשה וועגן אַהיימקומען. ניין — ער איז קראַנק און געבראָכן, אָבער ער וועט דעם זון נישט נאָכגעבן. ער זעט אים ווי אַ צעבושעוועטן טייך, אָן איין זיכער רויק אָרט, וווּ מען זאָל קאָנען אַן אַנקער פאַרוואַרפן. ער נעמט זיך צום שרייבן. אָבער גלייך ווערט אים אַזוי ווייך-בענקנדיק אויפן האַרץ און עס גנבעט זיך אַרויס אַ טרער פון די אויגן. ער כאַפּט די קרעפטיקונגס-פּילן. ער ווערט צוריק אַ ביסל געשטאַרקט און הויבט אָן שרייבן:

„ווי אַזוי, קאַרל, האָסטו דערפילט אַלע דיינע גרויסע פליכטן? דערבאַרעם זיך, גאָט! אומאָרדנונג, אַ מאַניאַקיש זיך וואַרפן פון איין געביט אויפן צווייטן. אַ מאַניאַקיש גריבלען זיך ביים ליכט פון מסתמא, אַ קליין לעמפּל. אָנשטאָט זיך אַ צע-ווילדעווע טון ביי אַ גלאָז ביר, ווילדעוועט ער מיט צעשוי-בערטע האָר אין אַ שלאָפראָק פון אַ געלערנטן. מיך עקלט די דאָזיקע צעריסנקייט. און פון דיר האָב איך עס צום ווינציקסטן דערוואַרט. וועלכע סיבות קאָנען דאָס באַרעכטיקן? צי האָט דיך נישט פון דעד וויג-אָן אַלץ באַגעגנט שמייכלענדיק? צי ביסטו נישט מיט אַלעם שענסטן באַשאָנקען פון דער נאַטור? האָבן דיך נישט דיינע עלטערן אַרומגעהילט מיט פאַרשווענדערישער ליבע? האָט דען דיר אַמאָל עפּעס געפעלט אויף צו באַפרידיקן דיינע ווונטשן? האָסטו דען נישט אויף אַן אומפאַרשטענדלעכן אופן געווונען דאָס האַרץ פון א מיידל, מיט וועלכער טויזנטער זע-נען דיך מקנא? און דאָך רופט אין דיר אַרויס די ערשטע אומ-צופרידנקייט, דער ערשטער נישט-איינגעגעבענער ווונטש—צע-ריסנקייט. איז דאָס שטאַרקייט? איז דאָס פעסטער כאַראַקטער?

אַן אָפּשרעקנדיקע נישט-חברישקייט צוזאַמען מיט אַן אָפּ-זאָגן זיך פון יעדער נאָרמאַלער אָנשטענדיקייט. די קונסט פון פאַרקערן מיט דער וועלט איז ביי דיר באַגרענעצט ביז אַ ברוי-דיק צימער, ווי ביי אַ קלאַסישער אומאָרדנונג ליגן אַוודאַי אויף אַ שמוציקן טישל די בריוו פון דער ליבער זשעני און די, מיט דורכגעזאַפּטע טרערן, בריוו פונם פאָטער. און דו באַ-

נוצסט זיי זיכער אויף אָנצוצינדן דערמיט דיין ליולקע — וואָס איז נאָך אַלץ בעסער, ווי זיי זאָלן, חלילה, צוליב דעראומאָרד־נונג, אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט.

דער הער זון האָט אויך דורך איין יאָר אויסגענוצט אַזוי־פיל געלט, ווי מיר דאָ וואָלטן געשווימען אין גאָלד. ער האָט אויסגעגעבן 700 טאָלער, ווען די רייכסטע זין גיבן נישט אויס אַפילו קיין 500 טאָלער. איך ווייס, אַז קאַרל איז נישט קיין הוליאַק, קיין אויסברענגער און פאַרשווענדער, נאָר ווי אַזוי קאָן אַנדערש אַ מענטש, וואָס יעדע אַכט אָדער פערצן טעג געפינט ער אויס אַ נייעם סיסטעם און וואַרפט שוין אום דאָס אַלטע? ווי אַזוי קאָן אַזאַ מענטש זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע קלייני־קייטן ווי — געלט? ווייזט אויס, אַז דער ערשטער־בעסטער האַלט די האַנט אין זיין טאַש.

יאָ, וואָס שייך דיין בקשה וועגן קומען צו פאָרן, איז דאָס אמתער אומזין. איך ווייס אמת, אַז דו מאַכסט זיך נישט קיין סך פון די אוניווערזיטעט־לעקציעס (כאָטש דו צאָלסט איין די פולע סומע), נאָר דאָך וויל איך, אַז דו זאָלסט נאָך דאָרט בלייבן אַ צייט. דו ווייסט, דאַכט זיך, אַז איך בין נישט קיין שקלאַף פון דער עפנטלעכער מיינונג, אָבער איך האָב אויך נישט ליב, אַז מען פאַרשפרייט צוליב דיר רכילות אויף מיין קאָנטאָ. דו קאָנסט קומען נאָר אויף פאַסכאַ. נאָר אויב דו ווילסט שטאַרק, קום מיט אַ צען טעג פריער, ווייל עס גייט מיר נישט אין פעדאַנטיזם".

ער האָט ביים שרייבן צו עטלעכע מאָל געכאַפּט די פילן און גאַנץ אָפט האָט אַ טרער אַראָפּגעטריפט אויפן פּאַפּיר. ער האָט נאָכאַמאָל אַדורכגעקוקט דעם בריוו, אַ רגע זיך פאַרקלערט און גלייך אַ געשריי געטון:

— גלייך אָוועקלייגן דעם בריוו!

---

עדגאַר איז ווידער דאָ. ער וויל אַהיימפאָרן קיין טריער. צי גרייט זיך שוין קאַרל אויך אין וועג אַריין?

— ניין, איך האָב אַ בריוו פון מיין פאָטער. ער קאָן מיר דערלויבן צו קומען העכסטנס צען טעג פאַר פּאַסכאַ.

— אינטערעסאַנט, כ׳וואָלט וועלן זען ווי אַזוי עס שרייבט דיין אַלטער.

— מיין פאָטער איז אויף דעם פונקט אַ ביסל עמפּינד-לעך, ער האָט נישט ליב, אַז ס׳זאָל ווער לייענען זיינע בריוו. איך בעט דיך זייער איבער.

— נו, איך בעט דיך איבער. אַלנפאַלס ביסטו כמעט ווי אַ געהאָרכזאַמער זון. „איך טו אַלץ לויט מיין פּאַפּאַס ווילן" דאַרף מען אויך וועגן דיר זאָגן. נו, דערלויבט ער דיר דאָך צו פאָרן, וועל איך וואַרטן די פאָר וואָכן און מיר וועלן פאָרן צוזאַמען.

— ניין, נישט נאָר צען טעג פאַר יום-טוב, נאָר איך וועל אינגאַנצן נישט פאָרן.

— ביסט היפּש פאַרביסן. דאַנקען גאָט, וואָס זשענני שרייבט דיר שוין בריוו. נו, אויב נישט פאָרן, וויל איך, אַז דו זאָלסט כאָטש מיט מיר איצט גיין ערגעץ, אויף אַ מוזיק-אָוונט, בעטהאָווענס „9-טע סימפאָניע". אַגב, די חברים זאָגן וועגן דיר, אַז דו האָסט ליב פאָרשן, לייענען וועגן מוזיק, נאָר מוזיק אַליין איז דיר פרעמד.

— ווי אַזוי? איך האָב דאָך אַמאָל געשריבן לידער.

— זענען זיי טאַקע אָן אַ ברעקל מוזיק. ביסט אַריינגע-פאַלן, קאַרל.

— אמת, נו, איך האָב אָבער ליב דאָס רוישן פון טייך, דאָס שטילע מורמלען פון די כוואַליעס אין אַ דופּטיקער לבנה-נאַכט.

— האָסט זיי, מסתמא, ליב אַלס סימבאָלן. איך האָב דיך שוין דערקענט. ביי דיר איז דאָך קיין שום זאַך נישט קיין זאַך פאַר-זיך, נאָר איז מיט עפּעס געבונדן.

— ע, אַלץ וואָס איז מענטשלעך איז מיר נישט פרעמד.

— בראַוואָ, בין איך צופרידן, האָב איך אין דיר אַ טעות געהאַט. אַלזאָ, נאַדיר אַ בילעט אויפן קאָנצערט. הערסט, מיר גיט בעטהאָווען אַריין אַזויפיל קראַפט! ער וואָלט זיכער געווען היינט אַן אונזעריקער!

---

אויפן זאַל זעט מען כמעט בלויז יוגנט. די מענער אין די ווייסע פּאַרוקן און די עלטערע פרויען, די, וועלכע נע־מען מיט אין זייערע לאָזשעס צו עטלעכע הויז־דאַמען אַלס באַ־גלייטערינס, די הויכע רעגירונגס־ און מוניציפּאַליטעט־לייט, זיי געפינען זיך נישט דאָ. די מוזיקאַלישע דאָנערשטיקס אין דער היימישער סביבה, אין די אייגענע סאַלאָנען ווערן שוין זעלטע־נער, מען דאַרף שוין אויך אַמאָל גיין אויף אַ קאָנצערט אין שטאָטישן זאַל אַריין, נאָר בעטהאָווענען איז נאָך שווער צו הערן. די גרויסע צאָל טאַצן און פּויקן פאַרשרייען די פידלען און די פלייטן און ס׳ווערט דאַן ענלעך צו אַ קאַפּעליע־שפּיל פון פייערלעשער. אַלס דיריגענט, אָדער קלאַוויר־שפּילער, ווען ער איז נאָך געווען יינג דער בעטהאָווען, האָט זיך אים גע־לוינט צו הערן, אַפילו שטאַרק געלוינט, אָבער אַזוי?...

איז דער עולם באַשטאַנען כמעט בלויז פון סטודענטי־שער יוגנט און אויך אַ ביסל עלטערע מענטשן — די, וואָס האַלטן שטענדיק — ביי וואָס עס זאָל נאָר נישט זיין — מיט דער יוגנט.

דער אָרקעסטער איז גרייט.

אַ טויזנט־אָטעמדיקע שטילקייט. אַלע שוין באַפרייט פון אַלעם־דרויסנדיקן — אַלע איבערגעגעבן דער געשפּאַנטקייט, וואָס באַהויכט שווער די עסטראַדע.

ס׳הויבט אָן.

אַלע אינסטרומענטן רייסן־אויף מיטאַמאָל אַ בעטנדיקע, אָבער שאַרפע פראַגע. זי חזרט זיך איבער עטלעכע מאָל, ביי יעדן מאָל ווערט זי דרייסטער און שטאַרקער, זי שניידט זיך

אַריין, ווערט פּאָדערנדיק, באַלד צוריק שטילער, כּדי אין אַ ווײַלע אַרום זיך נאָך מער צו שטאַרקן. ווייטיקלעכער אויסגעשריי. טראַגישער רוף.

צווייטער טייל — די פּאַרביטערונג דורכגעזאַפּט מיט דעמאָנישקייט.

דריטער טייל — גײַסטיקע רויִקייט, שלווה, השתפּכות־הנפש, ווייטיקפולע האַרמאָניע, פּלוצלינג — הילפלאָזער אויסגעשריי און נאָכדעם גלייך — פרייידיקע ווענדונג. אויפן וועג צום זיג. אָבער ווידער דערהערט זיך די פראַגע פון סאַמע אָנהויב. זי חזרט זיך איבער עקשנותדיק, רייפער און קרעפטיקער ווי אין אָנהויב, דראָונג, איינמאָל און נאָכאַמאָל, און ווידער צוריק דער הילפלאָזער, פאַרצווייפלטער אויסרוף; כאַאָס, ווירוואַר, צעטרייסלונג, אומקום און שטיל — געלייטערטע שטילקייט.

סודותדיק ברענגען צו טראָגן די קאָנטראַבאַסן און וויאָלענטשעלן אַ שטילן, מעלאָדישן אָנזאָג פון פרייידיקער דערוואַכונג, פון טיפער, שטילער פרייד.

הייסער אָטעם פון טויזנטער צוהערער, פייכטע, צעוואַרעמטע, פאַרנעפּלטע בליקן פון טויזנטער אויגן, זיי וועבן זיך אַריין אין די קלאַנגען, די מוזיק פילט דאָס, זי האָט ליב מענטשלעכע וואַרעמקייט, זי האָט ליב פילן דעם אָטעם פון אירע צוהערער.

ווידער פאַרצווייפלטער ווייטיק־רוף, אָבער שוין געדעמפּט דורך אַ ליידנשאַפטלעכן טאָן, ער הילט אים איין און ס׳דערהערט זיך אַ מענטשלעכע שטים, באַריטאָן:

„אָ, פריינט! גענוג מיט די טענער!
לאָזט אונז, לאָזט אונז, שוין אַנדערע הערן,
פרייידפולערע! עס מוז אַנדערש ווערן!"

עס שאַלט אויף שילערס „אָדע צו דער פרייד". — — — —

טייל עולם איילט זיך נישט אַהיימצוגיין און מען פאַר־
ברענגט נאָך אַ ביסל אין פאָיע. מען שמועסט וועגן מוזיק.
צו עדגאַרן און קאַרלען זענען צוגעקומען עטלעכע באַ־
קאַנטע.

— צי פילט איר נישט אין דער „ניינטער” דעם אָנזאָג פון
נייע, גרויסע, פריידיק־העראָישע צייטן, ווו ס'וועט הערשן האַר־
מאָניע און פריידיקער עקסטאַז? וויפל בונטאַרישקייט, געוואַגט־
קייט, האַ, קאַרל?

— דאַכט זיך, אַז פאַרקערט, זי ווירקט גאָר נירוואַניש.

— פראָפאַנען, מען דאַרף דאָך אייך פאַרשטיינען! — האָט
זיך אָנגערופן איינער פון די צוגעקומענע, אַ יינגערמאַן אין די
עטלעכע דרייסיקער, מיט אַ רעזערווירט־איראָנישן בליק. — פראָ־
פאַנען! — האָט ער זיך געהיצט און זיך געכאַפּט צו זיין קליין
שוואַרץ בערדל — וועגן מוזיק רעדט איר? וועגן מוזיק באַנוצט
איר ווערטער? דאָס איז דאָך דאָס העכסטע, דאָס אור־אור־
וואָרט, דאָס איז דאָך דאָס וואָרט פונם איין־שעהדיקן קינד,
פונם אַלטיטשקן גוסס, פון דעם הונט און פונם ווינט, פון ראָד
און פונם שרייפּל, דאָס קול פון דער נשמה, דאָס קול פונם
געדאַנק, פונם דונער און פון קרעכץ, דאָס קול פון כדור־האָרץ!

— אָבער עס באַנעמט עס נאָר דער מענטש. און דער
מענטש מוז דאָך רעדן, אַז נישט וואָלט ער באַדאַרפט אויפסניי
נעמען אַ פידל און אָפּשפּילן זיינע איבערלעבענישן פון דער
מוזיק.

— דאָס ערשטע מאָל זע איך אייך אַזוי זיך היצן — האָט
זיך אָנגערופן עדגאַר — דאָס איז דאָך גאָר מיין טבע. זגב, יאָ,
פאַרגעסן דיר, קאַרל, פאָרשטעלן דעם חבר: דאָס איז קאַספּאַר
שמידט, אָריגינעלער פילאָזאָף, זיין פּסעוודאָנים איז מאַקס
שטירנער, גרייט זיך איצט איבערראַשן די וועלט מיט אַ היפּש
ווערק.

— איז אייער נאָמען מאַרקס? איז אַדאָלף בערנהאַרד
מאַרקס, דער מוזיק־קריטיקער, אייער משפּחה?

— איך ווייס עס קוים.

— ער קאָן גוט ענטפערן, דער אַדאָלף, איך זע שוין, אַז די מאַרקס׳ האָבן צונגען. אייער ענטפער מיטן פידל איז שאַרפ־זיניק, יאָ, זיי קאָנען ענטפערן, די מאַרקס׳. ווען עטלעכע מו־זיק־קריטיקער האָבן זיך געשפּאַרט איבער אַ פראַגמענט אין מאָ־צאַרטס אַ מעססע, צי זי איז טאַקע מאָצאַרטס, צי נישט און באין־אופן נישט געקאָנט קומען צו קיין אויסגלייך, האָט דאַן דער אַדאָלף מאַרקס צו זיי געזאָגט:

— וואָס שפּאַרט איר זיך, אויב דאָס האָט נישט געשאַפן מאָצאַרט, האָט דאָס אַלנפאַלס געשאַפן אַ מאָצאַרט.

---

דער פּאָטער איז בייז אויף קאַרלען פאַר זיין נישט קו־מען אויף יום־טוב. ער ליגט צו־בעט און ליידט אויף אַ שווערער לעבער־קרענק. שרייבט ער צום זון:

„איך בין מיד און מאַט. אין דער קונסט פון אַבסטראַקטן דענקען וועל איך זיך שוין זיכער מיט דיר נישט מעסטן. איך בין שוין צו אַלט, אַז פאַרן שוין נאָענטן אַריינטרעטן אין יענע היכלות... זאָל איך נעמען שטודירן און באַרייכערן מיין טער־מינאָלאָגיע. אָבער וואָס שייך דיינע שעלמישע טאָלער, וואָס זייער ווערט אַלס צוקונפטיקער פּאָטער וואָלסטו שוין באַדאַרפט געגוג רעכט אָפּשאַצן, וואָלט איך נאָך יאָ געוואָלט רעדן — נאָר איך וויל נישט. איך בין איבערהויפּט שוין געגוג פאַרמאַטערט. איך וויל איבערהויפּט שוין לייגן דאָס געווער אין קאַמף מיט דיר. דיין פּאָטער“.

קאַרל איז שטאַרק גערירט געוואָרן פון דעם בריוו. ער האָט געקלערט נאָך צו וואַרטן אַ קורצע צייט און דאַן אַהיימ־פאָרן. נאָר איין וואָך האָט געדויערט, ווי ס׳איז אָנגעקומען צו קאַרלען אַ שליח פון טריער מיט דער ידיעה, אַז זיין פּאָטער איז טויט.

* *
*

איבערן גאַנצן וועג אַהיים זעט ער:

דאָס פעלד איז פאַרטרוקנט און פאַרקוואַרט, דער הימל איז מאַט און דריקט מיט בלייערנער שווערקייט. עס שלעפן זיך פויל און ווי נישט-דעצידירט אָנגעכמורעטע וואָלקנס, בוימער וויגן זיך לייכט, מיט די קעפ געבויגן צו דער ערד. כוואַליעס אויפן טייך באַוועגן זיך קוים, ווי זיי וואָלטן אָפגערוט, פאַר-טראַכט זיך, צי ס'לוינט ווייטער צו פליסן. נאָר פלוצלינג גיבן זיי זיך אַ רעשיקן שאָר. קראָען פליען איילִיק, אומרויק, שטעלן זיך, געפינען זיך אָבער נישט קיין אָרט און פליען מיט קראַ-קעניש ווייטער — און דורך דעם אַלעם, ווי דורך אַ זילבער-העלן, זיידענעם וואָלקן — די שלאַנקע, מיט אַ לויטער אויסגע-איידלט פנים, מוטערלעכן, כאָטש מיושבן בליק — זשעני. אַ ווייטיקלעכער שמייכל שפּילט אויף אירע ציטערדיקע ליפּן — זשעני. אַן אויסגעליטענע בענקשאַפט, אַן אויסגעלייטערטע בענק-שאַפט וואַרעמט די לופט אַרום איר — זשעני, מיין זשעני.

זי פאַרשווינדט אָבער גלייך. דער העל-זילבער וואָלקן איז צעשוווּמען — צוריק אַן אויסגעדאַרט פעלד. אויף פאַרטריקנט-געפלאַצטע ברילעס ערד שטייט אַ הילצערן בעט, די ברוינע פאַרב אָפּגעבליאַקעוועט און עטוואָס אָפּגעקראַצט און דאָרט, אויפן בעט — זיין טאַטע. אַ פאַרגעלט פּנים, אַן אָפן מויל, שי-טערע, געל-פאַרטריקנטע ציין, אַ ביסל שוים, די אויגן עטוואָס אָפן, גלאָזיקע — דער טאַטע.

ער איז אַלט 56 יאָר. ער, קאַרל—20. עס גיט זיך אַ רוק אויף נאָך קנאַפּע צוויי מאָל אַזויפיל און עס ענדיקט זיך. איך וועל קיינמאָל נישט שטאַרבן — האָט געזאָגט עפּיקור — מיט דער מינוט ווען עס ענדיקט זיך דאָס לעבן, געהער איך שוין נישט צום מין מענטש, געהער איך שוין נישט צו קיין שום לעבן. צי האָט דער טאַטע זיינער, וואָס האָט אים אַמאָל דעם געדאַנק

ציטירט, געדענקט אין דעם אין די לעצטע מינוטן פארן טויט? וואָס האָט ער געפילט דעמאָלט? מיין טאַטע — וואָט איז שוין אויס — אַ ליידיקייט אויף זיין אָרט. זשעני ליידט אַוודאי אויך שטאַרק. איז זי געווען דאָרט אין שטוב? האָט זי געזען דעם פאָטער אַ גוססדיקן? האָט ער זי נישט גערופן צו זיך, כדי צו זען דאָס לעצטע מאָל די פרוי, וואָס דאַרף ווערן אַ גליד פון זיין משפחה? זי, וואָס דאַרף ברענגען קינדער ענלעכע צו אים, אַ טייל פון זיין „איך", אַ טייל פון זיין וועזן, אַ ניי דור, וואָס אַנטשטייט אַ דאַנק אים.

— זי וויינט זיך אַוודאַי אויס די אויגן פון צער צוליב מיין פאָטערס טויט און אויך, מסתמא, צוליב מיין צער.

„דער מאָרגנשטערן פון דער נייער וועלט גייט אויף און באַדעקט די בערג-שפיצן מיט גאָלד" — דער מאָרגנשטערן גייט אויף און די מענטשן שטאַרבן. — — —

2

„דעם וואָס האָט נישט קיין לאָך אין ראָק, דאַרף מען אויף אַ לאַמטערן אויפהענגען!"

דאָס קליינבירגערטום אין בערלין, באַלוינט זיך פאַר איר פּחדנותדיק אונטערטעניקייט אונטער יעדער הויפּישער קאָטש מיט אַ ביסל רכילותלעך און פּליאָטקעלעך. די אָרימערע דערציילן זיך דאָס ביסל לשון-הרע וועגן די הויפּלייט אין די קאַפע-הייזער און די רייכערע — אין די ספּעציעל-באַשטימטע דערצו סאַלאָנען.

די בלום פון בערלין, דאָס צעבאַליעוועטע מוזיניקל, וועמען עס איז אַלץ דערלויבט, איז דער „יינג-העגעליאַנער-קלוב". יעדער אויפּטו אָדער חכמה ווערט גלייך צעטראָגן איבער די סאַלאָנען. עס געהערט צום באָן-טאָן.

„דעם וואָס האָט נישט קיין לאָך אין ראָק, דאַרף מען אויף לאַמטערן אויפהענגען!" דער דיכטער פון „דאַנטאָנס טויט" האָט געמוזט צוליב זיין גרינדן די „מענטשן-רעכט-געזעלשאַפט" אַנטלויפן אין דער שווייץ. געשטאָרבן צו 24 יאָר. אַן איידעלער און סימפּאַטישער דיכטער, און די פראַזע וועגן די מענטשן אָן אַ לאָך אין ראָק, קלינגט אָפּ אויף דער גאַס זייער שיין.

נאָך לאַנגע און מאַטערנדע דיסקוסיעס אַ גאַנצן אָוונט, נאָך די וויכּוחים וועגן רעכט און מאַכט, גאָט און קייזער, וויסנשאַפט און פרייהייט, נאָך היפּשן זידלען די אַלט-העגעליאַנער, אויפוויייזנדיק, אַז העגעל איז דווקא געווען אַן אַטעאיסט — דערמיט קאָן זיך נאָך נישט פאַרענדיקן קיין אָוונט פון יינגע דיכטער און דאָקטוירים. עס איז נאָך געבליבן גענוג פייער און כּוח, דאַרף מען דעריבער אַרויס אויף דער גאַס. מען אָרדנט איין אַ „בעטלער-מאַרש". אין אָפּגעטראָגענע מלבּושים,

אַפילו עטוואָס ספּעציעל אָפּגעריסענע, לאָזט מען זיך שפּעט ביינאַכט צו די עק-שטאָטישע קנייפּעס און הויך רופט מען אי-בער די גאַסן:

— „דער וואָס האָט נישט קיין לאָך אין ראָק, דעם דאַרף מען אויף לאַמטערן אויפהענגען!!"

מען טרינקט זיך דערנאָך פעסט אָן, מען צערייסט זיך נאָך אַ ביסל די מלבושים און מען גייט צו „פריילעכע מייד-לעך", מען מאַכט דאָרט אַ ביסל אַוואַנטורעס און צעזונגענע (מערסטנס פרעכע לידלעך) צעגייט מען זיך מידע אַהיים.

* *
*

אויף שטירנערס חתונה האָט דער ערנסטער, הויך-גע-לערנטער ברונאָ בויער, שעמענדיק זיך אָפּצושטיין פון זיינע יינגערע חברים, אונטערגערוקט דעם גלח צו די קדושין אַ בלעכן רייפל אָנשטאָט אַ גאָלדנס, צוגעבנדיק: „דאָס זענען זייער פּאַסיקע חתונה-רייפלעך. דער גלח האָט זיך שטאַרק פאַר-שעמט, אָנגעהויבן צו שטאַמלען און די יוגנט איז זיך דערפון פאַרגאַנגען אין געלעכטער.

און אויף צומאָרגנס האָבן שוין דערפון געוווּסט אַלע סאַ-לאָנען און קאַפע-הייזער.

---

„איך דערקלער פייערלעך, אין נאָמען פון דער וויסנשאַפט, אַז זי וועט שטענדיק קעמפן און מיטן גאַנצן כוח פאַרטיידיקן די אידעע פון דער מלוכה, קעגן די ווילדע פּרעטענזיעס פון דער קירכע צו מאַכט. די מלוכה קאָן, וואָס אַן אמת, בלאָנ-דזשען, אַפילו שלעכט און נישט-פּאַסיק טראַקטירן די וויסנשאַפט, זיך אָפּטמאָל אַפילו אויך ווענדן צו ברוטאַלער קראַפט, אָבער לאַנג בלאָנדזשען קאָן זי פאָרט נישט, ווייל ראַציע איז די איינגעבוירענע אייגנשאַפט פון דער מלוכה".

ער האָט גערעדט אַזוי מער ווי אַ שעה צייט, געשטורעמט און געהיצט זיך קעגן דער רעליגיע, קעגן איר פּילאָזאָפישן פאַרטיידיקער שעלינג. מיט קרעפטיקע און דראַסטישע ווערטער זאָגט ער אָן דער רעליגיע אַן אומדערמידלעכן קאַמף און פול־קאָמען חורבן:

— און איינער פון די הויפּט־מיטהעלפער אין דעם קאַמף וועט, פאַרשטייט זיך, זיין די מלוכה.

דער עולם איז באַגייסטערט און אַפּלאָדירט.

צום וואָרט מעלדעט זיך דער יינגער סטודענט קאַרל מאַרקס.

ער איז עטוואָס צעטומלט, בלייך און ער הויבט אָן רעדן זייער שטיל און פּאַמעלעך. ער פאַרהאַקט זיך צו־ביסלעך און ס׳זעט אויס, ווי ער וואָלט עטוואָס געשטאַמלט. אָבער וואָס־אַמאָל ווייטער ווערט ער זיכערער. ער היצט זיך נישט, נאָר אויפן סמך פון אָן אַ שיעור ציטאַטן בויט ער אויף אַ מאַסיוון געביי, הויבט אָן פון פונדאַמענט און וואָס־אַמאָל אַלץ העכער. אָפּגעבויט אַ שטאָק, פאַרמאַכט ער די פענסטער, נעמט אַוועק די שטיגן און גייט ווייטער, העכער. מען זעט, אַז קיין צוריקוועג איז נישטאָ, נאָר אַלץ העכער און העכער, ביז צום אויפלעזן זיך. אַלץ דייטלעך און זיכער. נאָר אין מאָמענטן טרעפט, ווען ער גיט זיך אַ צעפלאַקער:

— פון 207478 פראָצעסן אינם יאָר 1836, זענען געוועזן 150 טויזנט פאַר גנבענען האָלץ פון די וועלדער, פאַר גנבענען אַ ביסל זאַנגען פון פעלד און אַ ביסל פאַשע פאַר בהמות! איז דער „לא תגנב" נישט בלויז קיין רעליגיעזער געבאָט, נאָר אויך אַ רעכטלעכער?! און דערפאַר, הייסט עס, שטיצט די מלוכה נישט די רעליגיע, נאָר דאָס רעכט?! אָבער דער כאַראַקטער פונם אייגנטום פון די ריזיקע וועלדער און פעלדער איז אַ געגנוג וואַקלענדיקער! טייל רעכט־פאַרשריפטן דאַרף מען נישט איבער־נעמען פון רוימישן קאָדעקס, נאָר פונם אייגענעם פאָלק! דאָס פאָלק האָט געגנוג אינסטינקט צו באַנעמען אמתע רעכטלעכקייט און פאַלשע רעכטלעכקייט. און כדי רעכטלעך זיך צו באַוואָ־

רעכענען פון די האַלץ-גנבים, האָט דער רייניקער סיים נאָך צו-געגעבן אַזעלכע אויסטייטשונגען, וואָס נישט נאָר זיי האָבן דער-רעכט צעבראָכן הענט און פיס, נאָר דורכגעשטאָכן איר האַרץ מיט אַ שטילעט!

די רעליגיע אָן-און-פֿאַר-זיך איז אינהאַלטלאָז, אירע זאָפּטן שעפּט זי נישט פון הימל, נאָר פון דער ערד און דערפֿאַר מוז זי געשטירצט ווערן צוזאַמען מיט דער ווירקלעכקייט!

ווען מאַרקס האָט זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע, געכאַפּט אַ קוק אין נאָטיץ-העפט, האָט זיך ווער פון די צוהערער פלעגמאַטיש אָנגערופן:

— יעהאָוואַס קינדער, דאָס אויסדערוויילטע פאָלק ישראל האָט גאָרנישט וואָס צו פֿאַרלירן און עס איז דעריבער קעגן אַלעם קעגן — קעגן דער רעליגיע און קעגן דער מלוכה — איינס איז פאַר זיי צו ווינציק.

ברונאָ בויער האָט אַ זעץ געטון מיט דער פויסט אין טיש:

— רויק זאָל זיין און דרך-ארץ! צענפאַכער דרך-ארץ!

* *
*

בויער האָט שוין אַ גאַנצן אָוונט נישט אָפּגעלאָזן מאַרקסן און ביז טיף אין דער נאַכט אַריין פאַרברענגט מיט אים אין שמועסן.

— ווי אַזוי קאָן דאָס זיין? איך קריג איצט אַ קאַטעדרע אין באָנער אוניווערזיטעט און איר ווערט נאָך אַלץ זיין אַ סטו-דענט? דאָקטאָריזירט זיך ווי אַמשנעלסטן! אויב איר האָט פיינט צערעמאָניען זיך מיט אַזעלכעס, קומט אַראָפּ צו מיר אין באָן און איך וועל עס מאַכן שוין לייכטער. איך פאַרהאָף, אַז מיר וועלן אַרבעטן צוזאַמען און אַרבעט האָבן מיר דאָך גענוג! האָט איר שוין עפּעס צוגעגרייט צום דאָקטאָראַט?

— יאָ, ס'ליגט שוין פאַרטיק 1 באַנד, אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דעמאָק־יט און עפּיקור.

— נו, איך גלויב, אַז איר וועט עפּיקורן באַהאַנדלען ווי

ער האָט עס פאַרדינט. קודם, פאַר זיין נישט קענען גרינדלעך קיין פיזיק.

— איך וואָלט געזאָגט „גענוג נאַכלעסיק זיך באַגאַנגען מיט דער פיזיק״. ער רעכנט זיך נאָר מיט דעם אוממיטלבאַרן געפיל — פאַר אים איז די זון 2 פוס די גרויס, ווייל אַזוי זעט ער זי. אָבער אַפילו זיין נאַכלעסיקע באַציונג צו דער פיזיק באַזירט אויף זיינע פילאָזאָפישע אָנשווינגען — און דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש.

— מאַרקס, יעדעס וואָרט וואָס איר זאָגט, איז פאַר מיר אַן אַנטפּלעקונג. ווי לאַנג איר וועט נאָר לאָזן, וועל איך זיך נישט שיידן מיט אייך.

און ער האָט אים צובאַגלייט צו דער לייפּציקער גאַס נומער 1.

— ווייסט איר, פריינט בויער, ווער ס׳האָט דאָ פאַרבּרענגט אין דעם הויז? — לעסינג.

— און אין יאָרן אַרום וועט מען זאָגן: „ווייסט איר, ווער ס׳האָט פאַרבּרענגט אין דעם הויז? — קאַרל מאַרקס״. יאָ, יאָ.

און ער האָט פאָטערלעך געקלאַפּט אין דער פּלייצע דעם איצט שמייכלענדיקן קאַרל.

---

דער באַנד, וואָס פאַרבינדט און מאַכט נעענטער צווישן זיך די מענטשהייט — די אייזערנע שינעס — האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבערן לאַנד. ס׳קומען לייכטער אָן ידיעות פון דער וועלט. גאָר שנעל קומען זיי פון פּאַריז.

פאַראַן איצט אין דייטשלאַנד 78 טויזנט פאַבריקן און 550 טויזנט אַרבעטער. אַזויפיל זענען אָנגעשטרענגט און גענייגט צו הערן עפּעס אַ דערמונטערדיק וואָרט, עפּעס אַ דערפרישנדן קלאַנג. צעגייט זיך דעריבער דאָ זייער שנעל דער אויפרוף אין פּאַריז פון לואי בלאַן:

„די היעראַרכיע פון קאָנסערוואַטיסטן הויבט זיך אָן מיטן קעניג און ענדיקט זיך מיטן תּליון״.

דער ריינישער סיים איז קעמפעריש און האָט געוואָגט צו שיקן אַ פּעטיציע מיט פיל אונטערשריפטן צום קעניג, אין וועלכער ער בעט, אַז דער אַלמעכטיקער און אַלגנעדיקער קעניג זאָל באַווילִיקן צו דערלויבן דעם סיים צו עפענען אַ פרייען איינטריט פאַר דער באַפעלקערונג, ווי אויך דערלויבן, אַז מען זאָל מעגן אין דער פרעסע אָפדרוקן די נעמען פון די רעדנער, וועלכע נעמען אָנטייל אין דער דיסקוסיע אין סיים...

מען שעפּטשעט, מען מאָטלט, מען שרייט און מען שרייבט שוין אַפילו וועגן סאָציאַליזם און קאָמוניזם. די קאָרעספּאָנדענצן פון היינריך היינע פון פאַריז פאַר דער האַלב־קאָנסערוואַטיווער „אויגסבורגער צייטונג" זענען פול מיט אינפאָרמאַציעס וועגן דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער באַוועגונג. די רע־דאַקציע שטרייכט אַפילו נישט די שטעלן, אין וועלכע דער קאָ־רעספּאָנדענט לויבט זייער שטאַרק די באַוועגונג.

צווישן די, וועלכע פאַרנעמען זיך דאָ מיט דער נייער באַוועגונג, געפינען זיך אויך, וואָס אַן אמת, אַ סך סתם הייז־קעפּ, אויסגעלענקטע אינטעליגענטן, שלעכטע אַדוואָקאַטן, סוחרישע זונדלעך און זיי מאַכן דעם טומל היפש — דעקלאַמירן מיט יאַ־ריד־פּאַטאָס וועגן גערעכטיקייט, פרייהייט, בונטעווען זיך, רעדן אַנטקייגן דער מאַכט — און דערפאַר ווערן זיי פאַרמשפּט אויף אַ שטיקל צייט אויף תפיסה און פון דאָרט קומען זיי שוין אַרויס פאַרטיקע מאַרטירער. עס דויערט נישט לאַנג און ס׳רוב פון זיי דרייט שנעל אויס דעם דישעל אויף צוריק.

און אין פּרייסן קאָן קיינער נישט מאַכן אַזוי שנעל קיין קאַריערע, ווי אַ תשובה־טוענדיקער דעמאַגאָג — זאָגט שוין פון לאַנג דאָס פאָלק אירס אַ ווערטל.

---

מאַרקס׳ רעדע אין העגעליאַנער־קלוב האָט זיך גאַנץ שנעל פאַרשפּרייט נישט נאָר אין בערלין, נאָר אויך אָנגעשפּאַרט

אין די גרעסערע שטעט פון דייטשלאַנד. פון דרעזדן האָט ער באַקומען צוגעשיקט אַ בריוו פון אַרנאָלד רוגע, אין וועלכן יענער בעט אים, אַז ער זאָל גלייך צושיקן זיינס אַן אַרטיקל פאַר די „דייטשע יאָרביכער״. די טעמע קאָן ער זיך אַליין אויסקלייבן.

מאַרקס קלייבט אויס די טעמע וועגן צענזור. דער קעניג האָט געהייסן עטוואָס מילדערן די צענזור איבער דער פרעסע און ביי אַ סך פון די „פרייע״, ביי די קעמפער האָט דאָס אַרויסגערופן ענטוזיאַזם. צו דעם אַרטיקל לייגט מאַרקס ביי אַ צעטעלע:

„איבער די צענזור וועט נאָר נישט היפש צענזורירן מיין צענזור־אַרטיקל״. פאַרשטייט זיך, אַז נישט נאָר עס איז היפש צענזורירט געוואָרן, נאָר אינגאַנצן קאָנפיסקירט געוואָרן.

אויף דעם נאָנטסטן דיסקוסיע־אָוונט אין קלוב האָט מען אויך גערעדט וועגן צענזור. מאַרקס האָט גענומען צו דער פראַגע אַ וואָרט:

— אַ צענזור איז יאָ נויטיק! צי קאָן די פרעסע, וועלכע דערנידעריקט זיך צו דער מדרגה פון אַ פאַך, צי קאָן זי זיין פריי? אַ ליטעראַט מוז, וואָס אַן אמת, פאַרדינען כדי צו לעבן און שרייבן, אָבער ער איז דאָך נישט מחויב צו לעבן און צו שרייבן—נאָר כדי צו פאַרדינען. פרייהייט פון פרעסע באַשטייט דער עיקר אין דעם, אַז עס זאָל נישט געמאַכט ווערן פון איר קיין פרנסה. אַ שרייבער, וועלכער מאַכט שרייבעריי פאַר אַ מאַטעריעלן עקזיסטענץ־מיטל, דאַרף הערשן איבער אים אַ צענזור, אַלס אַן אויסערלעכע שטראָף פאַר דעם מאַנגל פון אינערלעכער פרייהייט — כאָטש בלויז די עקזיסטענץ זיינע איז שוין אַ גענוגנדע שטראָף! אין אַ נויטווענדיקן פאַל דאַרף דער שרייבער ברענגען אַ קרבן זיין עקזיסטענץ, אַבי עס זאָלן קאָנען עקזיסטירן זיינע ווערק.



דעם 1-טן יאַנואַר 1842 הויבט אָן דערשיינען אין קעלן די „ריינישע צייטונג". עס אַרבעטן דאָרטן מיט: בּרונאָ בּויער, מאַקס שטירנער, מאָזעס העס און קאַרל מאַרקס. מאַרקס' אַרטיקלען ווערן אויף פּאָרויס אָנאָנסירט. אין 7 חדשים אַרום גיט מען אים שוין איבּער די הויפּט-לייטונג פון דער צייטונג.

דעם 21-טן יאַנואַר 1843, ווערט שוין אויף אַ זיצונג פון מיניסטאָרן-ראַט, אין אָנוועזנהייט פון קעניג, בּאַשטימט די „ריינישע צייטונג" צו פאַרמאַכן.

די רעדאַקציע בּאַקומט צוגעשיקט אַ מעלדונג, אַז די צייטונג זייערע ווערט אָפּגעשטעלט. דער מאָטיוו — די קאָנצעסיע פון דער צייטונג איז נישט גאַנץ גענוי לויט די פאָרשריפטן.

אויף צומאָרגנס, נעבן דער פאַרעפנטלעכטער פּאָליצייאישער מעלדונג, געפינט זיך אויך מאַרקס' אַ בּאַמערקונג פון עטלעכע שורות:

„צי קאָן זיך ווער פאָרשטעלן, אַז אין פּרייסן, וווּ אַפילו אַ הונט קאָן נישט אַרומלויפן אָן אַ חתימהלע פון דער פּאָליציי, וואָלט אונזער צייטונג געקאָנט זיך בּאַווייזן כאָטש איין טאָג, ווען די פּאָרמאַליטעטן זאָלן נישט זיין פולקאָם אין אָרדנונג?"

די אַקציאָנערן פון דער צייטונג זענען געפאָרן קיין בּערלין בּאַמיען זיך אַן אוידיענץ ביים קעניג. מען האָט זיי נישט אויפגענומען, נאָר דערפאַר דערלויבט צו עקזיסטירן די צייטונג ביזן סוף פון ערשטן קוואַרטל — נאָר מיט דעם קאַטעגאָרישן בּאַדינג — אַז דער רעדאַקטאָר מאַרקס מוז גלייך בּאַזייטיקט ווערן פון זיין שטעלע.

די אַקציאָנערן זענען איילִיק צוריקגעקומען פון בּערלין און זיך שטאַרק קווענדיק, האָבן זיי שטאַמלענדיק מיטגעטיילט מאַרקסן די ידיעה.

ער איז אויפגעשפּרונגען פון פרייד:

— ענדלעך! איך בין שוין ווידער פריי! ס'איז דאָך שוין נישט געווען קיין לופט צום אָטעמען. ס'האָט מיך אומגעהויער שוין געשטיקט די פאַרשטעלטקייט, בויגעוודיקייט, דאָס בויגן דעם קאַרק און צו זייען דורך די ציין ווערטער, וועלכע מען האָט באַדאַרפט אויסשרייען מיטן גאַנצן האַלז. ס'איז שווער צו קעמפן מיט אַ נאָדל, אָנשטאָט מיט אַ ביקס!

— איר ווילט, זע איך, דווקא פילאָזאָפירן נאָר מיטן האַ-מער. מען קאָן נישט זאָגן — פאַר אַ סקולפּטור איז עס גע-נוג שיין.

— און פאַרן לעבן? ע, פּיליסטערס.

ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און זיך גענומען קלויבן אַוועקצוגיין.

— דערווייל אָבער זענען פּאָרט די פּיליפּטערס די הערן פון דער וועלט.

— יאָ, זיי זענען די הערן פון דער וועלט — נאָר אין דעם זין, אַז זיי פילן אויס די וועלט ווי ווערעם אַ פגר. וואָס ווילן זיי? לעבן און פּרוכפּערן זיך. און געטהע האָט דאָך שוין סיי-ווי צוגעפּסקנט, „אַז מער ווי דאָס דערגרייכט קיינער נישט". דאָס זעלבע וויל אויך די חיה. דאָס זעלבסט-געפיל פונם מענטשן, די פרייהייט — וואָלט מען באַדאַרפט מיט דונערן אויפ-וועקן אין דער ברוסט פונם מענטש.

איינער פון די ייגגע האָט דאַן פאַרפאַסט אַ לידל:

„ווער יאָגט זיך הינטער בויערן מיט אַזאַ ווילדן צאָרן?
אַ שוואַרצער קערל פון טריער, שפּיזט ווי אַ דאָרן.
ער גייט נישט, נאָר שפּרינגט, אַלע וויל ער האַקן
און אַלץ מיטאַמאָל וויל ער כאַפּן, וויל ער פּאַקן.
מיט כעס ציט ער דעם הימל צו דער ערד,
ביילט מיט די פויסטן און פאָכעט מיט דער שווערד,
אַ טייוול פון טייוול-לאַנד,
שוואַרצער קאָפּ און רויטע האַנט".

## ג

— איך האָב פיינט מליצה, און דערפאַר זאָג איך אייך, אַז נישט נאָר וואָס זי איז פון אַ נישט-דורכשניטלעכער איידל-קייט און שיינקייט, נאָר אויך נישט-דורכשניטלעכער גייסט און כאַראַקטער. זי איז, ווי איך וואָלט געזאָגט, אַ יינגפרוי אין געטהעס סטיל. זי האָט געהאַט זייער פיל פאַרערער, אַלץ פון די שענסטע און חשובסטע. איך בין דאָך שוין אַ דערוואַקסע-נער מאַן פון 25 יאָר, און איר, פריינט רוגע, זענט שוין, דאַכט זיך, 40 יאָר, מעג מען דאָך זאָגן, אַז אַ מאַנספערשוין שמייכלט עס, ווען אַרום זיין געליבטער זשומען אַרום יינגעלייט, ווי די פלעדערמייז און מוזן צוריק אַוועק אָפּגעזענקטע. און מיין פאָ-טער אַליין האָט איר אָפּטמאָל געגעבן איידל אָנצוגעהערן, אַז איר שטייט פאָר אַ נישט-זיכערע צוקונפט און אויך, מעגלעך, געפאַרן. האָט זי דערויף מיט אַ לייכטן שמייכל שטיל געענט-פערט: „איז אויך רעכט”. צו דער מוטער האָט ער שפּעטער געזאָגט: „אַ מיידל — אַ מלאָך”.

איר פאָטער איז דער געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַ-לען — איז אָבער זייער ווייט פון דעם פּיליסטערשן יונקערטום, פון דער אַלט-פּרייסישער ביוראָקראַטיע. זיין פאָטער איז געווען אַ באַרימטער גענעראַל און קריגס-פירער, אָבער אויך פון אַ בעטערן טיפּ, קיינמאָל נישט געוואָלט אָננעמען קיין שום אויס-צייכנונגען. אַ שטאָלצער מענטש. נאָר איין מאָל האָט ער גע-בראָכן דעם שטאָלץ און געבעטן אַ גראַפן-טיטול, ווייל אַנדערש וואָלט ער נישט געקאָנט חתונה האָבן מיט דער טאָכטער פון אַ שאָטלענדישן באַראָן, אין וועלכער ער איז געווען ביז משוגעת פאַרליבט. זיין פרויס זיידע איז אומגעקומען אין שאָטלאַנד אויפן שייטערהויפן — פאַרן וועלן איינפירן געוויסע יושרדיקע

רעפּאָרמען. אַ ברודער יענעמס איז געקעפּט געוואָרן אויפֿן מאַרק אין עדינבורג פֿאַר אָנפֿירן מיט אַ בונט פֿאַר פֿרייהייט. אין אַזאַ אַטמאָספֿער איז דערצויגן געוואָרן זשענגיס פֿאָטער פֿון קינדווייז אָן. און צוליב דעם האָט שוין נישט געקאָנט האָבן אויף אים קיין שליטה דאָס גאַווהדיקע יונקערטום און די עיפּושדיקע אַריסטאָקראַטיע. ער האָט געדענקט כּמעט גאַנץ שעקספּיר און האָמער און פֿלעגט זיי שעהנווייז ציטירן פֿון אויסנווייניק.

דער פֿאָטער אירער לעבט שוין נישט און זי האָט דערי־בער זייער פֿיל אויסצושטיין פֿון אירע אַריסטאָקראַטישע קרובֿים, וועלכע ליבן דעם הער אין די הימלען און דעם הער אין בער־לין. די קאַמפֿן האָבן שוין אַפֿילו טיילווייז אונטערגעגראָבן איר געזונט. איך אַליין האָב אויך געגוג אויסצושטיין פֿון מיין משפּחה, אין וועלכער עס געפֿינען זיך עטלעכע קלעריקאַלן און עטלעכע סתם־שונאים. מיר זענען שוין זיבן יאָר תּנאים־געשרי־בענע און איבער דער צייט האָבן מיר שוין דורכגעקעמפּט אַזוי־פֿיל, וויפֿל עס האָבן זיכער נישט דורכגעמאַכט מענטשן דריי־מאָל עלטערע פֿאַר אונז — און דאָך ווילן יענע אונז לערנען לעבנס־חכמה. איך קאָן אייך פֿאַרזיכערן, אָן וואָסער ס׳איז ראָ־מאַנטיזם, אַז פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, און מיטן גאַנצן ערנסט — ליב איך זי.

איצט וויל איך פֿאָרן צו זיי קיין קרייצנאַך און דאָרט חתונה האָבן. איידער מיר טרעטן צו צום אַרויסגעבן די נייע „יאָרביכער", זאָל דאָס פֿריער דערליידיקט ווערן.

האָב איך אייך שוין, פֿריינט רוגע, אָנגעמוטשעט מיט אַ ביסל פּריוואַטער פּאַסקודסטווע. איך האָב פֿיינט דאָס גראַבלען זיך אין דער פּריוואַטער פּאַסקודסטווע.

דאָס איז געווען אַרום צוויי ביינאַכט, נאָכן פֿאַרברענגען דאָ אַ גאַנצן טאָג אין דער וווינונג פֿון אַרנאָלד רוגע. רוגע האָט זיך געפֿאָרעט אַרום אים מיט מוטערלעכער זאָרגעוודיקייט, אים כּסדר מכבד געווען מיט דרעזדענער ספּעציאַלן, אַליין זיי־

אים אַריינגעבערענגט, און פֿאַרנאַכט אים נאָך געמאַכט אַ סיורפּריז דערמיט, וואָס ער האָט געבערענגט זיינעם אַ חבר, אַ דאָקטאָר, צו באַטראַכטן דאָ אויפֿן אָרט מאַרקסן, ווייל ער האָט פּאַטאַל שלעכט אויסגעזעען.

אַנדערש וואָלט, מסתמא, נישט געקומען דערצו, אַז קאַרל זאָל זיך מאַכן אַזאַ אָפּרעדעניש פֿון האַרצן — וואָרום נישט צוליב דעם איז ער געקומען צו רוגען.

— איך וויל, פּריינט מאַרקס, אַז איר זאָלט שרייבן צופֿייערבאַכן, אַז ער זאָל מיטאַרבעטן אויך אין די נייע „יאָרביכער”, אייך וועט עס אפשר גיכער געלונגען צו פּועלן ביי אים. ס'איז אַ שאָד ער זאָל זיצן דאָרט אין זיין דאָרף און לאָזן פֿאַרדאַרט ווערן זיין פֿילאָזאָפֿיע — אויב ער וועט זי נישט אויפֿפֿרישן מיט פּובליציסטיק, מיט קאַמף.

— פֿאַר דעם אומגעבילדעטן ווייזט זיך אויס, אַז דאָס פֿאַרנעמען זיך מיט פּאָליטיק און אַנאַליזירן פֿאַרשידענע קליינקייטן אין דער עקאָנאָמיק זענען בלויז פּלפּולים איבער קליינִיקייטן. דאָס איז אָבער דער סאָרט קליינִיקייטן, וואָס עס באַהאַנדלט די מיקראָסקאָפּישע אַנאַטאָמיע. ליידער, אויסער אַריסטאָטעלעס און לייבניץ, מיינען עס נאָך אַ סך פֿילאָזאָפֿן. איך האָב שוין מיט אַ צוויי מאָנאַטן צוריק געשריבן אים אַ בריוו, אים אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז ער וואָלט באַדאַרפֿט אָנשרייבן עפּעס וועגן דעם פֿילאָזאָפֿישן בלאָז-זאַק שעלינג. ער וואָלט דערמיט אַ סך אויפֿגעטון פֿאַרן אמת. און ווער וועט נאָך דאָס קאָנען טון אַזוי גוט ווי ער — פֿייערבאַך? ווייל איר זענט דאָך פּאַקטיש זיינער אַ קעגנער — האָב איך אים געשריבן — ווייל דאָס, וואָס ביי אים איז געבליבן אַ פֿאַנטאַסטישער טרוים פֿון דער יוגנט, האָט איר דאָך מיט מענערישן מוט עס שאַרף אַדורכגעפֿירט. און דערפֿאַר האַלט איך אייך פֿאַר דעם איינציק־באַרופֿענעם, באַרופֿענעם פֿון דער קעניגלעכער מאַיעסטעט — די נאַטור און געשיכטע.

דערויף האָט ער מיר געענטפֿערט:

„די שטאָט איז אַ תּפֿיסה פֿאַר ספּעקולאַטיווע גייסטער. אַ

גרויסע באַדייטונג שרייב איך צו דער נאַטור און די סאַמע קלענסטע — דער פּאָליטיק. ער זאָגט, אַגב, נישט אָפּ, נאָר מען זאָל נאָך וואַרטן אַ שטיקל צייט. ער באַדויערט זייער דעם אונטערגאַנג פון די „דייטשע יאָרביכער״. ער האַלט, אַז דאָס פאַלן פון די „יאָרביכער״, איז שיער נישט פון אַזאַ באַדייטונג — ווי דאָס פאַלן פון פּוילן.

יאָ, אַ פילאָזאָף קאָן נאָר זיין דער, וועלכער קאָן זיך אידענטיפיצירן מיט מענטש און לעבן. נאָר דאָרט, ווו ס׳איז דאָ באַוועגונג, שטורעם, ליידנשאַפט, בלוט, סענסועלקייט, איז אויך דאָ גייסט — אַזוי האָט ער דאָך מער-ווייניקער אַליין געשריבן מיט עטלעכע יאָר צוריק. יאָ, נאָר לייבניץ האָט זיך דערהאַלטן די גאַנצע צייט, און מיט זיין סאַנגוויניש, מאַטעריאַ־ליסטיש־אידעאַליסטישן גייסט און טעמפּעראַמענט האָט ער אַ ביסל אויסגעקערט דעם פּעדאַנטיזם און די סכאָלאַסטיק.

יאָ, פייערבאַך וועט פאַרטריקנט ווערן, און דאָס איז אַ גרויסער שאָד.

## ס'איז פאַרטיק אַ זשורנאַל

אין פּאַריז, אין לאַטיינישן פערטל, אין אַ גרויס צימער, אין וועלכן עס זענען געשטאַנען עטלעכע קאָסטנס מיט שריפט, ביי אַ קיילעכיקן טיש געדעקט מיט אַ גרינעם טישטוך, אָנגע־שטעלט מיט פלעשער וויין, גלעזער און צובייסנס, איז ביי יעדן פון די אַרומזיצנדע געלעגן אַ פריש-געדרוקטער, דיקער זשורנאַל „דייטש-פראַנצויזישע יאָר-ביכער".

אויבנאָן איז געזעסן דער עלטסטער פון דער געזעלשאַפט. אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, וואָס האָט אָבער אין דער קלענ־סטער באַוועגונג נאָך אַרויסגעוויזן אַ סך יוגנט און פרישקייט. די לייכט-טונקעלע האָר קינסטלעך-אָרדנונגסלאָז פאַרוואָרפן אין אַ ווינקל פון שטערן, גרויסע לויטערע אויגן — כאָטש שוין פאַרצויגן מיט לייכטער מאַטקייט, וואַרימער און טראָציקער בליק, שמאָלער קין — אָנגעשפּאַרט אויף אַ ווייס-פוכיקן, ברייטן, אַרויסגעלייגטן קאָלנער. ער נייגט אויס אַ גלאָז וויין און ווענדט זיך הייטער צו די פאַרזאַמלטע:

— זאָלן לעבן די פראַנצויזישע פרויען! כאָטש זיי זאָגן, אַז מען פילט נאָך פון מיר אַלץ דעם דייטשן טאַבאַק און זויער־קרויט. ווען איך בין אָנגעקומען קיין פאַריז און אויף דער גאַס געקריגן פון אַ פאַרבייגייער אַ לייכטן שטויס, האָט ער אויס־געשיט פאַר מיר אַ מבול מיט אַנטשולדיקונגס-ווערטער. זיי

האָבן מיר געקלונגען, ווי ראָסינישע מעלאָדיען. איך בין פשוט דערשראָקן געוואָרן פון דער זיסער העפלעכקייט. איך, וואָס בין געוווינט געווען צו די דייטש־פויערשע שטויסן אין די זייטן אָן אַ שום אַנטשולדיקונג. אין די ערשטע וואָכן פון מיין פאַר־ברענגען אין פאַריז האָב איך זיך אייניקע מאָל בכיוון באַמיט צו באַקומען פון וועמען אַ שטויס, בלויז נאָר כדי צו געניסן די דאָזיקע מוזיק פון די אַנטשולדיקונגס־ווערטער. און איך האָב אויך דערהערט, אַז די פאַריזער דאַמע, וואָס האַנדלט אין די האַליעס, רעדט אַ בעסערן און פיינערן פראַנצויזיש, ווי אונ־זערס אַ דייטשע גרעפין, וועלכע פאַרמאָגט פיר־און־זעכציק אַריסטאָקראַטישע עלטער־זיידעס.

— זאָגט נאָך עפּעס וועגן די פרויען, גענאָסע היינע — האָט זיך אָנגערופן אין אַ עטוואָס שטומפּיקן דייטש אַ קרעמ־פּיקער מאַן מיט אַ פּולבלוטיק געזיכט — וועגן די פרויען.

ער האָט זיך דערביי אַ פאַרשאַרין געטון זיינע לאַנגע, קאָלטענעוואַטע האָר, אַ וויש אָפּ די וואָנסן, זיך צורעכט געמאַכט דעם שווארץ־זיידענעם שלייף און זיך געגרייט צום הערן.

— די פרויען, פריינט באַקונין, צי זענען זייערע געזיכ־טער שיין? שווער צו דערגיין. וואָרום זייערע געזיכטס־צוגן זענען אין שטענדיקער באַוועגונג, יעדע פאַריזערין האָט טויזנט געזיכטער, איינס לאַכנדיקער, גייסטרייכער, רייצנדער, ווי דאָס אַנדערע. זי ברענגט אין פאַרלעגנהייט דעם יעניקן, וואָס וויל צווישן זיי דאָס שענסטע געזיכט אויסוויילן. שווער צו דערגיין זייער אמתדיק געזיכט. זענען זייערע אויגן גרויס? וואָס ווייס איך? מיר פאָרשן נישט לאַנג פון וואָס פאַר אַ סאָרט איז דער האַרמאַט, ווען זיין קויל האָט אונז דעם קאָפּ אַראָפּגעזעצט.

— עס פעלט זיי אָבער די געזונטקייט, ערדישקייט פון דער רוסישער פרוי. האָט איר שוין געזען די ציין פון אַ רוסישער פרוי?

— די פראַנצויזישע פרוי האָט אין זיך גאָרנישט קיין מוטערלעכעס, ווי עס האָט עס צום ביישפּיל די יידישע פרוי. און וואָ? איז דאָס פאַר אַ פרוי אָן מוטערלעכקייט? — האָט זיך צו־ יגגעמישט דער מיטן צעפּייניקט־ליידנדן געזיכט מאָזעס העס —

איך ווייסט דאָך, ווי קאַמפּערט האָט געזאָגט: „גאָט האָט נישט געקאָנט זיין אומעטום, האָט ער דערפאַר באַשאַפן די מוטער".

— חשובע פריינט און גענאָסן, לאָמיר עסן און טרינקען ווי די פּראָנצויזן, אָבער זיין ערנסט, ווי די דרום-דייטשן. וועלן מיר פאַרשעמען דעם דייטש-פראַנצויזישן בונד, דעם דייטש-פראַנצויזישן זשורנאַל, וועלכער ליגט פאַר אייך אַן אָפענער, אַ פריי-שער, אַ פינקלדיקער און מיר וועלן גאָרנישט אַ שמועס טון איבער אים?

— רוגע האָט רעכט — האָט זיך אָנגערופן דער ייִנגער, מיטן קײַלעכיקן, בלאָנדן בערדעלע פרידריך ענגעלס.

— גענאָסן! — האָט פּלוצלינג מיט אַ שטאַרקער שטימע אַ געשריי געטון היינע. — מיר האָבן פאַרגעסן צו טרינקען פאַרן זיג פון די שלעזישע וועבער.

— מען דערציילט, אַז ביי אַ דעמאָנסטראַציע פון די וועבער האָבן פיל רייכע הערן און אָפיצירן אַראָפּגענומען די היט.

— ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, די פּחדנים, מען זאָל זיי נישט אַראָפּנעמען די קעפּ.

— רוזיק, היינריך וויל אונז עפּעס לייענען.

— די וועבער:

„מיט פאַרוואָלקנטע אויגן אָן טרערן,
זיי זיצן ביים וועבשטול פאַרשטשירעט די ציין:
„דייטשלאַנד, מיר וועבן דיין טויטן-טוך,
מיר וועבן אַריין דעם דרייפאַכן פלוך,
מיר וועבן, מיר וועבן!
אַ קללה דעם געטש, צו וועלכן מיר האָבן געבעטן,
אין אייז-קאַלטע נעכט און אין הונגער-נויטן,
מיר האָבן בחינם געהאָפט און געוואַרט,
מען האָט אונז געלאָקט, מען האָט אונז גענאַרט,
מיר וועבן, מיר וועבן!
אַ קללה דעם קעניג, דעם קעניג פון רייכן,
וואָס אונזער עלנט ער קאָן נישט אויסווייכן,

אונזער לעצטער גראָשן ווערט געשינדט און געריסן,
און נאָכדעם, ווי הינט ער לאָזט אונז דערשיסן,
מיר וועבן, מיר וועבן!
אַ קללה דעם פאַלשן פאָטערלאַנד,
וואָס האָט נאָר געגעבן שמאָך און שאַנד,
ווו יעדע בלום ווערט פריצייטיק געפליקט,
ווו פוילניש און פרוכנע דעם וואָרם דערקוויקט,
מיר וועבן, מיר וועבן!
דער בעקן פליט, דער וועבשטול קראַכט,
מיר וועבן איילִיק בייטאָג און ביינאַכט,
אַלט-דייטשלאַנד, מיר וועבן דיין מתים-טוך,
מיר וועבן אַריין דעם דרייפאַכן פלוך,
מיר וועבן, מיר וועבן!"

— נאָך, ביס, נאָך!

— אין דיסלדאָרף, ביי אַ לוויה פון אַ גענעראַל, איז אויף דער גאַס געשטאַנען אַ גרופּע אַרבעטער, און ווען דער קאַראַוואַן האָט זיך צו זיי דערנענטערט, האָבן זיי גענומען רופן: „ביס! „ביס!"

עס האָט זיך אַ שאָט געטון אַ הילכיק געלעכטער. אַמ־לענגסטן האָט אָפּגעקלונגען דאָס באַסאָווע געלעכטער פון באַקו־נין. — פיין אַזוי, בראַוואָ, בראַוואָ! נאָך!

— אויף די פעלזן בויען מיר,
די קירכע פון דעם דריטן,
דעם דריטן נייעם טעסטאַמענט
דאָס ליידן איז אויסגעליטן.

מיינע פריינד, איצט שלאָג איך פאָר, און מסתמא אויך איר אַלע, אַז עס זאָל לייענען אונזער אימפּעטפּולער און מו־טיקער הערוועג.

הערוועג האָט אַרויסגעצויגן אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר פון ראָק און שרייענדיק אָנגעהויבן:

„ווער ס'האָט נאָר אַ האַרץ און לאָזט זיך פון דעם פירן,
זאָל עס לאָזן נאָר ביים האַס זיך רירן.
איר האָט שוין גענוג לאַנג געליבט
און דערמיט פול געמאַכט די גאַסן,
מיינע פריינט! אָ, לערנט זיך שוין ענדלעך אויך האַסן!"

מען האָט אויפגעעפנט נאָך עטלעכע פלעשער וויין. די געמיטער האָבן זיך צעוואָרעמט. געדיכטער רויך פון ליולקעס און ציגאַרן האָט זיך געוואָלקנט איבערן טיש און פאַרנעפלט אַביסל די געזיכטער, באַקונין האָט גענומען ברומען אַן אומעטיק סיבירער ליד, און היינע, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אויף דעם אָנלען פון שטול — שטאַרק זיך איינקוקנדיק אינם זינגער האָט שטיל צוגעגלייט.

ס'האָט זיך אויפגעשטעלט רוגע.

— מיינע הערן, מיינע פריינט, ס'פּאַסט פאַר יונגע רוסישע סטודענטן, מיר ווערן דאָך שרעקלעך סענטימענטאַל.

— רוסישער סענטימענט האָט געבראַכט צום דעקאַבריסטן-אויפשטאַנד. מיינע הערן!

און דערפאַר אים פאַרשפילט — האָט פּאַמעלעך, ציילנדיק די ווערטער געענטפערט דער 24-יעריקער ענגעלס.

מאַרקס האָט ווי פאַרלוירן אַ שמייכל אין דעם שפּיציקן, שוואַרצן בערדל אַריין.

— האָ, וואָלט מען באַדאַרפט מישן דייטשן אינטעלעקט מיט רוסיש האַרץ — האָט באַקונין ווי אַ ריטש געטון — ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט אויף דעם צו-הויכן טאָן. דערפילט די הייסע שווערקייט אין קערפּער, האָט ער לייכט אַ נויג געטון מיטן קאָפּ, אַ צעפיר מיט די הענט:

— אַנטשולדיקט פריינט, שוין, ווייזט אויס, אַביסל בגלופין.

— אויב האַרץ, מיין פריינט,—האָט זיך העס צוגעבויגן צו באַקונינען און ווי אים אַריינגעשעפּטשעט אין אויער — דאַרפט איר עס נישט צונעמען איינגאַנצן פאַר זיך. מיר, יידן, פרעטענדירן אויך אויף אַ שטיקל האַרץ.

— די אידעע — מיינע חשובע — פלעגט זיך שטענדיק קאָמפּראָמיטירן, אויב זי פלעגט זיך נאָר אונטערשיידן פון אינ-טערעסן. יעדער מאַסן-אינטערעס, וואָס ווערט אין דער געשיכ-טע דורכגעזעצט, דערשיינט אין אָנהייב אויף דער וועלט-סצענע אין דער אידעע אָדער אין דער פאָרשטעלונג אין אַזאַ פאָרם, וועלכע איז פול בריימער פון זיינע אמתע גרעניצן.

שטיל האָט זיך היינע אָנגערופן צו הערוועגן:

— איר האָט געהערט? ווי מיר שיינט, איז נאָר דער איינער ראוי צו טראָגן דאָס פראָפעסאָרישע בערדעלע. און איך מיין אַ פראָפעסאָר פון דער גרויס, ווי אַ העגעל און אויב נישט נאָך העכער.

איך מוז אייך באַמערקן, געשעצטע מיטאַרבעטער — האָט זיך ווידער אויפגעשטעלט רוגע — אַז איר ווייסט דאָך, ווי שטאַרק איך לויב די גרויסקייט פון אונזער יונגן דענקער און קעמפער קאַרל מאַרקס. דאָס, צום ביישפּיל, וואָס ער האָט געשריבן אין דער ריינישער צייטונג וועגן פרעסע-פרייהייט, איז דאָך נאָך קיינמאָל אַזוי טיף נישט געזאָגט געוואָרן. און, דאַכט זיך, אַז גאָרנישט גרונטלעכער קאָן מען שוין זאָגן וועגן דעם. מיר דאַרפן זיך ווינטשן דאָס באַווייזן זיך פון אַזאַ קראַפט, געניאַליטעט און מייסטערהאַפטע באַהערשונג איבער דער אַלגעמיינער מח-צעטומלעניש, וואָס עס הערשט איצט אין דייטשלאַנד. נאָר די פריער-אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען, הגם טיף און שאַרף, זענען זיי דאָך דאָגמאַטיש און אַזעלכע געדאַנקען, געשעצטער מאַרקס, האָט איר אין אייערע צוויי אַרטיקלען פון די „יאָרביכער" גאַנץ היפּש, ווען איך וואָלט נישט קראַנק זיין לעצטנס, וואָלט איך זיך מיט אייך שטאַרק באַראַטן, ווי איך זאָל זיי לאָזן אין אַזאַ פאָרם, ווי זיי זענען אָפּגעדרוקט, ווייל אַ סך זענען פשוט נישט-צוגעפיילט, צו ראַציק.

— מיינע פריינט, נישט נאָר צווישן די קעמפער פאַר רעפאָרמען איז אויסגעוואַקסן קאָמפּלעטע אַנאַרכיע, נאָר ביי יעדן איינעם פון זיי גופא, ווייל זיי אַליין האָבן נאָך נישט די קלאָ-רע פאָרשטעלונג, וואָס מען באַדאַרף טון. די נייע ריכטונג דאַרף

זיך באַזירן אויף דעם, וואָס מיר טראָגן נישט אַרויס קיין פאַרטיקן אורטייל, נאָך איידער מיר זענען געװוי דערגאַנגען די סודות פון פאַרברעכן. מיר טאָרן נישט צוגיין מיט קיין שום פאַרטיקע דאָגמען. ביז איצט האָט די לעזונג פון דער רעטעניש זיך געדרוט פאַרטיקערהייט אין די שופלאָדן ביי די פילאָזאָפן און עס איז גענוג געווען, אַז די וועלט זאָל פאַנאַנדערפעגען איר מויל און געבראָטענע טייבעלעך פון דעם אַבסאָלוטן אמת זאָלן איר פאַלן אין פיסקל. מיינע פריינט! די פילאָזאָפיע האָט זיך איצט שוין אַראָפגעלאָזט אויף דער ערד. אין די ווייטערדיקע העפטן פון אונזער זשורנאַל וועלן מיר דאַרפן מער געדענקען אין דעם אַרבעטער. דער אַרבעטער איז ביז איצט נאָך דאָס שיק-ייִנגל פון דער פּאָליטיק און אַן אָביעקט פון מיטלייד פון טייל פּובליציסטן און סאָציאָלאָגן. גוואַלד דאַרף באַקעמפט ווערן מיט גוואַלד. אָבער דערביי קאָן אויך די טעאָריע ווערן אַ טייל פון דער מאַטעריעלער גוואַלד, אויב די טעאָריע וועט נאָך זיך נאָכציען די מאַסן און די מאַסן וועט זי נאָכציען נאָר דאַן, ווען זי וועט זיין אַ פּאַקטיש ראַדיקאַלע. די טעאָריע ווערט פאַרווירקלעכט נאָר דעמאָלט, ווען די פאַרווירקלעכונג פון איר איז נויטיק פאַרן פאָלק. ס'איז ווייניק דאָס, וואָס דער געדאַנק שטויסט צום קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג, מען דאַרף, אַז די רעאַלע ווירקלעכקייט זאָל אים שטויסן צו דעם געדאַנק. די פילאָזאָפיע קאָן געפינען אין דעם אַרבעטער דעם מאַטעריעלן וואָפן און דער אַרבעטער מוז געפונען אין דער פילאָזאָפיע דעם גייסטיקן וואָפן. אַז די אַלע באַדינגונגען וועלן זיין, וועט קומען דאַן דער טאָג פון איבערגעבורט, פון אויפוואַכן, פון פאַקטישן תחית-המתים.

באַקונין האָט זיך געוואָרפן צו מאַרקסן און לאַנג אים געדריקט די האַנט. אין אַ זייט איז געזעסן ענגעלס און די אויגן זענען אים ווי גרעסער און לויטערער געוואָרן.

היינע האָט זיך אָנגערופן:

— אַ שאָד, היינריך מאַרקס, וואָס דו האָסט אויפגעהערט שרייבן לידער. און אפשר פאַסט דאָס נישט פאַר קיין נביא?

ער האָט זיך ווידער אָנגעבויגן צו הערוועגן און שטיל געזאָגט:

— דו האָסט באַמערקט, אַז ער שטאַמלט אַביסל? אויך משה, זיין עלטער-עלטער-זיידע האָט געשטאַמלט.

---

— אַלע גרויסע טאָטן פון דער געשיכטע זענען שטענדיק געקומען פונם פאָלק. איך וואָלט נאָך צוגעגעבן — און די גייסטער, וועלכע פאַרבונדן זיך אויף לעבן און טויט מיטן פאָלק. די גרויסע מאַסע אָרימע און געדריקטע איז פון אייביק-אָן געווען דער איינציק-שאַפנדיקער עלעמענט, פון וועלכן עס זענען אַרויסגעוואַקסן אַלע וועלט-אויפטרייסלענדיקע רעוואָלוציעס. דער יחיד, ווי שיין און זיטלעך ער זאָל נישט זיין, קאָן נישט זיין קיין שותּף צום אמת, אויב ער לעבט נישט אין און מיט אַ געמיינשאַפט. איר וועט נאָך, חברים, אַ סך נחת האָבן פון דעם דייטשן פאָלק און איך זאָג אייך פייערלעך צו, אַז אויך אונזער אָרים, פאַרשקלאַפט, באַרבאַריש פאָלק וועט אייך נאָך אַ סך פרייד פאַרשאַפן. באמת, מיינע ליבע פריינט, מיר אַלע יינגע וועלן נאָך דערלעבן די פירות פון אונזער אַרבעט. באמת, חברים, עס לוינט זיך צו לעבן אין אַזאַ צייט און מיר דאַרפן זיך פילן גליקלעך. מיר אַלע יינגע וועלן נאָך זיכער דערלעבן די גרויסע רעוואָלוציע.

— און מיך, פריינט באַקונין, רעכנט איר נאָך אויך צו די יינגע? ענטפערט בעסער, אַז נישט. ווייל אַנדערש, וואָלט עס געהייסן, אַז די רעוואָלוציע וועט שוין זיין גאָר בקרוב. וואָרום איך גרייט זיך, דאַכט זיך, שוין גאָר בקרוב אין וועג אַריין...

— פאַרוואָס, מייסטער היינע? איר?

— ווייסט איר נישט דאָס וואָרט פון מענאַנדער? „די געצערטלטע פון גאָט שטאַרבן יינג”.

— איר ווערט אָבער געאַכטעט און געצערטלט פון פאָלק און נישט פון גאָט.

— וועל איך אויך שטאַרבן.

— וועט דיין גייסט לעבן! — האָט הילכיק זיך אָנגערופן מאַרקס.

דער עולם האָט זיך האַרציק צעלאַכט.

הערוועג האָט שטיל איינגערוימט העסן:

— איך האָב באַמערקט ביי אים טרערן אין די אויגן. אָט דאָס זענען מיר דיכטער, אַ פאַרשאָלטענע אומה.

— די יידישע פינאַנסיסטן האָבן דאָך אַלע פריווילעגיעס! זיי העלפן צו די פירשטן אין אַלע געמיינסטע שווינדלערייען און מאַכינאַציעס. און דערפאַר האָבן זיי דאָך פריווילעגיעס, מער ווי עס האָט אַ פינפטל פון אַלע איינוווינער אין דעם פירשטנטום. דעם פילאָזאָף מאָזעס מענדלזאָן איז דאָך נאָר דערפאַר דערלויבט געוואָרן צו וווינען דאָרט, ווייל ער איז אָנגעשטעלט אַלס בוכהאַלטער אין אַ באַנק, וואָס זיין באַלעבאָס, דער ייד, מאַכט געשעפטן מיט דעם פירשט. וואָרום ווי מען האָט נאָר אָפּגעזאָגט מענדלזאָנען פון דעם בוכהאַלטער-פּאָסטן, האָט מען דאָך אים גלייך אַרויסגעטריבן פון דעם פירשטנטום, נישט געלאָזט אים דאָרט מער וווינען. איז דאָ אַ באַציונג צו פאָלק? ניין, נאָר צו שטאַנד און קלאַס. און פאַרוואָס, אַז מען רעדט שלעכט וועגן דער יידישער רעליגיע, פילן זיך באַליידיקט אויך די נישט-רעליגיעזע יידן?

מאַרקס הערט זיך אויפמערקזאַם צו צו יעדן וואָרט, וואָס עס רעדט ענגעלס.

— עס איז נישט אינגאַנצן ריכטיק. גראָד פיל יידן רעדן שלעכטס אויף יידן. איך דענק, אַז ווען עס הערט אויף די פיינטלעכע שטעלונג פון קריסטנטום צו דער קולטור, הערט אויך אויף איר פיינטלעכע שטעלונג צום יידנטום.

היינע איז געזעסן ביי זיין זשורנאַל און אויפמערקזאַם נאָכאַמאָל געלייענט מאַרקס׳ אַרטיקל איבער דער יידן-פראַגע.

— וווּנדערט זיך מיר אויף אייך, חבר העס. אַזוי רעדט אַ פאַרגעשריטענער סאָציאַליסט? עפּעס רעדט איר אין קאַטעגאָריעס, פאַרבינדט דאָס מיט קולטור. איז אונז, נישט-יידן, טאַקע אַזוי שווער אייך צו פאַרשטיין?

— יאָ, שווער. ביי אַ בלוט־בלבול אין דמשק פרעגט מען נישט קיינעם, צי ער איז רעליגיעז אָדער נישט, צי ער איז סאָציאַליסט, ליבעראַל אָדער רעאַקציאָנער און מען שלעפּט אונז אַלע צוזאַמען אין איין סטאַדע און מען מאַכט אַלעמען פאַראַנטוואָרטלעך, און אַלעמען שרייט מען נאָך: „העפּ־העפּ יודע!"

— און פייערבאַך האָט דאָך געשריבן: „די יידן האָבן נאָך ביז היינט־צו־טאָג דערהאַלטן זייער אָפּגעזונדערטקייט, זייער פּרינציפּ, און זייער גאָט איז נאָך אַלץ — עגאָיזם. און עגאָיזם מאַכט דעם מענטש באַגרענעצט, גלייכגילטיק צו אַלעם, וואָס האָט נאָר נישט קיין שייכות מיט זיין אייגענעם דערפאָלג".

— איז עס נאָר דער ייד? האָט איר דאָך געהערט פריער פון מאַרקסן די אינטערעסאַנטע, אַלנפאַלס נייע, דעפיניציע פון אידעע איבערהויפּט?

מאַרקס איז נאָך אַלץ געזעסן שווייגנדיק, געפּיפקעט די ליולקע און אויפמערקזאַם זיך איינגעקוקט אין ענגעלסן און זיך צוגעהערט צו זיין רעדן.

— נו, מאַרקס באַקעמפט דאָך בויערס טעאָלאָגישן צוגאַנג צו דער יידן־פראַגע און שטעלט זי פאַר אַלס ריין־געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן ענין, אַזוי ווי עס איז איבערהויפּט יעדע רעליגיע. אָט האָט איר: „די פּאָליטישע עמאַנציפּאַציע פון ייד, קריסט, דעם רעליגיעזן מענטש איבערהויפּט, איז אידענטיש מיט דער עמאַנציפּאַציע פון דער מלוכה — פון יודאַאיזם, קריסטיאַניזם, פון רעליגיע איבערהויפּט". ווען פייערבאַך שאַצט אָפּ די יידישע רעליגיע לויט די אייגנשאַפטן פון יידישן שטאַם, טוט דאָס מאַרקס אַנדערש און באַווייזט דעם געזעלשאַפטלעכן שורש פון דער יידישער רעליגיע. „וועלכעס איז דער ערדישער גרונט פון יודאַאיזם? — פּראַקטישער באַדאַרף, גיריקייט. וואָס ערט אַ ייד אויף דער ערד? — שווינדל. ווער איז זיין ערדישער גאָט? — געלט! איז דעריבער דאָס באַפרייען זיך פון דער מאַכט פון שווינדל און געלט, דאָס הייסט פון דעם רעאַלן, פּראַקטישן יידנטום, וואָלט שוין דאָס געהייסן די זעלבסטבאַפרייונג. ווען דער ייד וועט אָנערקענען דאָס פּראַקטישע זיין פון יידנטום

פאַר עפּעס שעדלעכס און וועט זיך באַמיען דאָס צו באַזייטיקן פון זיך, וועט דאָס זיין אַן אַרבעט נישט נאָר פאַר דער אייגענער אַנטוויקלונג, נאָר עס וועט מיטהעלפן עמאַנציפּירן די מענטשהייט איבערהויפּט".

— סכאָלאַסטיק, איך גערעדט אין קאַטעגאָריעס און אַבסאָלוט נישט אין גייסט פון מאַרקס' דענקען און שרייבן זעלבסט. אַגב, לאָמיר אויסמיידן וועגן דעם צו דיסקוטירן. מיר וועלן זיך נישט צוזאַמענרעדן.

היינע האָט אַרויסגענומען פון זיין טאַש אַ בלאָק־נאָטיץ, אַרויסגעריסן אַ בלעטל און אָנגעשריבן דערויף: „איך האָב ליב די יידן פּערזענלעך".

— דאָ זיצט דאָך דער מחבר אַליין — האָט זיך רוגע געווענדעט צו מאַרקסן — פאַרוואָס נעמט איר נישט קיין וואָרט אין דעם וויכּוח?

מאַרקס האָט זיך נישט אויסגעדרייט, ווייטער זיך שטאַר איינגעקוקט אין ענגעלסן און געענטפערט:

— אַלץ, וואָס איך האָב געטראַכט וועגן דעם, האָב איך אויפגעשריבן און שוין אָפּגעדרוקט.

ווען העס האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ אין אַ זייט, האָט ער באַמערקט, ווי היינע האָט צו אים אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט — ער זאָל אויפהערן רעדן וועגן דעם.

ס'איז שוין גענוג שפּעט ביינאַכט, אין צימער איז דושנע און אָנגערויכערט, מען ליידיקט נאָך אויס די רעשטלעך וויין — ווי אין דעם גיט זיך האַסטיק אַ פּראַל־אויף די טיר און עס פאַלט אַריין בערנאַיס:

— חברים און פריינט! אַ בשורה, נישט קיין גוטע און אפשר יאָ אַ גוטע. איך האָב איצט באַקומען אַ ידיעה, אַז נעכטן אינדערפרי, דריי שעה נאָכדעם ווי דער זשורנאַל איז אָנגעקומען אין פּרייסן—איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל דער פּאָליציי, אַז ווי ס'וועלן נאָר אַריבערטרעטן די גרענעץ — אַרנאָלד רוגע, מאַרקס, היינע און איך—זאָלן מיר גלייך אַרעסטירט ווערן!

---

ביים פאַנאַנדערגיין זיך, האָט היינע אָפּגערופן העסן אין אַ זייט:

— אַ ברעסלויער יינגערמאַן, אויך אַן אויפגייענדיקער שטערן, ערשט ניינצן יאָר אַלט, זיין נאָמען איז פערדינאַנד לאַסאַל, איז בעת מיין זיין אין ברעסלוי, געקומען צו מיר און מיר איבער־געלייענט אַ פּעקל לידער, אַ פראַגמענט פון אַ דראַמע, עטלעכע אַרטיקלען און דערביי מיר אויך געוויזן זיינס אַ טאָג־בוך, וואָס ער פירט שוין זייט לאַנגע יאָרן. אַ קערל מיט טעמפּעראַמענט, הייס בלוט. דורכקוקנדיק אַ ביסל דאָס טאָג־בוך, האָב איך דאָרט געפונען אַ צוויי זייטלעך, וואָס איך האָב זיי מיר גלייך אי־בערגעשריבן. אָט האָט איר זיי דאָ און ברענגט עס מיר אָפּ צוריק.

אַרויסגייענדיק, איז העס גלייך אַריין אין דעם ערשטן קאַפע, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן און זיך געזעצט לייענען די צוויי בלעטלעך.

„איך האָב דאָס אים געזאָגט. און אין דעראמתן, איך האַלט זיך פאַר איינעם פון די בעסטע יידן, וואָס ס'קאָן נאָר געבן, כאָטש איך היט נישט אָפּ די ריטואַל־דינים. איך וואָלט פּעיִק געווען ווי יענער ייד אין בולווערס „לאַלאַ" מיין לעבן איינצו־שטעלן, אַבי אויסצולייזן די יידן פון זייער איצטיקן געדריקטן מצב. עס וואָלט מיך נישט אָפּגעשראָקן אַפילו דער עשאַפאָט, אַבי איך זאָל נאָך קאָנען זיי צוריק מאַכן פאַר אַ געאַכטעט פאָלק. אָך, ווען איך גיב זיך איבער מיינע קינדערשע טרוימען, איז מיין ליבסטער געדאַנק אַלעמאָל — זיך שטעלן אין דער שפּיץ פון די יידן מיט וואָפן אין דער האַנט און זיי ווידער מאַכן זעלבסטשטענדיק". (פ. לאַסאַל 1840).

„שוין ווידער רדיפות אויף יידן, אַ בלוט־בלבול אין דמשק. יאָ, אַ פאָלק, וואָס פאַרטראָגט אַזעלכעס, איז שרעקלעך! זאָל עס — אָדער נקמה נעמען אָדער אָננעמען פאַר ליב אַזאַ באַהאַנדלונג".

די יידן פון דער שטאָט טראָגן איבער גרוילעכע זאַכן. נאָר פאַריער קאָנען אַזוינס פאַרטראָגן און נישט רעאַגירן; אַפילו די קריסטן באַוווּנדערן אונזער לעבלעך בלוט — פאַרוואָס מיר

שטעלן זיך נישט אנטקעגן, פאַרוואָס מיר שטאַרבן נישט ליבערשט אויפן שלאַכטפעלד, איידער אומצוקומען פאַרפייניקטע. זענען די יידן, וועלכע האָבן באַוויזן די שווייצער צו אַן אויפשטאַנד געווען שווערערע? פאָלק פון פּהדנים!" דו ביסט נישט ווערט קיין בעסערן גורל!

ווידער אַמאָל די אומגלומפּערטע מעשיות, אַז די יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט! אין ראַדאָס און אין לעמבערג. איצט די זעלבע געשיכטע אין דמשק. דאָס, וואָס די בלבולים לאָזן זיך הערן פון אַלע ווינקלען אין דער וועלט, זאָל זיין, שיינט מיר, אַן אָנזאָג דערויף, אַז ס'איז טאַקע שוין באַלד צייט, מיר זאָלן נעמען זיך העלפן דורך קריסטלעך בלוט! טו אַליין פאַר זיך און גאָט וועט דיר העלפן! די קאָרטן זענען אויפגעוואָרפן, זיי וואַרטן נאָר אויף די שפּילער! (פּ. לאַסאַל, 1840).

# פאָרווערטס

ס'האָט אָנגעהויבן גיין מיט שנעלע טריט.

צום ערשטן, ווי געוויינלעך, גייען שנעל נאָך יעדן בייעם ווינטל די, וואָס איז זיי אָן אונטערשיד וואָס פאַראַ ווינט דאָס איז, אַבי מען קען דערביי עפּעס האָבן דערפון. איינער אַ בערנשטיין, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט טעאַטער-רעקלאַמעס, געקריגן געלט פון דעם פרייסיש-קעניגלעכן גענעראַל-דירעקטאָר פאַר מוזיק — קאָמפּאָזיטאָר מעערבער, וועלכער איז שטאַרק להוט נאָך אַ ביסל רעקלאַמע,—האָט פאַר דעם געלט געוואָלט פאַרלייגן אַ צייטונג. דאָרט וועט מען ערשט אויף אַן אמת אָנפירן מיט דער טעאַטער-רעקלאַמע. וואָס פאַראַ נאָמען געבן דער צייטונג? עפּעס שרייט דאָך די גאַנצע וועלט: „פאָרויס, פאָרווערטס!", אַז מען גייט מיט גרויסע שריט פאָרווערטס, נו, קינדער, זאָל די צייטונג הייסן „פאָרווערטס". די רעדאַקציע-לייטונג וועט ער איבערגעבן דעם געוועזענעם פרייסישן אָפיציר באָרנשטעט. עפּעס שמועסט מען, אַז ער איז אַן אַגענט, אַ שפּיאָן, ווייסט אים דער טייוול, וואָס קאָן דאָס אים אינטערעסירן?

מען האָט איינגעלאַדן עטלעכע פון די נייע נעמען, פון די עמיגראַנטן, עפּעס זענען די אַזוי שנעל באַרימט געוואָרן — אַבי עס זאָל ציען, דערלייגן דערצו וועט מען נישט, זאָלן זיי נאָר אַ ביסל אויסאַרבעטן די צייטונג, וועט מען זיי שוין שנעל משלח זיין. פאַרזינדיקן זיך ביי זיין מלוכה ווילט זיך דעם באָרנשטעט נישט, ער וועט דאָך נישט שטיין אויף איין ברעט מיט די עמיגראַנטן.

די צייטונג איז אַרויס. און אַז די פּרייסישע מיניסטאָרן האָבן דערזעען אין דער צייטונג די נעמען הײנע, רוגע, מאַרקס, בערנאַיס און באַקונין, האָט מען גלייך איר צוגענומען דעם דעביט.

אויב אַזוי, אַז אַלצאײנס איז שוין די צייטונג דאָרט פֿאַרבאָטן, דאַרף מען דעם קורס פֿאַרשאַרפֿן, נאָכמער צופּעפּערן, אַזוי, אַז ס'זאָל לוינען די פֿיליסטערס צו באַציען די צייטונג אומלעגאַל.

שנעל האָט רוגע פֿײנט געקריגן מאַרקסן. ער דרוקט אָפּ אַן אַרטיקל אין „פֿאָרווערטס", אין וועלכן ער דערציילט, אַז דער פּרייסישער קעניג איז אַ שיכּור, אַז ער פֿירט מיט זיין ווייב נאָר בלויז אַ גייסטיק צוזאַמענלעבן און מער נישט... און נאָך עטלעכע אַזעלכע ביליקע רכילותלעך און שרייבט זיך אונטער „דער פּרייס". אַלע וועלן דאָך זיכער מיינען, אַז דאָס איז מאַרקס' אונטערשריפֿט, זאָל ער טאַקע האָבן. פֿאַר באַקאַנטע האָט רוגע שוין באַטיטלט מאַרקסן „דער נעבעכדיקער אינדיווידואום" און „דער פֿאַרשאָלטענער ייד". מאַרקס האָט באַוויזן אָפּצודרוקן אין „פֿאָרווערטס" נאָר איין-און-איינציקן אַרטיקל און זיך גלייך אָפּגעזאָגט ווייטער מיטצואַרבעטן.

דער פֿראַנצויזישער אינערן-מיניסטער גיזאָ האָט צוליבגעטון דעם באַליידיקטן פּרייסישן קעניג און גלייך באַפֿוילן אַרויסצושיקן פֿון לאַנד באַקונינען, מאַרקסן, בערנאַיסן, רוגען און בערנשטיינען. נישט לאַנג האָט געדויערט, ווי רוגע און בערנשטיין זענען גלייך אַוועק אין דער דייטשער געזאַנדשאַפֿט, באַלייגט חרטה-בריוו און אַ דערקלערונג, אַז פֿון איצט אָן וועלן זיי שוין זיין העכסט-לאָיאַלע בירגער. און וואָס שייך דעם חזירישן אַרטיקל וועגן קעניג — איז ער גרייט אויף אַלעם צו שווערן, אַז דאָס האָט נישט געשריבן ער, רוגע, נאָר די יינגע הוליאַקעס.

---

ברונאָ בויער האָט שוין אויך אָנגעשריבן אין זיין שאַרלאָטנבורגער זשורנאַל „די אַלגעמיינע ליטעראַרישע צייטונג", אין וועלכן עס האָבן מיטגעאַרבעט נאָר זיינע צוויי ברידער

עדגאַר און עגבערט, אַ חוזקדיקע אָפּהאַנדלונג איבער די אַרטיקלען פון מאַרקס און ענגעלס אין די „יאָרביכער". מאַרקס און ענגעלס האָבן שוין געהייסן „די גרויסע חכמים און גרויסע ראַדיקאַלן". „אַ טייל פון די ביז-איצטיקע אידעען האָבן דערפאַר באַנקראָטירט (און זיי זענען שוין געווען פון פאָרויס פאַראורטיילט דערצו), ווייל מיט די אידעען האָט זיך אינטערעסירט די מאַסע, נישט נאָר זיך אינטערעסירט, נאָר באַגייסטערט מיט זיי. די אידעע האָט דעריבער געמוזט זיין אויבערפלעכלעך, זיין אויסגערעכנט אויף דעם בראַוואָ-געפּאַטשעריי פון די מאַסן. און די הערן מאַרקס און ענגעלס ווילן גיין אין דער ריכטונג נאָך ווייטער".

האָט מען באַדאַרפט דערויף ענטפערן. ענגעלס האָט עס געמאַכט באַלד פון אונטער דער האַנט — אָנגעשריבן אַ גאַנצן דרוק-בויגן. מאַרקס אָבער האָט זיך אַוועקגעזעצט שרייבן, איין טאָג און נאָך אַ טאָג, אַ וואָך און נאָך אַ וואָך, איינמאָל אָפּגעזעסן ביים שרייב-טיש פיר טעג און פיר נעכט, נישט צולעגנענדיק זיך אַפילו אויף קיין איין מינוט און נאָך דעם אַלעם ערשט דערקלערט, אַז עס וועט נאָך מוזן דויערן עטלעכע חדשים. די אַרבעט איז אויסגעוואַקסן ביז איבער 20 דרוק-בויגן (אַ בוך פון איבער 20 דרוק-בויגן האָט שוין אויך נישט געטאָרט קאָנפיסקירט ווערן) און די ברידער בויער זענען דאָרט געקרוינט געוואָרן מיט דעם נאָמען „די הייליקע פאַמיליע". אונטער דעם נאָמען איז דאָס בוך דערשינען.

דער טערמין פון וווין-רעכט אין פּאַריז האָט זיך שוין געענדיקט. ענגעלס איז צוריק אַהיימגעפאָרן קיין באַרמען און מאַרקס איז אַוועק קיין בריסל.

ביי דער באַן איז נאָר בייגעווען בלויז היינריך היינע. עס איז אים שטאַרק שווער געווען זיך צו שיידן מיט מאַרקסן:

— איך פאַרזיכער דיך, אַז די היינטיקע פירער פון פּראָלעטאַריאַט זענען די גרעסטע גייסטער און פילאָזאָפן. און אויך וויל איך דיר זאָגן, אַז דאָס יאָר 1844 איז דער שטאַרקסטער און העכסטער שטאַפּל פון מיין שאַפונג. און נאָך וויל איך דיר

זאָגן, ליבער היינריך, אַז דו ביסט דער טויף-פּאָטער פון מיין „ווינטער-מעשהלע״. דו זעסט ווי עס זעען אויס די בויערס און די רוגעס? די דייטשן ווערן גאָרנישט בעסער אין אויסלאַנד, פּונקט ווי דאָס עקספּאָרטירטע ביר. אַלץ נאָר מיר און מיר——,

# אין שטוב

אין אַ זויבער, נישט גרויס צימער, ביים פענסטער, איז געזעסן די איינאונדרייסיקיעריקע זשעני וועסטפאַליען. די גאַס איז ווייט פון האַנדל-צענטער, ס׳איז שטיל דאָ, נאָר פון צייט-צו-צייט פאָרט אַדורך אַ קאָטש, עס שלעפט זיך דורך אַ וועגעלע מיט קוילן, אַ באַלעבאָסטע איילט פון די האַליעס מיט אַ פול פאַרטוך גרינוואַרג — ס׳איז אומעטיק דאָ אין בריסל, ס׳איז נישט פאַריז. אין פאַריז פלעגן קומען צו זיי אַ סך מענטשן, דאָ קומט כמעט קיינער נישט, און קאַרל איז אומעטום אַלציינס פאַרנומען. אָבער ער זיצט ביז טיף אין דער נאַכט אַריין און שרייבט, אָדער ער גייט אַוועק אין שטאָט און זוימט זיך דאָרט לאַנגע שעהן.

יעדע מינוט שלאָגט קאַפויר אַן איבלעניש, אין רוקן שטעכט — זי דאַרף בקרוב שוין ווערן מוטער — און אַרום איז קיינער נישטאָ, אַלץ פרעמדע און די, וועלכע קומען יאָ אַמאָל אַריין, זענען בלויז מענער. און דאָס געלט לאָזט זיך אויך שוין אויס.

זי הויבט זיך אויף פון בענקל, וויל צוגיין אָפשטויבן די ביכער אויפן הענג-שענקל, נאָר זי דערפילט גלייך אינעווייניק אַ טרייסלעניש. עס וואַרפט זיך. אַ קינד, וואָס לעבט שוין. שרייבן דער מוטער — וועט זי הייסן קומען צו פאָרן און אויף קיין הוצאות וועט שוין נישט סטאַיען און בעטן געלט ביי דער מוטער וועט זי באין-אופן נישט.

איר קאַרל קלעטערט שנעל פון איין שטאָפל אויפן צווייטן, ער איז שוין איצט, דאַכט זיך, אויף אַ געגנוג הויכן שטאַפל, ער איז צעשטרייט, ער שטראַלט. — מען האָט פאַר אים מורא. ער האָט נעכטן געמוזט גיין אין דער פּאָליציי אונטערשרייבן, אַז ער וועט נישט שרייבן קעגן דער רעגירונג — זיי האָבן מורא פאַר אים, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיען, זיי האָבן מורא פאַר אַ נייעם אמת, צו אַלטע אמתן איז מען שוין געוווינט זיך נישט צו רעכענען מיט זיי. זי דערמאָנט זיך איצט ווי איר פאָטער, נישט לאַנג פאַרן טויט, (קאַרל האָט דאַן געלערנט אין בערלין) האָט זי אַריינגערופן צו זיך אין צימער אַריין און איר געזאָגט: „דער קאַרל וועט נאָך אַ סך היפּשעס אויפטון. עס ווענדט זיך אָפּטמאָל אין דער פרוי, זי קאָן עס צעשטערן, צעקוועטשן, אָדער פאַרקערט. אין ערגסטן פאַל דאַרף זי זיין זיין וועכטערין און באַשיצערין. געדענק-זשע אין דעם, זשעננו״.

מען קלאַפּט אין טיר. קאַרל.

— אַ בראַווער דער ענגעלס. מיר צוגעשיקט פון באַרמען 400 פראַנק. יאָ, און אויך פון היינען האָב איך געקריגן אַ בריוו. זעסט, טייערע, פאַעטן קאָנען ליבן. אַ האַלב זייטל מיט ליבן פאַר דיר. „אַט האָסטו — ענדיקט ער — וואַרעמע גרוסן פאַר דיין אַנטציקנדער און גייסטרייכער זשעננו״. ער האָט נישט איבערגעטריבן, דער קאַרל, אמת, זשעננו?

זיי האָבן זיך צעשמייכלט ווי קינדער.

— האָסט אפשר געדולד אַ ביסל, טייערינקע, וועל איך דיר איבערלייענען ענגעלס׳ בריוו.

„די גאַס איז אין אָוונט דאָ זייער אומזיכער. די בורזשואַזיע ווערט געקאָטעוועט, מיט מעסערס געשטאָכן און באַרויבט. ווו מען גייט, טרעפט מען זיך אָן אויף קאָמוניסטן. כדי צו וויסן צו די פּאָסט מאַכט נישט עפּעס מיט אונזערע בריוו, נומעריר זיי. ווען מען זאָגט דעם עולם, אַז רוגע איז נישט קיין קאָמוניסט, גלויבן זיי נישט. זיי באַדויערן, וואָס אַזאַ גרויסע ליטעראַרישע קראַפט געהערט נישט צו אונז.

האָסטו שוין געלייענט שטירנערס „דער איינציקער און

זיין אייגנטום״? קודם-כל מוז מען אים דערווייזן, אַז אויך זיינע עגאָיִסטישע מענטשן וועלן מוזן קומען צום קאָמוניזם. דאָס מוז מען דעם קערל דערווייזן. אויסערדעם מוז מען נאָך אָנשרייבן אַ טעאָרעטיש-זאַכלעכע דערקלערונג. מיר מוזן דאָס אַלגעמיינע אָפּטיילן פון דעם איינצלנעם און נישט סתּם אַזוי, פון דער לופט געצויגן — אַלאַ העגעל. אויך העס איז נאָך גאַנץ היפּש אַנגאַזשירט אין די אידעאַליסטישע שטותים. העס קאָן אויך נישט שרייבן פּאָפּולער, ווייל ער איז צו-אַבסטראַקט. ווען העס וועט ביי דיר זיין, שמועס מיט אים אַ ביסל וועגן דעם. שטירנערס בוך באַווייזט אויך ווי טיף עס שטעקט נאָך די אַבסטראַקציע אין די „פרייע״. כאָטש פון די „פרייע״ איז ער דער פיינסטער, זעלבשטענדיקסטער און פלייסיקסטער.

וועגן זיך וויל איך דיר זאָגן, אַז ביי דער שאַכעריי אין מיין טאַטנס קאָנטאָר וועל איך נאָך ווערן אַ פיליסטער און נאָך דערמיט אויך אָנשטעקן דעם קאָמוניזם. איך שיק דיר דאָ אַ ביסל פּאַפּירלעך, און זאָלסט זיך קאָנען ווי ס׳איז כאָטש אַ ביסל איינאָרדנען.

פייערבאַך שרייבט מיר, אַז ער גייט זיך שוין אָנהויבן באַשעפטיקן מיט קאָמוניזם, נאָר פאַר דעם מוז ער נאָך פריער צעשטערן דאָס רעליגיעזע דרעק. אַלנפאַלס, אַ קאָמוניסט איז ער.

גריס עווערבעקן און באַקונינען. די פריינדלעכסטע גרוסן פאַר דיין פרוי״.

— נו, זייער גוט, קאַרל, איך בין שטאַרק צופרידן.

זיי האָבן זיך צוגעזעצט צום טיש עפּעס אָפּעסן.

— קאַרל, האָסטו שוין אַמאָל געטראַכט וועגן דעם, אַז אַ מענטש גייט אַרום און פילט אין זיך אַ לעבעדיק באַשעפעניש, אַ מענטש, וואָס טרייסלט זיך אין אייגענעם גוף, קאָנסטו זיך פאָרשטעלן אַזאַ געפיל?

קאַרל האָט זיך ווידער שטאַרק צעשמייכלט, אָפּגעווישט מיט אַ טישטוכל דאָס מויל און קוקנדיק שטאַר אין אַ ווינקל איר געענטפערט:

— יאָ, איך קאָן זיך פאָרשטעלן. איך האָב לעצטנס אַזאַ

ענלעך געפיל. שטעל דיר פאָר, טייערע, דער נירענבערגער זייגערמאַכער פעטער הענליין, וועלכער האָט קאָנסטרויִרט אין 1472 דאָס טאַשן-זייגערל. ער האָט געקענט אַלע אייגנשאַפטן פון אַ זייגער, געקענט יעדעס שרייפל, צונויפגעשטעלט וואַנטזייגערס, נאָר דעם יסוד דערפון, דעם טעאָרעטישן געבוי האָט ער נישט פאַרשטאַנען. איז ער עס נאָר איינמאָל, אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט דערגאַנגען, האָט ער שוין אויפצומאָרגנס אָנגעהויבן פיבערהאַפט צונויפשטעלן פאַרשידענע זייגערס, ביז ער איז דערגאַנגען אָט צו דעם קליינעם טאַשן-זייגערל.

— איך שאַף שוין עטלעכע יאָר, עס ליגט שוין אַ היפּש ביסל דאָרט אין קאָפּ, קלאָר געטראַכט, קלאָר געאַרבעט, נאָר דאָך האָט עפּעס געפעלט — עפּעס נאָר, אָבער דאָס, וואָס איז אַלץ — דער יסוד. און אָט זשענני, האָב איך די טעג, צווישן די פאַרשידענע געדאַנקען-וואָלקנס דערזעען פלוצלינג עפּעס זייער אַ קלאָרן, אויסגעלייטערטן שטיק הימל. פריש, אויסגעוואַשן. עס האָט זיך אָנגעהויבן וואָס-אַמאָל אַלץ מער צו דערנענטערן צו מיר. דאָס געפיל איז געווען — אַ קינד, וואָס טרייסלט זיך אין בויך פון אַ מוטער. עס וועט געבוירן ווערן. נאָך אַ חודש, נאָך אַ חודש, אַז עס לעבט שוין, עס טרייסלט זיך. האָב איך שוין אַ פאָרשטעלונג ?

— קאַרל, איך האָב דיך שוין לאַנג נישט געהערט רעדן אין אַזעלכע קינדיש-פּאָעטישע פאַרגלייכן.

— אָך, בראַוואָ, נאָך אַן איבערבלייבעניש פון דער יוגנטזינד. עך, אַ שרעקלעכער פּאָעט בין איך דאָס געווען. און דו, זשעני, האָסט דאָך פון מיר שטאַרק געהאַלטן אַלס פּאָעט, אמת?

— דו אַליין האָסט זיך דאָך דעמאָלט אויך געהאַלטן פאַר אַזעלכן.

— בראַוואָ, בראַוואָ, היינע איז גערעכט, ביסט גייסטרייך, מיין טייערע.

— ס'וואָלט זיך מיר וועלן זאָגן, אַז פּאָעטן זענען שטענדיק גערעכט.

— אָ, פּאָעטן, דאָס איז אַ באַוונדער שבט. ער גייט זיך

מיט זיינע אייגענע שטעגן און מען קאָן אים נישט מעסטן מיט דער מאָס פון אַ דורכשניטלעכן מענטש און אַפילו נישט-דורכ-שניטלעכן. מען דאַרף זיי ליבן, ווען זיי זינגען, מען דאַרף זיי נישט צו-שאַרף קריטיקירן.

— דו טראַכסט אַזוי, ווייל דו געמסט אפשר אַ מאָס פאַר אַ פּאָעט נאָר אַזעלכן ווי עס איז היינע.

— אפשר אויך גערעכט. זעסט וואָס ער שרייבט אין בריוו:

„דער פרייהייטס-דראַנג איז פיל ווייניקער ביי די געלער-טע, פּאָעטן, ליטעראַטן, ווי צווישן די ברייטע מאַסן ארבעטער און האַנטווערקער. די היינטיקע פירער פון פראָלעטאַריאַט, וועל-כע קעמפן קעגן דער עקזיסטירנדער אָרדנונג, זענען די גרעסטע גייסטער און פילאָזאָפן.

— נו, קאַרל. ליבט ער דאָך נישט נאָר מיך אַליין.

— מיינסט אַזוי?

## 2

„אַ שרעק-בילד גייט אום איבער אייראָפּע — דאָס שרעק-בילד פון קאָמוניזם. אַלע כוחות פון דער אַלטער אייראָפּע האָבן זיך פאַראייניקט צוליב דער הייליקער זאַך פון העצן און רודפן דאָס דאָזיקע געשפּענסט. דער פּויפּסט און דער צאַר, מעטערניך און גיזאָ, פראַנצויזישע ראַדיקאַלן און דייטשע פּאָליציי-לייט.

עס איז שוין די העכסטע צייט, צו דערציילן אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט וועגן דער וועלט-אָנשויונג, וועגן די צילן און שטרעבונגען פון די קאָמוניסטן. קעגן דער באָבע-מעשה וועגן אַ שרעק-בילד פון קאָמוניזם, אַרויסשטעלן אַ מאַניפעסט פון דער פּאַרטיי גופא".

---

די געשיכטע פון דער גאַנצער ביז-איצטיקער מענטשהייט, איז די געשיכטע פון קלאַסן-קאַמף.

די בורזשואַזיע האָט געשפּילט אין דער געשיכטע אַ העכסט-רעוואָלוציאָנערע ראָלע.

ווו די בורזשואַזיע איז נאָר געקומען צו הערשאַפט, האָט זי צעשטערט אַלע פעאָדאַלע, פּאַטריאַרכאַלישע, אידילישע פאַר-העלטענישן. זי האָט אָן רחמנות צעריסן די בונט-פאַרביקע פעאָדאַלע בענדער, וואָס האָבן צונויפגעבונדן דעם מענטש מיט זיינע הערשער בירושה און האָט נישט איבערגעלאָזט קיין אַנ-דערן צוזאַמענבונד צווישן מענטש און מענטש, אחוץ דעם נאַקעטן אינטערעס, דעם האַרצלאָזן מזומן. דעם הייליקן ציטער פון פרומער טרוימעריי, פון רעכטלעכער באַגייסטערונג, פון באַלע-באַטישער סענטימענטאַלקייט האָט זי דערטרונקען אין אייז-קאַלטן וואַסער פון עגאָיסטישער אויסרעכנונג. פּערזענלעכע ווירדע האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַן אויסטויש-ווערט און אָנשטאָט אַלע גע-

שווירענע און וויל-דערוואָרבענע פרייהייטן, האָט זי איינגעפירט נאָר די איינע געוויסנלאָזע פרייהייט — פון האַנדל. מיט איין וואָרט, זי האָט די עקספּלואַטאַציע, וואָס איז געווען פאַרוויקלט אין רעליגיעזע און פּאָליטישע אילוזיעס, פאַרביטן אויף אָפענער, אומפאַרשעמטער, דירעקטער, האַרטער עקספּלואַטאַציע.

די בורזשואַזיע האָט אַראָפּגעריסן דעם שיין פון הייליקייט פון אַלע מינים בכבודע טעטיקייטן, אויף וועלכע מען האָט ביז אַהער געקוקט מיט פרומען אָפּשיי. זי האָט דעם דאָקטאָר, דעם יוריסט, גלח, פּאָעט, דעם מאַן פון וויסנשאַפט פאַרוואַנדלט אין אירע באַצאָלטע לוין-אַרבעטער.

די בורזשואַזיע האָט אַראָפּגעריסן דעם רירנד-סענטימענטאַלן שלייער פון די פאַמיליען-פאַרהעלטנישן און האָט פון זיי געמאַכט אַ געלט-געשעפט.

כסדרדיקע איבערקערענישן אין דער פּראָדוקציע, אומאויפהערלעכע אויפטרייסלונגען פון אַלע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטנישן, אייביקע אומזיכערקייט און אייביקע באַוועגונג — דאָס צייכנט אויס די בורזשואַזע עפּאָכע פון אַלע אַנדערע,

די בורזשואַזיע האָט אָבער נישט נאָר געשמידט דאָס געווער, וואָס דאַרף איר ברענגען דעם טויט, זי האָט אויך געשאַפן די מענטשן, וואָס וועלן דאָס געווער אָנווענדן — די היינטיקע אַרבעטער, די פּראָלעטאַריער.

ענדלעך, אין צייטן ווען דער קלאַסן-קאַמף דערנענטערט זיך צו אַן אַנטשיידונג, נעמט אָן דער פּראָצעס פון צעפאַלונג אינעווייניק אין דעם הערשנדיקן קלאַס, אין דער גאַנצער אַלטער געזעלשאַפט, אַזאַ העפטיקן, אַזאַ שאַרפן כאַראַקטער, אַז אַ קליינער טייל פון דעם הערשנדיקן קלאַס רייסט זיך פון אים איינגאַנצן אָפּ און שליסט זיך אָן אין דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַס, אין דעם קלאַס, וואָס טראָגט אין זיינע הענט די צוקונפט. פּונקט ווי אַ טייל פון דעם אַדל איז אַמאָל אַריבער צו דער בורזשואַזיע, אַזוי גייט איצט אַ טייל פון די בורזשואַ-אידעאָלאָגן אַריבער צו די, וועלכע האָבן זיך דערהויבן ביז צו פאַרשטיין טעאָרעטיש די גאַנצע געשיכטלעכע באַוועגונג.

דער לומפּן-פּראָלעטאַריאַט, אָט דער פּאַסיווער צעפוילונגס-פּראָדוקט פון די אונטערשטע שיכטן פון דער אַלטער געזעלשאַפט ווערט וווּ-נישט-ווּ אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג דורך דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע; כאָטש זיין גאַנצער לעבנס-מצב איז אַזאַ, אַז ער איז מער געניגט צו פאַרקויפן זיך פאַר רעאַקציאָנערע מאַכינאַציעס.

דער אונטערגאַנג פון דער בורזשואַזיע און דער זיג פונם פּראָלעטאַריאַט איז אומפאַרמיידלעך!

די קאָמוניסטן שיידן זיך אונטער פון די איבעריקע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען דערמיט, וואָס פון איין זייט טיילן זיי אויס אין די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע קאַמפן פון די פּראָלעטאַריער די געמיינזאַמע אינטערעסן פון דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע זענען נישט אָפּהענגיק פון נאַציאָנאַליטעט און פון דער אַנדערער זייט — דערמיט, וואָס אין די פאַרשידענע מדרגות פון אַנטוויקלונג, וועלכע ס'מאַכט דורך דער קאַמף צווישן פּראָלעטאַריאַט מיט בורזשואַזיע, פאַרטרעטן זיי שטענדיק די אינטערעסן פון דער גאַנצער באַוועגונג.

די קאָמוניסטן זענען אויף אַזאַ אופן, אין דער פּראַקטיק, דער אַנטשיידנדיקסטער, כסדר פאָרויס-טרייבנדיקער טייל פון די אַרבעטער-פּאַרטייען אין אַלע לענדער.

איר זענט אויפגעבראַכט, וואָס מיר ווילן אָפּשאַפן פּריוואַט-אייגנטום? אָבער אין אייער איצטיקער געזעלשאַפט איז דאָס פּריוואַט-אייגנטום פאַר ניין צענטל פון אירע מיטגלידער שוין אָפּגעשאַפט. עס עקזיסטירט דאָך גראָד דורך דעם, וואָס פאַר ניין צענטל עקזיסטירט עס נישט.

מען זאָגט אויך, אַז קוים וועט ווערן אויס פּריוואַט-אייגנטום, וועט זיך אָפּשטעלן יעטוועדע טעטיקייט און עס וועט זיך אָנהויבן אַן אַלגעמיינע פוילקייט. אויב אַזוי, האָט די בורזשואַזע געזעלשאַפט שוין לאַנג באַדאַרפט אונטערגיין פון פוילקייט; וואָרום די, וואָס אַרבעטן אין דער געזעלשאַפט — דערווערבן נישט און די וואָס דערווערבן — אַרבעטן נישט.

הערט־אויף צו שטרייטן מיט אונז, איר, וואָס גייט־צו צו דער אָפּשאַפונג פון בורזשואַזן אייגנטום מיט אייערע בירגערלעכע פאָרשטעלונגען וועגן פרייהייט, בילדונג, רעכט א. ז. וו. אייערע אידעען גופא זענען אַ פּראָדוקט פון די בורזשואַזע פּראָדוציר־ און אייגנטום-פאַרהעלטנישן, פּונקט ווי אייער רעכט איז נישט מער ווי דער ווילן פון אייער קלאַס, דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ געזעץ. און דער אינהאַלט פון אָט דעם ווילן ווערט באַשטימט דורך די מאַטעריעלע לעבנס-באַדינגונגען פון אייער קלאַס.

אָבער, זאָגט איר, מיר שאַפן אָפּ די אינטימסטע באַציונ־ גען, קוים ווילן מיר אָנשטאָט פאַמיליען-דערציונג איינפירן גע־ זעלשאַפטלעכע דערציונג; אָבער ווערט דען אייער דערציונג נישט באַשטימט דורך דער געזעלשאַפט? דורך די געזעלשאַפט־ לעכע פאַרהעלטנישן, אין וועלכע איר פירט די דערציונג, דורך דער דירעקטער אָדער אומדירעקטער אַריינמישונג פון דער גע־ זעלשאַפט, מיט דער הילף פון דער שול א. ז. וו.?

די קאָמוניסטן האָבן נישט אויסגעטראַכט די ווירקונג פון דער געזעלשאַפט; זיי ענדערן בלויז דעם כאַראַקטער פון דער ווירקונג, זיי רייסן אַרויס די דערציונג פון אונטער דער השפעה אינם הערשנדיקן קלאַס.

„אָבער איר, קאָמוניסטן, ווילט איינפירן שותפות אויף ווייבער!"—שרייט אין איין כאָר די גאַנצע בורזשואַזיע.

פאַרן בורזשוי איז זיין פרוי, ווייזט אויס, נישט מער ווי אַ פּראָדוציר-אינסטרומענט. ער הערט, ווי מען וויל, אַז די פּראָ־ דוציר־אינסטרומענטן זאָלן עקספּלואַטירט ווערן אויף אַ קאָלעק־ טיוון אופן, קומט ביי אים אויס נישט אַנדערש, ווי אַז דער גורל פון קאָלעקטיווקייט וועט נישט אויסמיידן אויך די ווייבער.

איבריקנס, איז נישטאָ קיין מער לעכערלעכע זאַך, ווי אָט דער הויך־מאָראַלישער צאָרן פון אונזער בורזשואַ קעגן דער כלומרשטער אָפיציעלער ווייבער־שותפות ביי די קאָמוניסטן.

מען וואַרפט אונז, קאָמוניסטן, פאָר, אַז מיר ווילן אָפּשאַפן דאָס פאָטערלאַנד, די נאַציע. —

די אַרבעטער האָבן נישט קיין פאָטערלאַנד, מען קאָן ביי זיי נישט צונעמען דאָס, וואָס זיי האָבן נישט. אַזוי ווי דער פּראָלעטאַריאַט מוז קודם-כּל דעראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, זיך אָרגאַניזירן אַלס אַ נאַציאָנאַלער קלאַס, זיך זעלבסט קאָנסטיטויִרן אַלס נאַציע — איז ער נאָך אַליין נאַציאָנאַל, הגם לגמרי נישט אין דעם זינען, ווי די בורזשואַזיע פאַרשטייט עס.

צי באַווייזט דען נישט די געשיכטע פון אידעען, אַז די גייסטיקע פּראָדוקציע ענדערט זיך צוזאַמען מיט דער מאַטעריעלער? די הערשנדיקע אידעען פון אַ געוויסער עפּאָכע זענען אַלעמאָל געווען נאָר די אידעען פון דעם הערשנדיקן קלאַס פון דער עפּאָכע.

נישטאָ קיין לייכטערע זאַך, ווי צוגעבן דעם קריסטלעכן אַסקעטיזם אַ סאָציאַליסטישע באַפאַרבונג. איז דען דאָס קריסטנטום אויך נישט אַרויסגעטרעטן קעגן פּריוואַט-אייגנטום, קעגן הייראַט, קעגן מלוכה?

אָבער דער סאָרט סאָציאַליזם, דער קריסטלעכער סאָציאַליזם, איז נישט מער, ווי דאָס הייליקע וואַסער, מיט וועלכן דער גלח באַשפּריצט דאָס ערגערן זיך פונם אַריסטאָקראַט.

אַ צווייטער מין סאָציאַליזם האָט זיך באַמיט צו פאַרמיאוסן ביי דעם אַרבעטער-קלאַס יעדע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, טענהנדיק, אַז דער אַרבעטער-קלאַס קאָן האָבן נוצן נישט פון דער אָדער יענער פּאָליטישער ענדערונג, עקאָנאָמישע פאַרהעלטנישן, וואָס קאָן געשעען נאָר אויף אַ רעוואָלוציאָנערן וועג, נאָר דורך בלויז אַדמיניסטראַטיווע פאַרבעסערונגען, וועלכע קאָנען דורכגעפירט ווערן אויפן באָדן פון די זעלביקע פּראָדוציר-פאַרהעלטנישן.

די קאָמוניסטן האָבן נישט וואָס זיך צו באַהאַלטן מיט

זייערע אָנשוויונגען און פּלענער. זיי זאָגן אָפן, אַז זייערע צילן קאָנען דערגרייכט ווערן נאָר דורך אומוואַרפן מיט געוואַלט די גאַנצע ביז־איצטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג. זאָלן די הערשנ־דיקע קלאַסן ציטערן פאַר אַ קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. די פּראָלעטאַריער קאָנען אין איר גאָרנישט פאַרלירן אויסער זייערע קייטן, געווינען קאָנען זיי אַ גאַנצע וועלט!

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט אייך!!

---

ס'איז שוין געווען טיף אין דער נאַכט, ווען מאַרקס האָט אויפגעהערט לייענען פאַר זיין פרוי די פראַגמענטן פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט".

— פּרעכטיק, קאַרל, און פאַרוואָס האַלט איר ביידע אויף מיטן פאַרענדיקן דאָס אין גאַנצן און עס אָפּשיקן דער אָרגאַניזאַציע קיין לאָנדאָן?

— פּרעכטיק זאָגסטו?

— יאָ, אומבאַדינגט. אונזערע זשענכען, לאַאורא און עד־גאַר וועלן שוין זיכער אָטעמען מיט דער לופט פון דער נייער, פרייער געזעלשאַפט. און אפשר מיר נאָך אויך?

— און דער אָרעמער פילאָזאָף פּרודאָן שרייבט, אַז די אַרבעטער האָבן שוין גענוג בלוט, זיי ווילן זיך לערנען. לער־נען ווילן זיי זיך, פאַרשטייט זיך, זייערע תורהס. און איך בין דאָס — לויט אים — דאָס געשפּענסט, וואָס דורשט נאָך בלוט. אַגב, מיט פּרודאָנען בין איך מיר אַליין אַ ביסל שולדיק. איך בין מיט אים איינמאָל געזעסן אין פּאַריז אַ גאַנצע נאַכט און געמאַכט אים עטלעכע העגעלשע איינשפּריצונגען. ער האָט זיך דערפון אַ ביסל אָנגעשטעקט און ווען ער האָט זיך גענומען אים געניער לערנען, האָט ער אים, נעבעך, שלעכט צעקייט און נאָך ערגער פאַרדייעט. אמת, אַז אַ ביסל שולדיק איז אין דעם זיין שוואַך קענען דייטש. יאָ, איך בין אַ געשפּענסט, וואָס דורשט נאָך בלוט.

— נו, ווייטלינג האָט דאָך נאָך ערגער געזאָגט וועגן דיר.

דו ווילסט זיי פאַרטרייבן פון דער באַוועגונג, ווייל דו ווילסט זיי אָוועקטרייבן פון די געלט-קוואַלן און אַלץ צונעמען פאַר זיך. דאָס איז אַוודאי דער תּוך פון זייער פילאָזאָפיע וועגן אָרעמקייט.

— און דער תּלמודיש-קריסטלעכער מאָזעס האָט מיר נאָך געשריבן, אַז איך זאָל נישט הערמעטיש פאַרמאַכן פאַר אים מיין פּאָרטמאָנע. ער וואָלט באַדאַרפט בעסער שרייבן „די שטאָלענע קאַסע". און ווייסטו ווי אַזוי דער וויטלינג שרייבט וועגן מיר און „ניו-יאָרקער פאָלקס-טריבון"? „היט זיך פאַר די ברודיקע אינטריגאַנטן! די קעפּ פון דער געשפּענסטיקער, אין גאָלד-זיך-טונקענדיקער ליגע, קלערן גאָרנישט וועגן עפּעס אַנדערש, ווי נאָר וועגן קעמפן קעגן מיר". האַ, דאָס איז שוין איינמאָל אַ קונציקער סאָרט אויטאָ-רעקלאַמע. נו, פאַרפאַלן. נאָר אַ טייל אַלטע סאָציאַליסטישע באָבעס וואָלטן געוואָלט פאַרטושן און פאַרזיסן דעם צווישן-פּאַרטייאישן קאַמף.

— אָבער אויף אַזאַ אופן? עס איז דאָך גרוילעך.

— וואַרט, וואַרט, דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אָט איז נאָך אַ בלום. הערוועג האָט איינעם איבערגעגעבן אַ קאָפּיע פון באַקונינס אַ בריוו צו אים, איבערגעגעבן יענעם מיט דער פאַרבאָרגענער כּוונה, אַז יענער וועט עס מיר זיכער ווייזן. ער האָט זיך מסתּמא געריבן די הענט פון הנאָה ביים איבערגעבן יענעם די אָפּשריפט.

— לייען זי מיר, קאַרל.

— לייענען דיר? ס'איז עקלהאַפטע פאַסקודסטווע ביז דער צענטער פּאָטענץ.

„די דייטשן באַרנשטעט, מאַרקס און ענגעלס, דער עיקר מאַרקס, טוען דאָ אָפּ זייערע געוויינלעכע שווינערייען. גדלות, נידערטרעכטיקייט, פּליאָטקעס, טעאָרעטישע גאווה און פּראַקטישע קלייגלעכקייט. אַ חשק צום לעבן, טאַט און איינפאַכקייט — און אַ פולשטענדיקער מאַנגל אין לעבן, טאַט און איינפאַכקייט. אַן עקלדיק זיך חנפענען צו די ליטעראַרישע און דיסקוטירנדיקע באַלמעלאָכעס.

„פייערבאַך איז אַ בורזשוי“ און דאָס וואָרט „בורזשוי“ חזרט זיך איבער אַזויפיל מאָל, אַז עס קריכט שוין פון האַלז. אָבער אַליין זענען זיי פון קאָפּ ביז די פיס קליינשטעטל־דיקע בורזשויען. מיט איין וואָרט: שקר און נאַרישקייט, נאַריש־קייט און שקר. אין דער דאָזיקער חברותא איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט פריי צו אָטעמען. איך האַלט מיך ווייט פון זיי. איך האָב קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז איך גיי נישט אין זייער קאָ־מוניסטן־פאַריין און וויל מיט זיי קיין שום מגע־ומשא נישט האָבן“.

— ברוטאַל, כאַמיש.

— דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי פילן שוין דעם אונטער־גאַנג פון זייערע אידעען.

— באַקונין, פרודאָן, וויטלינג, זיי אַלע, האָב איך דעם איינדרוק, פילן זיך שטענדיק ווי די באַוועגונג — דאָס זענען זיי. נישט אַז די אידעען האָבן זיי אַרויסגערוקט, נאָר אַז זיי האָבן אַרויסגערוקט די אידעען.

— ס'איז דאָ אַ סך אמת אין דעם, וואָס דו זאָגסט.

— און כאָטש וויטלינג און פרודאָן זענען דאָך אַליין געווען אַרבעטער, פילן זיי זיך דאָך נישט פסיכיש צונויפגעבונדן מיט די אַרבעטער: אַזוי ווי אויפגעקומענע גבירים. איך האָב דאָס גאַנץ גענוג געפילט אין זייער האַלטונג.

— וואָלסט באַדאַרפט זען, זשעני, ווי די פּשוטע אַרבע־טער, די מיט די פאַרכמורעטע אויגן און נישט־ראַזירטע פנימער, ווען זיי זאָגן זיך אָפּטמאָל אַרויס אויף די פאַרזאַמלונגען, ווי טיף זיי אַנען געוויסע זאַכן. דער אינסטינקט איז ביי טייל פון זיי אַזוי פאַרשאַרפט, אַז זיי דערפילן אָפטמאָל מיט אַ הונדערט־פּראָצענטיקער, העלזעערישער זיכערקייט די קאָמפּליצירטסטע סיטואַציע און ווערן אַלץ גענוי אונטערשיידן און אָפּשאַצן. נאָך באַקונינס אַ פאָרטראַג האָט אַן אַרבעטער צו מיר געזאָגט: „ווען דאָס מעסער איז שוין אָנגעשאַרפט, קאָן מען מיט דעם שניידן. אָבער באַקונין וויל פון דעם נישט וויסן, ער וויל גלייך שניידן. און אויך וויל ער שניידן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז אָפטמאָל, פון

אַזאַ שטאַרק פאַרמעסטן זיך, גיט מען יענעם נאָר אַ צעדראַפּע. יענער איז צופרידן פון דער געלעגנהייט, ער קאָן ווערן צע־רייצט און וואַרפט זיך גלייך אויף דעם שניידער און דערדריקט אים צוזאַמען מיטן מעסער".

— אַ ביסל מליצהדיק, אָבער נישט שלעכט געזאָגט.

— זשעני, אַז מוש וועט געזונט ווערן, וועסטו, גלויב איך, קומען אויף אונזערע פאַרזאַמלונגען. נו, מען וועט נאָך זיך אַוועקזעצן איצט אַ ביסל שרייבן, עטלעכע שטעלן פון דעם מאַ־ניפעסט דערגענצן, פאַרפעסטיקן, און דו, טייערע, וועסט זיך שוין גיין לייגן, ווייל ס'איז שוין היפש שפּעט. פרידריך וועט אַוודאי קומען באַלד אינדערפרי.

פון דעם צווייטן צימער האָט זיך דערטראָגן אַ קינדיש געוויין.

— עס וויינט לאַורא, זי איז צופיל צעצערטלט.

— אָבער מיין זשענכען וויינט נישט, זי איז אַ מאַנספּערשוין.

זשעני איז אַריין אין צווייטן צימער און געברענגט צו טראָגן פון דאָרטביידע מיידעלעך. די שוואַרץ־אויגיקע און שוואַרץ־לאָקיקע זשענכען אויף איין האַנט און די בלאָנדע, בלוי־אויגיקע לאַאורא אויף דער צווייטער האַנט.

— נאַ, האָסטו דיר ביידע טעכטער.

ער האָט זיך צו זיי צוגעבויגן און לאַנג געקושט:

— גייט שלאָפן, מלאָכימלעך.

— קאַרל, האָסט, דאַכט זיך, זשענכען געגעבן מיט איין קוש מער.

— ניין, ביידע גלייך, נאָר טאָמער נישט, נאַ דיר אָפּ איר קוש.

* *
*

די פרוי מאַרקס האָט נאָך אַלץ געטראַכט וועגן באַקונינס, וויילינגס און פרודאָנס קאַמפּאַניע קעגן קאַרלען. זי האָט גע־האַט דעם איינדרוק, אַז דאָס אַלץ איז פרודאָנס אַרבעט. זי

האָט נישט געקאָנט אַנטשלאָפֿן ווערן. זי איז אַראָפּ פֿון בעט און גענומען קאַרלס בוך „די אָרעמקייט פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע". זי האָט אַריינגעקוקט אין דער הקדמה.

„הער פּרודאָן געניסט דאָס אומגליק באַקאַנט צו ווערן אויף אַן אייגנטימלעכן אופֿן. אין פֿראַנקרייך האָט ער דאָס רעכט צו זיין אַ שלעכטער עקאָנאָמיסט, ווייל מען האַלט אים דאָרט פֿאַר אַ גרויסן געלערטן אין דער דייטשער פֿילאָזאָפֿיע; אין דייטשלאַנד דאַקעגן, קאָן ער זיין אַ שלעכטער פֿילאָזאָף, ווייל מען האַלט אים דאָרט פֿאַר דעם גרעסטן פֿראַנצויזישן עקאָנאָמיסט. איז מיר באַשערט די טאָפּל-אייגנשאַפֿטן פֿונם הער פּרודאָן, דעם טאָפּל-טעות — אומצוואַרפֿן.

דער לעזער וועט באַגרייפֿן, אַז דאָס איז אַן אומדאַנקבאַרע אַרבעט.

דאָס ווערק פֿון הער פּרודאָן איז נישט קיין איינפֿאַכע אָפּהאַנדלונג איבער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, עס איז נישט קיין געוויינלעך בוך, עס איז אַ ביבל, מיסטעריען, געהיימנישן, אַרויסגעשלעפּט פֿון גאָטס בוזעם, נביאותן. אָבער היינט-צו-טאָג, ווען נביאותן ווערן אויסגעפּאָרשט, אַנאַליזירט און אָפּגעשאַצט צוזאַמען מיט ווערק פֿון יעדן בשר-ודמדיקן מחבר, וועלן מיר זיך אויך איצט לאָזן אין די עטערישע הויכן פֿון דעם הער פּרודאָנס איבער-סאָציאַליזם".

זי האָט אַ ביסל לייכט אָפּגעזיפֿצט און האַסטיק אַ פֿאַרמאַך געטון דאָס בוך:

— רעכט אויף אים אַזוי, ער איז עס ווערט, דער פֿראַנצויז.

# שוין?

אין איינעם פון די סוף-ווינטער-טעג. אַ מאַטע טונקלקייט איינדרויסן. אין די ראָוועס פליסט שמוציקלעך וואַסער מיט שטיקלעך אייז, שפּענדלעך און שטיקלעך שטרוי. נאָר אויף די דעכער, צווישן די שינדלען האָבן זיך נאָך פאַרהאַלטן קלאָרע פּאַסיקלעך שניי, וועלכע דערמאָנען אין דער יוגנט פון ווינטער.

אויף די בלעכן פון די פענסטער פון די אָרעמע שטובן הענגען נאָך אַראָפּ פאַרפרוירענע צוויטן. אַ קליין מיידעלע קראַצט מיט די נעגל די פאַרפרוירענע שויבן און גיט יעדעס מאָל אַ קוק אַרויס: „צי קאָן מען שוין אַרויס אויף דער גאַס? צי עסט שוין נישט אַזוי דער פראָסט?" אַ פרוי טראָגט אַ קליין קוישל מיט אַ ביסל פאַרשנייטע קוילן. איין שוך איז ביי איר אויפגעריסן און עס שטאַרט אַרויס אַ שטיק רויט-בלוילעכע פיאַטע. אַ יינגל לויפט מיט זיין רענצל אין שולע אַריין. אין איילעניש טרעט ער אָן דער פרוי אויף דער אַנטבלויזטער פיאַטע. ס'פאַרגייט איר אונטערן האַרץ, טרערן שטעלן זיך איר אין די אויגן און זי שרייט נאָך דעם אַנטלויפנדן יינגל:

— אַז אַ שוואַרצער סוף זאָל שוין אויף אייך קומען. ס'איז שוין די העכסטע צייט!

קאַרל איז צוגעקילט און ליגט היינט צו-בעט. ער הוסט שווער, הערט אָבער נישט אויף צו פּיפּקען זיין ליולקע און קוקט זיך איין אין די געדיכטע קנוילן רויך, וועלכע פּאַליען זיך איבערן צימער.

זשעני שטייט נאָך אַלץביים פענסטער און ציילט די בלעטלעך פון קאַלענדאַר.

— וואָס ווילסטו דאָרט פון קאַלענדאַר, זשעני? מיר האָבן דאָך נישט דערוויייל צו צאָלן קיין וועקסלען.

— כ'האָב גאָרנישט באַמערקט, אַז כ'בין שוין אין פינפ-אונדרייסיקסטן יאָר. שוין 12 טעג נאָך די 34.

— פאַקטיש? האָב איך גאָר פאַרגעסן אין דיין געבורטס-טאָג?

— אויך איך האָב פאַרגעסן. נאָר היינט דאַרף מען שוין געדענקען וועגן די געבורטס-טעג פון אונזערע קינדער. נו, איז שוין 12 טעג, האָבן מיר שוין היינט דעם 24-טן פעברואַר.

זשעני באַמערקט, ווי עס לויפט אויף דער גאַס עפעס איינער אַן אַרבעטער און אין לויפן קוקט ער כסדר אַרויף צום פענסטער. אפשר איז זי זיך טועה? וואָס נענטער ער קומט צו, אַלץ בעסער זעט זי, אַז זי האָט נישט קיין טעות. ער קוקט טאַקע דאָ אַרויף צום פענסטער. זי פילט, אַז דאָס לויפט ער צו זיי; אַז עפעס איז געשען. ס'קלאַפּט איר דאָס האַרץ. אָט הערט זי שוין אַ שנעל און האַסטיק שפּרייזן איבער די שטיגן. מען קלאַפּט אין טיר.

זי לויפט עפענען. עס פּראַלט אַריין אַן אַרבעטער פון אַ יאָר דרייסיק. ס'גיסט זיך פון אים שווייס. ער ווישט אָפּ מיטן היטל דאָס פּנים, דעם האַלז. די אויגן זענען ביי אים, ווי אַרויסגעזעצטע, ער אָטעמט קוים:

— ווו איז דער חבר מאַרקס, דער חבר מאַרקס?

ער וואַרט אָבער נישט אויף קיין ענטפער און לויפט גלייך אין צווייטן צימער אַריין.

— חבר מאַרקס, **אַ רעוואָלוציע אין פּאַריז, אַ רע-וואָלוציע!!!**

און ער איז גלייך אומגעפאַלן אויף אַ בענקל. ער האָט אָן כוח געשעפּטשעט:

— אַ רע—וואָ—לוצ—יע, חבר מאַרקס, אַ רע—וואָ-לו—ציע.

קאַרל האָט עטלעכע מינוט ניִשט געקאָנט רעדן און אָנ־קוקנדיק דעם אַרבעטער און זשענניִן, האָט ער שטיל אַ זאָג געטון:

— ש—וין?

און געשאָקלט מיטן קאָפּ אין ביידע זייטן:

— נאָך צו פרי.

— נו, אָבער דאָך, ביסט פונדעסטוועגן בלייך געוואָרן.

— נו, יאָ.

די פרוי זשענני האָט דערווייל אַריינגעברענגט אַ קלאָר האַנטוך, אָפּגעווישט ביים אַרבעטער דעם שווייס פון פנים, אים געגעבן אויף אַ לעפל עטלעכע טראָפּנס פון אַ פלעשל און אים אוועקגעזעצט באַקוועמער אויפן בענקל.

— ס'איז מיר שוין בעסער. און איך מוז שוין גיין.

— וואַרט צו, חבר, איך גיי מיט אייך.

— איך וואָלט אויך וועלן גיין, קאַרל.

— און די קינדער?

---

אין אַ צייטונג פון עטלעכע טעג פריער לייענט מען:

„אַ בריוו פון פרידריך ווילהעלם דעם IV צו לואי פיליפּ:

דורכלויכטיקער הער!

„דו ביסט די קרוין פון די אייראָפּעאישע מאָנאַרכן, די האַנט פון השגחה פרטיות, וועלכע דאַרף פאַרהיטן דאָס ווערק פון יאָרהונדערטער און אויפסניי פאַרפעסטיקן די געזעלשאַפט, וועלכע האָט אַ צעטרייסלטן פונדאַמענט. הלוואי זאָל גאָט געבן נאָך אַ לאַנג לעבן אייער קעניגלעכער הויכקייט פאַר דעם וווּל־זיין פון פראַנקרייך און גאַנץ אייראָפּע. דאָס איז מיין הייסעס־טער ווונטש.״

באַריכטן פון פאַריז פון די לעצטע צוויי טעג:

„דער אַרבעטס־מיניסטער זשאַר צום קעניג:

איך האָב געזעען פיל מענטשן אין בלוזעס פון ביידע זייטן סעקוואַנע, וועלכע האָבן געצויגן צום פרידן־פּאַלאַץ און געהאַלטן אין איין שרייען „אַ באַ!״*) מיר וועלן ניִשט האָבן

*) נידער.

קיין גרויסן קאַמף, אַלנפאַלס אַ שטיקעלע אויפשטאַנד וועט פאָרט זיין. מען דאַרף זיין גרייט.״

פון לעצטן טאָג:

„די פאָרשטאָט „הייליקער אַנטאָניוס״, דאָס רעוואָלוציאָנערסטע ווינקל פון פּאַריז, איז אויף די פיס״.

„דאָס פאָלק איז אויפגעבראַכט אויף דעם מיניסטער גיזאָ. אומעטום הערט מען „נידער מיט גיזאָ!״

„אַמיליאַ, די פרוי פונם קעניג האָט געזאָגט צום מיניסטער דישאַטעל: „איך קאָן די קרבנות-גרייטקייט פון גיזאָ פאַרן קעניג און פאַר פראַנקרייך. איז אויב ער וועט זיין טריי זיין געפיל, וועט ער קיין איין רגע נישט בלייבן לענגער מיניסטער״. דערויף רופט זיך אָן דער קעניג:

— זאָג נישט דאָס, מיין טייערע. ווען דער הער גיזאָ זאָל נאָך דאָס הערן.

— אָט דאָס טאַקע ווינטש איך זיך. איך וועל אים אַליין דאָס זאָגן. איך אַכט אים צופיל, אַז איך זאָל נישט טראַכטן, אַז ער וועט מיך זייער גוט פאַרשטיין.

— איך וואָלט בעסער וועלן אַליין אַבדיקירן.

— זאָג נישט אַזעלכעס. דו געהערסט נישט זיך, נאָר פראַנקרייך.

— דאָס איז אמת, איך בין אין אַן ערגערער לאַגע ווי די מיניסטאָרן. איך קאָן זיך נישט אָפּגעבן אין דעמיסיע״.

„די גאַסן הילכן פון דער מאַרסיליעזע.״

„דער ערשטער צוזאַמענשטויס פון די מאַסן מיטן מיליטער. 23 טויטע און 47 פאַרוווּנדעטע.״

„ביים קאַמף אויף „דאָ-שאָטאָ״—275 דערהרגעטע פון פאָלק. צווישן זיי 24 פרויען. פון מיליטער 72 זעלנער און 4 אָפיצירן״.

„די מיניסטאָרן ראַטן דעם קעניג צו אַנטלויפן:

— דער וואָס אַנטלויפט קאָן נאָך זיגן אַ צווייט מאָל. צום אַנטלויפן דאַרף מען האָבן פונקט אַזויפיל מוט וויפל ביים בלייבן אויף דער פּאָזיציע.

אַמיליאַ זאָגט דאַן צו איר מאַן:

— מיין דורכלויכטיקער הער! טו אָן דעם מונדיר, זיץ-אויף אויף דיין פערד און מיט דיין אָנוועזנהייט וועסטו עלעק-טריזירן דאָס מיליטער און די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, און שטאַרב-אויב עס פאָדערט עס די ערע און דער טראָן.

ער איז אויפגעזעסן אויף זיין פערד. אַרויס אויף דער גאַס. צום ערשטן איז ער צוגעפאָרן צו אַן אָפּטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע.

אָבער אָנשטאָט זיי זאָלן רופן „זאָל לעבן דער קעניג", האָבן זיי אויסגערופן: „זאָל לעבן די רעפאָרם!" האָט זיך דער קעניג דאַן דערנענטערט צום גענעראַל פון דער גוואַרדיע און שטיל און צעבראָכן געזאָגט:

— איך וואָלט שוין לאַנג נאָכגעגעבן די רעפאָרמען, ווען איך ווייס, אַז די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע באַגערט דאָס אַזוי שטאַרק."

„אויפרוף!

בירגער פון פאַריז!

ס'איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל אָפּצוהאַלטן דאָס פייער פון מיליטער. דער קעניג האָט אונז איבערגעגעבן דאָס שאַפן פון אַ נייעם קאַבינעט. די דעפּוטאַטן-קאַמער ווערט פאַנאַנדערגעלאָזט.

פרייהייט, אָרדנונג און רעפאָרמען.

טיער און באַראָ."

„ווען באַראָ איז אַרויס אויף דער גאַס און זיך דערנענ-טערט צו דער ערשטער באַריקאַדע און געוואָלט רעדן צו די מאַסן, האָבן די קעמפער אויף אים אָנגעשטעלט זייערע ביקסן און געשריגן „נידער מיט די איינשלעפער פון פאָלק!"

דאָס פאָלק האָט אַראָפּגעריסן די אויפרופן פון טיער און באַראָ און אויף זייער אָרט אויפגעקלעבט אַן אויפרוף פון פרודאָן:

„לואי פיליפ הייסט אייך דערמאָרדן, פונקט ווי עס האָט עס געטון אין זיין צייט קאַרל דער צענטער. זאָל ער דעריבער גיין דאָרט, וווהין ס'איז געגאַנגען קאַרל דער צענטער.

יאָזעף פרודאָן"

„גיזאָ האָט זיך איבערגעטון פאַר אַ פרוי און איז אַנט־לאָפן פון פּאַריז”.

„דאָס פּאָ/ק טאַנצט די קאַרמאַניאָלע”.

אויף צומאָרגנס.

„25־טער פעברואַר, 1848. פּראָקלאַמאַציע פון דער צייט־ווייליקער רעגירונג צום פראַנצויזישן פאָלק.

די העלדישקייט פון פּאַריזער פאָלק האָט געשטירצט דער אָפּגעשטאַנענער און אָליגאַרכישער רעגירונג. די רעגירונג איז אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך בלוטיקע צייכנס, וועלכע מאַכן שוין אויף שטענדיק אוממעגלעך זייער צוריקקער. דאָס בלוט פון פאָלק איז פאַרגאָסן געוואָרן, פּונקט ווי אין יולי, אָבער דאָס איידעלע בלוט פון די קעמפער וועט נישט גיין לאיבוד. מיר האָבן דעראָבערט אַ נאַציאָנאַלע־ און פאָלקס־רעגירונג, וועלכע אַנטשפּרעכט דעם ווילן, רעכט און די פּראָגרעסיווע פאָדערונגען פון דעם גרויסן און בריטהאַרציקן פאָלק. די צייטווייליקע רע־גירונג, באַרופן דורכן דרוק פון די באַדינגונגען, דורך דעם ווילן פון פאָלק, באַשטעטיקט פאַר אַקלאַמאַציע דורך די דעפּו־טאַטן פון דעפּאַרטאַמענט אויף דער זיצונג פון 24־טן פעברואַר, איז איצט פאַרנומען אין דער מינוט מיט דער זאָרג פון אָרגאַ־ניזירן און פאַרפעסטיקן דעם פאָלקס־נצחון. די רעגירונג באַ־שטייט פון דיופּאָן, לאַמאַרטין, קרעמיע, אַראַגאָ, לעדרו־ראָלען, פּאַזשע און מאַרי. די סעקרעטאַרן — מאַראַ, לואי בלאַן און פער־דינאַנד פלאָקאָן.

גלייכהייט, פרייהייט און ברודערלעכקייט!”

„אַ ריזיקער המון האָט געטראָגן איבער די גאַסן דעם קעניגלעכן טראָן ביז צו דער באַסטיליע און דאָרט, ביי געזאַנג, אויסרופן און דער קאַרמאַניאָלע אים פאַרברענט. צוזאַמען מיטן טראָן האָט מען אויך פאַרברענט דאָס גאַנצע קעניגלעכע צירונג”.

יעדעס וואָרט פון די צייטונגען אין בריסל, יעדעס וואָרט פון די אויפרופן, יעדעס וואָרט אויף פאַרזאַמלונגען האָט אָנגענומען בלוט און פלייש. די זעלבע ווערטער האָבן געקאָנט אויך געזאָגט ווערן מיט עטלעכע וואָכן, מיט עטלעכע חדשים, יאָרן צוריק, אָבער אַנדערש האָבן זיי געקלונגען און אַנדערש האָט מען זיי אויפגענומען.

די ווערטער „די וועלט פון אונטערדריקונג גייט אונטער, ס'מוז קומען אַ וועלט פון פרייהייט און גערעכטיקייט, מיר זענען דערצו באַרופן דאָס צו טון" — האָט איצט באַדייט שאַפן גלייך גרופּעס מיט אָנפירער, זיך נעמען פאַרן געווער און צוגיין צו די פּאַלאַצן און זיי שטורמען. ווער האָט איצט מורא פאַרן טויט? דער אמת און די גערעכטיקייט איז אויף אונזער זייט. עס ווערן איצט אָפּגענומען די עוולות פאַר יאָרצענדליקער און יאָרהונדערטער, פאַר מיליאָנען מענטשן, פאַר די אומשולדיק-געשטאָרבענע פון הונגער און נויט, פאַר די פאַרפּייניקטע מאַרטירער, פאַר דעם באַליידיקטן כבוד פון דעם אונטערדריקטן און אָרעמען אַרבעטער-פאָלק, וועלכע זענען דאָך די שעפער פון די שענסטע ווערטן אויף דער וועלט. יעדער שאָס איז אַ קללה, אַ פאַרביטערטער אויסגעשריי, אַ פריידיקער אויסרוף. ווי נישט-באַדייטנדיק, ווי נישט-שרעקעוודיק עס זעט איצט אויס דער טויט!

דער קעניג לעאָפּאָלד, דער איידעם פון לואי פיליפּ, וויל אויסמיידן דעם גורל פון זיין שווער. ער טאַנצט פון פרייד, ער האָט געפּאַקט אַ פּאָרטל — ער לאָזט שנעל אויסקלעבן איבער די גאַסן פון בריסל און איבער די גאַסן פון נאָך עטלעכע גרעסערע שטעט אין בעלגיע, אַז ער איז תיכף-ומיד גרייט צו דעמיסיאָנירן, אויב דאָס פאָלק פאַרלאַנגט דאָס. זאָלן אויפהערן די דעמאָנסטראַציעס, די שטרייקן, די אומרוען און ער וועט זיך גלייך אָפּזאָגן פון טראָן.

אויף דעם קליינבירגער, אויף דעם מיטל-שיכט פון פאָלק האָט עס גלייך געווירקט — ס'האָט אים געשמייכלט. אַז ער איז

גרייט אַליין אָוועקצוגיין, ווייל אויסמיידן בלוט־פאַרגיסונג — איז עס גאַנץ פיין פון זיין זייט.

זיי לויפן פריידיק אַרום מיט דער ידיעה איבער די גאַסן און טומלען: „בראַוואָ, בראַוואָ, ער גייט אַליין, זאָל ער זיך גיין געזונטערהייט, און מיר קאָנען אַהיימגיין צו די ווייבער און קינדער, אָפּעסן אַ גוטן מאָלצייט און זיך פאַרווײלן.

אויף דעם סמך קאָן מען שוין צעטרייבן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס. דער עיקר דאַרף מען געדענקען אין די אַנ־פירער. דאָס ערשטע — זיך אַ נעם טון צו דעם דייטש קאַרל מאַרקס. אַזאַ פויגל טאָר איצט נישט אַרומשפּאַצירן איבער די גאַסן פון בריסל. עפּעס האָבן אים די אַרבעטער דאָ שוין צו־פיל ליב.

מען האָט אַרעסטירט מאַרקסן מיט זיין פרוי. די פרוי האָט מען איינגעזעצט אין אַן אָפּטיילונג פאַר פּראָסטיטוטקעס. די בונטן־מאַכערס און זייערע ווייבער זענען נישט בעסער פאַר די גאַסן־פרויען און זאָל זיך די איידעלע פאָן וועסטפאַליען פאַר־ווײלן מיט פּראָסטיטוטקעס, מאַרקסן אַליין איינזעצן צווישן שיכורים: זיי האָבן דאָך ליב דאָס פאָלק, טאָ זאָל ער זיך פרייען מיטן פאָלק.

די אַרבעטער זענען פון דעם געוואָר געוואָרן און ווידער מאַרשירן צעהיצטע אַרבעטער־גרופּן איבער די גאַסן, ביילן די פּויסטן און מאַכן פיינטלעכע אויסגעשרייען.

אויב אַזוי — אַרויסלאָזן דאָס פאַרפאָלק. נאָר זיי מוזן אין משך פון 24 שעה פאַרלאָזן די בעלגישע ערד.

די אַרבעטער זענען נאָך אָבער ווייטער בייז פאַר דער באַליידיקונג — מען האָט זייער פירער געהאַלטן צוזאַמען מיט שיכורים און זיין פרוי מיט פּראָסטיטוטקעס.

אויב אַזוי — גלייך געבן דעמיסיע דעם פּאָליציי־קאָמיסאַר.

דער איידעם איז, אַלזאָ, פּיפּיקער פאַרן שווער. ער דער־האַלט פאָרט דעם טראָן, ער איז געבליבן דער קעניג לעאָפּאָלד.

מידע און דערשראָקענע גייען מאַרקס און זיין פרוי אהיים, נעמען זיך פּאַקן די זאַכן.

— וווהין פאָרן מיר, קאַרל?

— מירן זען וויפל געלט מיר האָבן און ביז וווהין עס וועט סטאַיען אויף הוצאות.

מען קלאַפּט שוין ווידער אין טיר.

— שוין? עס זענען דאָך נאָך נישט פאַריבער אַפילו קיין פיר שעה.

אַ טעלעגראַם.

„פּאַריז, 1 מערץ 1848.

בּוטיקער און טרייער מאַרקס!

די טעריטאָריע פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק איז אַ מקום-מקלט פאַר אַלע פרייהייטס-פריינט. די טי־ראַניע פאַריאָגט אייך, דאָס פרייע פראַנקרייך עפנט פאַר אייך זיינע טויערן, פאַר אייך און פאַר אַלע יעניקע, וואָס קעמפן פאַר דער הייליקער זאַך, פאַר דער ברודערלעכ־קייט פון אַלע פעלקער. יעדער באַאַמטער פון דער פראַנ־צויזישער רעגירונג דאַרף אויספילן זיין פליכט אין דעם דאָזיקן גייסט.

זאָל לעבן די ברודערלעכקייט!

פערדינאַנד פלאָקאָן

מיטגליד פון דער צייטווייליקער רעגירונג".

## 2

פּאַריז איז דאָס אור־פייער פון רעוואָלוציע. דאָ ברעכט עס אויס צום ערשטן. צוויי־דריי וואָכן און עס האָט שוין דער־גרייכט אויך קיין ווין און בערלין.

די טראָן־הערשער לאָזן שוין אַרויס זייערע אויפרופן צום פאָלק.

„19-טער מערץ 1848.

פרידריך ווילהעלם דער 4-טער, צו דער באַפעלקערונג פון בערלין.

צו מיינע ליבע בערלינער!

דעם פּאַטענט, וואָס איך האָב היינט אַרויסגעגעבן וועגן צונויפרופן דעם סיים, גיט אייך די גאַראַנטיע פון די איבער־געגעבענע געפילן פון אייער קעניג צו אייך און צום דייטשן פאָטערלאַנד. נאָך זענען נישט פאַרשוויגן געוואָרן די טענער פון פרייד, מיט וועלכע איר, מיינע טרייע, האָט מיך האַרציק באַגריסט אויף די גאַסן און שוין האָט אייך אַ באַנדע אויסוואורפן פאַרדרייט די קעפּ מיט זייערע העצערישע און חוצפּהדיקע פאָדערונגען.

צוליב זייער שטורעמדיקן זיך שטופּן אַזש ביז צו די טויערן פון מיין שלאָס, וואָס עס האָט געקאָנט באַוועגן מורא צו האָבן פאַר שלעכטע פּלענער; און דערצו נאָך די באַליי־דיקנדע אויסדרוקן אויפן אַדרעס פון מיינע בראַווע און געטרייע זעלנער, האָט מען דעריבער געמוזט אָפּרייניקן דעם ׳שלאָס־פּלאַץ מיט דער הילף פון קאַוואַלעריע און הייס געווער. דערביי האָבן צופעליק, פון זיך אַליין, אויסגעשאָסן דריי ביקסן, וועלכע האָבן דאָך, דאַנקען גאָט, קיינעם נישט געשאַדט. אַ המון אויסוואורפן, מייסטנס פרעמדע, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אויסצובאַהאַלטן פאַרן

אויג פון דער פּאָליציי, האָבן אויסגענוצט דעם פֿאַל פֿאַר זייערע נידערטרעכטיקע פּלענער, און באַנוצנדיק זיך מיט בולטע ליגנס, האָבן זיי באַוויזן אונטערצוהעצן די ליידנשאַפטלעכע געמיטער פון פיל פון מיינע טרייע און איבערגעגעבענע בערלינער און באַוויזן זיי אָנצושטעקן מיט דעם געדאַנק פון נעמען נקמה פאַר דעם, מכּלומרשט, פאַרגאָסענעם בלוט. און דערפֿאַר זענען זיי איצט געוואָרן די שולדיקע פאַר דעם שוין איצט פאַקטישן בלוט-פאַרגוס. מיינע חיילות, אייערע ברידער און לאַנדסלייט, האָבן ערשט דעמאָלט געמאַכט אַ געברויך פון געווער, ווען זיי זענען געוואָרן דערצו געצוווּנגען דורך די פיל שאָסן, וועלכע זענען געפאַלן פון דער קעניג-גאַס. דאָס זיגערישע זיך רוקן פון מיין מיליטער אויף פאָרויס, איז געווען אַן אומבאַדינגטע נויט-ווענדיקייט.

פון אייך, איינוווינער פון מיין געליבטער היימאַט-שטאָט, דאַרף אויסגעמיטן ווערן אַ וועלכער עס איז אומגליק. זייט זיך מודה אין דעם באַגאַנגענעם פעלער! דער קעניג אייערער, דער געטרייעסטער פריינט אייערער, באַשווערט אייך אויף אַלעם הייליקן! קערט זיך אום צו רו! רוימט אָפּ די באַריקאַדן! שיקט צו מיר מענטשן, וועלכע זענען באַלעבט מיט דעם אמתן, אַלטן גייסט פון די בערלינער און זאָלן זיי ברענגען פאַר מיר ווערטער פּאַסנדיקע, ווי פאַר אַזאַ פּערזאָן, וועלכער איז אייער קעניג און איך גיב אייך מיין קעניגלעך וואָרט, אַז אַלע גאַסן און פּלעצער וועלן גלייך ווערן פריי פון דעם פּאַטרולירנדיקן מיליטער.

הערט די פאָטערלעכע שטים פון אייער קעניג, איינוווי-נער פון דעם געטרייען און שיינעם בערלין! פאַרגעסט אין דעם, וואָס עס איז געשען, אַזוי ווי איך וויל עס פאַרגעסן. אין אינטערעס פון דער גרויסער צוקונפט, וועלכע וועט, מיט דער ברכה פון גאָט, אויפשיינען פאַר גאַנץ פרייסן און דורך פרייסן פאַר גאַנץ דייטשלאַנד!

ספּעציעלע באַמערקונג:

אייער געליבטע קעניגין און אייער אויפריכטיק-געטרייע

מוטער און פריינדין, איצט אַ שווער־קראַנקע, אייניקט זיך צו מיין ביטע מיט טרערן אין די אויגן".

„מאַניפעסט פון קייסער פערדינאַנד I צו די איינוווינער פון ווין!

מיר, פערדינאַנד דער ערשטער, דער פון גאָטס גנאָד קייסער פון עסטרייך, אונגאַרן און טשעכיען, האָבן געמאַכט איצט די געהעריקע פאַראָרדנונגען, וועלכע מיר האָבן אָנערקענט פאַר נוציק, מיט דעם ציל צו דערפילן דעם ווונטש פון אונזערע טרייע פעלקער.

מיר דערוואַרטן דעריבער מיט בטחון, אַז די ליידנשאַפטן וועלן זיך באַרויִקן און די שטודיעס און דער האַנדל און די אַרבעט וועלן אָננעמען זייער נאָרמאַלן פאַרלויף. מיר גלויבן אין דעם פולשטענדיק, ווייל מיר האָבן זיך מיט פרייד איבער־צייגט, אַז די געטרייקייט און צוגעבונדנקייט, וועלכע איר האָט פון כּמה דורות אָן, אָן איבערייס, אַרויסגעוויזן אונזערע אָבות, ווייזט איר אויך אונז אַרויס ביי יעדער געלעגנהייט".

צוויי טעג נאָכן אויפרוף פון פרידריך ווילהעלם דעם 4־טן, זענען אין בערלין געפאַלן 183 אויפשטענדער. איז ווין נאָכמער.

---

דער אַרויסגעבער פון „פאָרווערטס" און רעקלאַמע־מאַכער פאַר מעערבערן, באָרנשטעט, האָט אַ גרויסן און ערהאַבענעם פּלאַן:

אָרגאַניזירן אין פראַנקרייך אַלע דייטשע עמיגראַנטן און זיך אַריינרייסן קיין דייטשלאַנד און מאַכן דאָרט די רעוואָלוציע. דער פּלאַן האָט אַ סך אָנהענגער, ער ווערט אויפגענומען מיט באַגייסטערונג — אַפילו אויך פון דער צייטווייליקער רע־גירונג, וועלכע איז גרייט מיט אַלע מיטלען די אונטערנעמונג צו שטיצן. באָרנשטעטן איז געלונגען אַריינצוציען אין דער קאָמפּאַניע אויך הערוועגן און באַקונינען.

די רעגירונג האָט צוגעזאָגט די עמיגראַנטן צו געבן זיי אויפן גאַנצן וועג, ביז דער דייטשער גרענעץ, וווינונגען און 50 סאַנטים טעגלעך אויף עסן. אין לאַנד איז געווען אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט און אויב עס וועלן אַרויס פון לאַנד אַ היפש ביסל טויזנטער עמיגראַנטן, וועט דאָס גאָרנישט שלעכט זיין. לויט בלאַן און פלאָקאָן, די פאָרשטייער פון די אַרבעטער, זענען דאָך אין דער רעגירונג געזעסן נאָר אַלס סעקרעטאַרן.

מאַרקס האָט זיך אָקעגנגעשטעלט דער רעוואָלוציאָנערער פאַרווייַלונג. גיכער דאַרפן די אַרבעטער זיך אַריינשמוגלען איינציקווייז. דער מאַרש פון אַ פּאָר טויזנט באַוואָפנטע עמיגראַנטן איז פאָרויס אַ פאַרשפּילטער.

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די דייטשע אַרבעטער שרייט באָרנשטעט פּאַטעטיש:

— אַ פּאַריזער אַרבעטער האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „ווען עס קומט דער אויסברוך פון פאָלקס-צאָרן, ווען איך דאַרף אַריינשטעכן מיין שונא — דעם פאַבריקאַנט און אָפיציר — אַ מעסער אין דער ברוסט אַריין, קומען דייטשע פּראָפעסאָרן און פילאָזאָפן און זוכן אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג אויף דעם, פאַרוואָס איך דאַרף מיין שונא צעממיתן, צי עס איז צוועקמעסיק דאָס צו טון — עך, דאָס איז פאַר דייטשן אַן אַרבעט!" ווילט איר טאַקע פאַרעכנט ווערן צו די דייטשן! איז רעוואָלוציע און קאָמוניזם בלויז טעאָריע, איז די סיבה דערפון בלויז פילאָזאָפיע? זאָגט, חבר דאָקטאָר מאַרקס, וואָס די סיבה איז!

מאַרקס שטעלט זיך אויף פון פּרעזידיום-טיש און זאָגט נאָר עטלעכע ווערטער:

— די ליבע צום מענטשן איז די קוועלע און זי בילדעט די קאָמוניסטישע אָנשויונג. איך וויל דערוויַיל באַמערקן, אַז איך פאַרטראָג נישט די נייע מאַרטירער, וועלכע קאָנען מיט וויר־טואָזיטעט פאָזירן זייער מאַרטירערישקייט אין דער שפּיל פון זייער פיזיאָנאָמיע, אין רעדן, באַוועגונגען און ווייסן ווי אַזוי אויסצונוצן פאַרשידענע געלעגנהייטן.

— און איך מיין, אַז אייער האַס קעגן די אונטערדריקער

האָט שוין צופיל פאַרדרעגגט דאָס געפיל און די סימפּאַטיע פאַר די אונטערדריקטע.

* *
*

די עמיגראַנטן-אַרמיי איז געשאַפן געוואָרן.

ביי נידערדאָזנבאַך איז די גאַנצע אַרמיי, מיט גאָר קליינע אויסנאַמען, שוידערלעך אומגעקומען.

די עטלעכע הונדערט עמיגראַנטן, וועלכע זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין „קאָמוניסטן-קלוב" אין פּאַריז, וועלכער איז אויף שנעל צונויפגעשטעלט געוואָרן פון די רעשטלעך פון „קאָמוניסטן-בונד" און נאָענטע אָרגאַניזאַציעס, זענען אין קליינע גרופּן אַריבער די דייטשע גרענעצן און דאָרט אַ סך נוצן געבראַכט דער באַוועגונג. צום קאָמיטעט פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהערט: מאַרקס, ענגעלס, וואָלף, בויער, מאָל און שאַפּער.

די ציטווייליקע רעגירונג האָט דערווייל וואָס-אַמאָל אַלץ מער גענומען צוריקציען די הנחות, וועלכע זי האָט אין די הייסע טעג געגעבן אירע אַרבעטער. יעדן טאָג זענען כמעט פאָרגעקומען מיטינגען און פאַרזאַמלונגען. אויף איין מיטינג איז אַרויסגעטרעטן אויגוסט בלאַנקי. דער דאַרער און מיטלוווקסיקער פראַנצויז האָט מיט פאַרלאָפענע אויגן און געביילטע פויסטן געשריגן:

— „די רעוואָלוציע אַליין פאַר זיך ענדערט נישט די מענטשן און נישט די באַדינגונגען. זי שאַפט בלויז די מעגלעכקייט פאַר אַדמיניסטראַטיווע אוןווירטשאַפטלעכע פאָרמען. אָבער ווער איז די היינטיקע רעגירונג?! אויף דעם האָבן מיר געמאַכט אַ רעוואָלוציע?! עס מוז געשאַפן ווערן אַן אַרבעטער-דיקטאַטור!! זי מוז איבערנעמען די רעגירונג-ענינים אין אירע הענט! ביז דאָס לאַנד וועט נישט רייף ווערן פאַר דער דעמאָקראַטיע, רעפּובליק און קאָאָפּעראַטיווע ווירטשאַפט. די הויפּט-זאַך ביי אַ רעוואָלוציע איז צו פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט און

מיט איר הילף — די קולטורעלע און סאָציאַליסטישע ווירטשאַפט־לעכע רעפאָרמען!"

ער האָט גערופן די אַרבעטער אָנטייל צו נעמען אין דער דעמאָנסטראַציע, וועלכע ער אָרגאַניזירט אויף מאָרגן, דעם 16־טן אַפּריל:

— מיר ווילן מאָרגן אַראָפּוואַרפן די צייטווייליקע רעגי־רונג און איינפירן אויף איר אָרט אַ סאָציאַליסטישע!

אויף צומאָרגנס, נאָך איידער די דעמאָנסטראַציע האָט זיך אָנגעהויבן, זענען שוין געווען פּאַנאַנדערגעקלעפּט אויפרופן, אַז די באַפעלקערונג זאָל זיך מיט פאַראַכטונג אָפּווענדן פון דעם קאָמוניסטישן געשפּענסט. „מיר קעמפן נישט קעגן אַרבעטער און נישט קעגן סאָציאַליסטן, נאָר קעגן די מטורפדיקע קאָמוניסטן."

דאָס האָט די אַרבעטער נאָך שטאַרקער געררייצט און דער עולם איז געוואָרן וואָס־אַמאָל גרעסער.

עס האָבן אויפגעפלאַטערט פענער און ס'האָבן זיך אויפ־געהויבן טראַנספּאַרענטן: „אָפּשאַפן די עקספּלואַטאַציע פון מענטש צו מענטש!" „מיר פאָדערן רעכט אויף אַרבעט!"

באַלד איז אָנגעקומען מיליטער און אין איין קול גע־נומען שרייען „נידער מיט די קאָמוניסטן! פאַרטרייבן די קאָ־מוניסטן!" און נאָכן מיליטער האָט זיך געלאָזט אַ גרויסער המון.

אַ גרויסער טייל פון די אומבאַוואָפנטע דעמאָנסטראַנטן האָט שוין פאַרענדיקט זיין לעבן דאָ אויפן ברוק.

דעם זעלבן טאָג איז נאָך פאָרגעקומען אַ געשלאָסענע פאַרזאַמלונג פון די דייטשע קאָמוניסטן.

אַלע פירער האָבן גערעדט. אַ קורצע רעדע האָט גע־האַלטן מאַרקס:

— זיי ווילן ברודערלעכקייט, אָפּשאַפן די קלאַסן. זיי מיי־נען, אַז ס'קאָן אַזוי זיין — סענטימענטאַל זיך דערהויבן איבער די קלאַסן, טרוימעריש פליען אינדערהויך, איבער די קלאַסן.

ברודערלעכקייט ווילן זיי. די איצטיקע רעפובליק איז נאָר אַ נייער באַל-קאָסטיום פון דער אַלטער, בורזשואַזער געזעלשאַפט. אָט דער לאַמאַרטין, דער אָנגעבלאָזענער נול, דער טיפּזיניקער עם-הארץ שרייט, אַז קלאַסן — דאָס איז אַ מיספארשטענדניש. אַזוי פארשטייט עס דער רעגירונגס-מאַן און פּאָעט לאַמאַרטין. מיר קאָנען דעריבער מיט זיכערקייט זאָגן, אַז די רעוואָלוציע האָט נאָר געטוישט דעם שניט — די ליבעריע האָט זי נישט אַראָפּגעוואָרפן.

מיטן זיג פון דער רויטער רעפובליק, וועט די רעאַקציע און אירע אַרמייען אויסגעשפיגן ווערן פון די לענדער צו די גרענעצן און ווייטער, און עס וועט זיך אַרויסווייזן די אמתע מאַכט פונם פּראָלעטאַריאַט. דעמאָלט וועלן מיר זיי דערמאָנען אין אַלע שחיטות און אויך אויסרופן: „ווי צו די באַזיגטע!"
די שחיטות האָבן איבערצייגט די אַרבעטער, אַז עס איז נאָר פאַראַן איין מיטל אויף צו פאַרקירצן די גסיסה-ווייען פון דער געזעלשאַפט, נאָר איין מיטל — דאָס איז דער רעוואָלוציאָנע-רער טעראָר!

אַ מפּלה נאָך אַן איינגעשפּאַרטן קאַמף איז אַ פּאַקט, וועל-כער האָט די זעלבע רעוואָלוציאָנערע באַדייטונג, ווי אַ לייכט דעראָבערטער זיג.

די רעוואָלוציע איז געשטאָרבן — זאָל לעבן די רע-וואָלוציע!!!"

---

נאָך דעם זעלבן טאָג איז כמעט דער גאַנצער קאָמיטעט אַוועק קיין דייטשלאַנד. מען דאַרף איילן דאָרט, ווו ס'איז נאָך דאָ וואָס צו ראַטעווען. דאָרט הויבט זיך ערשט אָן און מען קאָן עס גלייך פירן אויף אַ בעסערן וועג.

---

שוין האַרט פאַרן אַוועקגיין פון צוג איז אָנגעקומען היינע. ער זעט זייער שלעכט אויס. דאָס פּנים איז אים געראָנצלט און שלאַבעריק. די גאָמבע איז פאַרווייכט און צעקוועטשט. ווען ער הילט עטוואָס אָפּ די ווייסע, זיידענע פּאַטשיילע אויפן האַלז דערזעט מען אַ היפּשע צאָל געשווירן. די אויגן ביי אים זענען ווי אָנגעגאָסן מיט הייסן בליי און ער פאַרמאַכט זיי פון מינוט צו מינוט. ער האָט געבערענגט פאַר מאַרקסן מיט דער פרוי אַ פלעשל וויין, אַ באַנד לעאָפּאַרדיס לידער און עטלעכע אויס־שניטן פון דער „אויגסבורגער צייטונג" מיט זיינע באַריכטן וועגן דער פאַריזער רעוואָלוציע.

— מיט דיר, קאַרל, דאַרף איך קיין סך נישט רעדן, דו פאַרשטייסט מיך און ווייסט מיך פאַרשטיין... מיר דאַרפן קיין סך נישט רעדן. עס איז אַלנפאַלס מיט מיר היפּש דרעקיק...

## 3

אין צוג האָט מאַרקס געלייענט די צייטונגס-אויסשניטן מיט היינעס באַריכטן.

„מיר האָבן דאָ געזעען די זעלבע פּיעסע, וואָס איז שוין אויסגעפירט געוואָרן מיט 18 יאָר צוריק. נאָר אַ גוטע פּיעסע קאָן מען זען צוויי מאָל. איך האָב געהאַט היינט די געלעגנהייט צו באַוווּנדערן דעם טאַלענט פון די פּראַנצויזן ביים בויען וווּנדערלעך שנעל באַריקאַדן. דאָס וואָס עס וואָלט ביי דער דייטשער גרינטלעכקייט געדויערט אַ טאָג, דויערט עס ביי די פּראַנצויזן נאָר מינוטן. זיי שפּרינגען ווי כּישוף-מאַכער פּלוצלינג אַרויס ווי פון אונטער דער ערד. די פּראַנצויזן זענען דאָס פאָלק פון געשווינדקייט.

די רייכע האָבן זיך געוווּנדערט, ווען די אָרעמע, וועלכע האָבן דריי טעג באַהערשט פּאַריז, האָבן גאָרנישט גענומען און גערויבט. האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט יאָ געוואָלט עפּעס כאַפּן, איז ער גלייך אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. נאָר געווער וואָס מען האָט גענומען, ווי ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. ס'איז אויך דערלויבט געוואָרן צו נעמען זיך שפּייז פון דער קעניגלעכער קאַמער. אַ בחור פון פופצן יאָר, וועלכער וווינט ביי אונז אין הויז, האָט געבראַנגט פון דאָרט פאַר זיין קראַנקער באָבען אַ טאָפּ קאָנפיטורן. דער בחור אַליין האָט אויפן וועג נישט פאַרזוכט דערפון. ער האָט נאָר געפרעגט דער באָבען: „נו, ווי שמעקט דיר לואי פיליפּס איינגעמאַכצן?“ „אָרעמער לואי פיליפּ! וועסט נעבעך מוזן עסן קאָנפיטורן אין דער פרעמד“.

„דעם קלאָגעדיקן גאַנג פון דער רעוואָלוציע האָט מען צו פאַרדאַנקען די אומגעטרייע שליחים פון פאָלק, וועלכע האָבן דורך זייער שלימזלדיקער טעטיקייט אָדער פּחדנות, אָדער טאָפּל-

שפּיל, געמאַכט אַ תּל פון יענעם גרויסן אַקט פון פאָלקס־סוווע־רעניטעט, וואָס האָט זיי געגעבן אומבאַגרענעצטע מאַכט.

באַלד פון דער ערשטער שעה פון דער צייטווייליקער רעגירונג, ווי זי האָט זיך נאָר אַליין געגעבן דעם נאָמען, האָט זי אַרויסגעוויזן די גאַנצע גישטיקייט פון קליינע מענטשלעך. שוין דער נאָמען „צייטווייליקע רעגירונג" באַווייזט אָפּיציעל זייער שעמעוודיקייט און האָט פון פאָרויס צו־נישט געמאַכט אַלץ — וואָס זיי האָבן אפשר יאָ געקאָנט אויפטון. קיינמאָל האָט נאָך דאָס פאָלק, אָט דאָס גרויסע יתום־קינד, נישט אַרויסגעצויגן פונעם גליק־קאַסטן פון דער רעוואָלוציע מער נעבעכדיקע, פּוסטע נומערן, ווי די פיגורן, וועלכע בילדן די צייטווייליקע רעגירונג.

עס זענען דאָ צווישן זיי נעבעכדיקע קאָמעדיאַנטן, וועלכע זענען ביז דעם לעצטן האָר, ביז דער פאַרב פון דער באָרד, ענלעך צו יענע העלדן פון ליבהאָבער־טעאַטער, וואָס שעקספּיר פירט פאַר אונז אַזוי לוסטיק אויף אין זיין „זומער־נאַכט־חלום". אָט די שוועך־לייביקע געזעלן האָבן פאַקטיש פאַר קיין שום זאַך אַזוי נישט קיין מורא געהאַט, ווי טאָמער נעמט מען זיי ערנסט. און שנאָקע דער סטאָליער האָט פון פאָרויס פאַר־זיכערט, אַז ער איז נישט קיין אמתער לייב, נאָר אַ צייטווייל־יקער, אַז ער איז נאָר שנאָקע דער סטאָליער, נישט מער. און דאָס פּובליקום דאַרף זיך דעריבער נישט שרעקן פאַר זיין ברומען, ווייל ס'איז נאָר אַ צייטווייליק געברום".

„יעדעס פאָלק האָט זיך זיין נאַציאָנאַלן פעלער. די דייטשן — לאַנגזאַמקייט, זיי האָבן בלייַ אין די שיך. די פראַנצויזן זענען זייער פלינקע, זייער שנעלע, אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז זיי פאַרגעסן אַ זאַך פונקט אַזוי שנעל, ווי זיי האָבן דאָס אויסגעפירט. די פרוכטן פון יעדער טאַט און נישט־טאַט ווערן גלייך פאַרלוירן אין דער פאַרגעסלעכקייט. יעדן טאָג מוזן זיי דעם קרייז־לויף פון זייער געשיכטע ווידער דורכלויפן, זייער לעבן ווידער אָנהויבן פון פאָרנט, די קאַמפן אויפסניי דורכ־

קעמפן און אויף צומאָרגנס האָט דער זיגער שוין פאַרגעסן, אַז ער האָט געזיגט״.

* *
*

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען שוין געלייענט אין דער דייטשער פרעסע, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג האָט פאַר-עפנטלעכט אַ רשימה פון אויסלענדער, וועלכע האָבן אין געהיים גענומען געלט פון דער פראַנצויזישער רעגירונג. צווישן אַ ריי ביזשוטעריע-הענדלער, צייטונג-אַרויסגעבער, גענעראַלן, האָט זיך אויך געפונען דער נאָמען היינריך היינע.

היינע האָט אויף דערויף צוגעשיקט אַ קאָמוניקאַט אין דער דייטשער פרעסע, ווו ער איז זיך דערצו מודה, נאָר ער גיט אָן, אז די סיבה דערפון איז אַ פּאָליטישער מאָטיוו, וועלכן ער קאָן נישט איבערגעבן דער עפנטלעכקייט. ער קאָן נאָר דער-קלערן איין זאַך: אַז דער באַרימטער דענקער, עקאָנאָמיסט און רעוואָלוציאָנערער פירער ד״ר קאַרל מאַרקס האָט אים דערויף געגעבן זיין צושטימונג.

עטלעכע מענטשן זענען מיטאַמאָל אַריינגעלאָפן אין דעם רעדאַקציע-צימער (אין דער „נייער ריינישער צייטונג״ אין קעלן) פון מאַרקסן און אים געוויזן די צייטונג.

— צום טייוול, אַן אומגליקלעכער פּאָעט! ער איז אומבאַ-דינגט אַ פּאַרעטער.

נאָך אַ קורצע ווײַלע טראַכטן האָט ער צוגעגעבן:

— אָבער איך וועל אים נישט פאַראַטן.

# אין דער שטאָט פון בעפּלען

לאָנדאָן שפּעט ביינאַכט. דריי באַבערדלטע יינגעלייט שפּאַצירן פּאַמעלעך איבער אַ טונקעלער גאַס און רעדן שנעל. זיי אַמפּערן זיך און מאַכן מיט די הענט. ביי די קליינע פייערלעך פון די גאַסן־לאַמטערנס זעט מען אויפן שאָסיי דריי לאַנגע שאָטנס, וועלכע מאַכן משונהדיקע באַוועגונגען.

— דערפאַר טאַקע, וואָס איר זענט גרויס און איך האָב די גרעסטע אַכטונג פאַר אייך, טאַקע דערפאַר, ווען איך זאָל אפילו אייך וועלן נאָכגעבן, וואָלט איך עס אויך נישט געטון, ווייל איר וואָלט מיך געהאַלטן פאַר אַ שמאַטע, אַז איך ווער בטל מיט מיינע געדאַנקען פאַר אַ גרויסער פּערזענלעכקייט.

דאָס פייערל אין מאַרקס׳ ליולקע האָט שטאַרקער אַ לייכט געטון, ווייזט אויס אַז ער האָט איצט אַ פעסטן פּאַרצי געטון.

— ווייסט איר וואָס מאָזעס העס האָט געשריבן צו בערטאָלד אויערבאַך אין יאָר 1841? „מאָל דיר, אַז דער 23־יעריקער יונגגמאַן קאַרל מאַרקס איז רוסאָ, וואָלטער, האָלבאַך, לעסינג, היינע און העגעל — אַלץ איז פאַראייניקט אין דעם וווּנדערלעכן יונגנמאַן". מיינט איר דאָך, אַז ווען איך האָב אייך אונטער דער האַנט, דעמאָלט ווען איר האָט אַרויסגעגעבן „די הייליקע פאַמיליע", וואָלט איך זיך אפשר מיט אייך נישט צעשלאָגן, אָדער דועלירט? אמת טאַקע, אַז איך, היינריך און ברונאָ, זע׳מיר ברידער און מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט, אָבער אונז אַלעמען אויסמישן אין איין טאָפּ? מיין ברודער ברונאָ

צוזאַמענשלעפּן מיט מיר און היינריכן? איך גלויב, אַז דאָס האָט נישט געמיינט אונז גרעסער צו מאַכן, נאָר מיין ברודער קלע־נער צו מאַכן. וואָרום וויפל יאָר נאָכדעם איז עס געווען, ווען מען האָט אין קלוב און אין אַלע קאַפעען פון די „פרייע" און „יונגע" נאָך געזונגען דאָס ליד:

„ווער יאָגט זיך נאָך ברונאָ בויער מיט ווילדן צאָרן?
אַ שוואַרצער קערל פון טריער, שפּיזלט ווי אַ דאָרן,
ער גייט נישט, נאָר ער שפּרינגט, אַלע וויל ער האַקן
און אַלץ מיטאַמאָל וויל ער כאַפּן, וויל ער פּאַקן,
מיט כעס ציט ער דעם הימל צו דער ערד,
ביילט מיט די פויסטן, פּאָכעט מיט דער שווערד,
אַ טייוול פון טייוול־לאַנד,
שוואַרצער קאָפּ און רויטע האַנט".

איר זעט, אַז איך געדענק נאָך דאָס גאַנצע ליד. און איר האָט דאָך חושד געווען, אַז איך אַליין האָב דאָס געשריבן. ווייסט איר שוין כאָטש היינט ווער דאָס האָט אָנגעשריבן?

— ניין.

— פרידריך ענגעלס, די צווייטע פידל, דער יינגערער פון צווילינג. איר האָט שטענדיק, מוז איך אייך זאָגן, אַרויס־גערופן חשד צוליב אייער שטענדיק לייכטן חושד זיין יעדן איינעם.

— איר זאָגט דאָס, ווייל איר פילט, אַז איך בין איין איצט אויך חושד אין עפּעס.

— וואָס? וואָס?

גאָר משונהדיק האָבן גענומען טאַנצן די האַנט־שאָטנס אויפן שאָסיי. ס'האָט אויסגעזען ווי אַ געשלעג.

— גאָט מיינער — איז צוגעשפּרונגען ליבקנעכט — איך האָב דאָך דעם איינדרוק, אַז איר האַלט זיך ביי שלאָגן.

אין דער ליולקע האָט ווידער אויפגעלויכטן אַ שטאַרק פייערל און ס'האָט זיך דערהערט אַ הילכיק־קוילערנדיק געלעכטער:

— אַ קערל, אַן אמת דייטשער קערל פון נידער־ריין.

טעמפּ, טויט אויף אַ וויץ און באַרימט זיך נאָך אַז ער האָט פאַרבּרענגט עטלעכע יאָר אין פּאַריז און געהוליעט מיט די פראַנצויזינס.

אויך ווילהעלם האָט זיך שטאַרק צעלאַכט און צום סוף שוין אויך עדגאַר אַליין. ס׳האָט אים פאַרדראָסן די מעשה — „איז ער טאַקע אַ נאַר?״ זיי זענען שוין געגאַנגען אַ לענגער שטיקל וועג אין שווייגן.

— איך האָב אַ פאָרשלאַג, חברים. האָט איר מיך יאָ אַזוי אָנגעצויגן, לאָמיר זיך פאַרהערן אין לויפן. לאָמיר זען, ווער עס לויפט שנעלער. און שוין האָט מען קוים באַוויזן צו זען די שאָטנס—אַ געלויפעריי, אַז ס׳האָט געסיקעט אין דער לופט. עס איז אָבער שוין, ווייזט אויס, באַשערט געווען, אַז עדגאַר זאָל הײַנט זײַן דער קרבן — ער איז געפאַלן איבער אַ שטיין. ווידער אַ געלעכטער. האָט עדגאַר אויפגעהויבן דעם שטיין, זיך דערנענטערט צו אַ לאַמטערן און גלייך—בענץ אין גלאָז אַריין. אַ הילכיק געבּראַזג.

— ווילהעלם — האָט מאַרקס זיך אַ צופּ געטון ביים בערדל און אַ פאַרצי געטון די ליולקע — עס געפעלט מיר, ס׳איז אַן אידעע.

— וואָס?

— נו, לאָמיר אויך אויפקלויבן אַ פּאָר שטיינער.

און באַלד זענען פינף לאַמטערנס צעהאַקט געוואָרן.

פונדערווייטנס האָט מען דערהערט עמעצן אָנלויפן. אַלע האָבן זיך איינגעקוקט, יאָ, ס׳לויפט אַ פּאָליציסט. לויפן! אַלע דריי אין איין אָטעם. דער פּאָליציסט פייפט און אָט הערן זיי שוין, ווי ס׳לויפט זיי נאָך נישט איינער, נאָר צוויי, שוין דריי, עס קומען צו נאָך.

אפשר אַ צענדליק פּאָליציסטן לויפן נאָך זיי און פייפן. גאַס איין, גאַס אויס, נאָך אַ גאַס, נאָך אַ גאַס, ס׳איז שוין נישטאָ קיין אָטעם.

— אָט דאָ! — גיט קאַרל אַ געשריי — און ער לויפט דער ערשטער אַריין אין אַ טירל פון אַ פאַרצוימטן פּלאַץ. עס ליגן

דאָרט אָנגעלייגט שטויסן ברעטער, זיי קריכן אַריבער, עפענען אַ צווייט טירל און זענען שוין אויף אַן אַנדערער גאַס, שוין נעבן דער וווינונג.

מען האָט זיי נישט געכאַפּט. זיי האָבן אין פאָדערהויז נאָך אַ היפּש ביסל זיך אויסגעלאַכט און נאָכהער אויף די שפּיץ פינגער צו צו דער טיר.

די הויז-פרוי און הויז-פריינדין העלענע דעמוט איז נאָך אויפגעוועקן.

— איך האָב שוין שטאַרק איבערגעקלערט. נאָך אַמאָל, אַז איר וועט קומען אַזוי שפּעט, וועט איר שוין בלייבן נעכטיקן אין הויז. איר זענט דייטשן און איר זענט אין לאָנדאָן און נישט קיין איטאַליענער אין פּאַריז.

---

שווער איינצושלאָפן. ער איז מיט איינמאָל צופיל אַנטשפּאַנט געוואָרן. די גאַנצע אַוואַנטורע אויף דער גאַס האָט אַזויפיל אויפגעטרייסלט, אַז גאָר שנעל קומען זיי צוריק — די איבערלעבענישן פאַר די לעצטע פיר יאָר:

דאָס אַרויסגעבן אין קעלן די „נייע ריינישע צייטונג”. דאָס ערשטע אַרטיקל איז געווען געווידמעט דעם אָנדענק פון די יוני-אויפשטענדער. „די פּאַריזער אַרבעטער זענען געשלאָגן — אָבער דער קעגנער איז באַזיגט. אָבער דער אומגלויבלעכער טריומף פון דער ברוטאַלער גוואַלט איז געוואָרן אָפּגעקויפט מיט דער צעטרייסלונג פון אַלע אַנטוישונגען און איינרעדענישן פון דער פעברואַר-רעוואָלוציע... מיט דער שפּאַלטונג פון דער פראַנצויזישער נאַציע אויף צוויי נאַציעס — אויף באַזיצער און אַרבעטער. די דריי-קאָלירן-רעפּובליק פאַרמאָגט שוין יעצט נאָר איין פאַרב, די פאַרב פון דעם געשלאָגענעמס בלוט. די ווילדערצויגענע זינדלעך פון דער מעדיצינישער פאַקולטעט מוזן אָפּזאָגן דעם פאַרוווּנדעטן פּלעבעיער די הילף פון דער וויסנשאַפט — די וויסנשאַפט עקזיסטירט נישט פאַר די פּלעבעיער.

די פּראָקלאַמירטע ברודערלעכקייט, וועלכע איז אין פעברואַר געוואָרן אָנגעשריבן מיט גרויסע אותיות אויף דעם שטערן

פון פּאַריז, אויף די טורמעס, קאַזאַרמעס, איז דער אמתער נישט-געפעלשטער אויסדרוק — דער בירגער-קריג, דער בירגער-קריג אין זיין מוראַדיקסטער געשטאַלט, דער קריג צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל. די ברודערלעכקייט פלאַמט פון די אילומינירטע פענסטער פון דער בורזשואַזיע אין פּאַריז, ווען דאָס פּאַריז פונם פּראָלעטאַריאַט ליגט פאַרברענט און צעבלוטיקט.

די דעמאָקראַטישע און טייל סאָציאַליסטישע פּעדאַנטן, די, וועלכע האָבן נאָר געוואָלט שטענדיק בעטלען פאַרן פאָלק ביי דער בורזשואַזיע, האָבן געקאָנט האַלטן נאָר לאַנגע דרשות און זיך באַמיען, אַז דער פּראָלעטאַרישער לייב זאָל אַלץ נאָך ליו-ליען אין שלאָף"...

די רעדע אויפן פּראָצעס:

— אָט האַלט איך אין האַנט דעם נאַפּאָלעאָנישן קאָדעקס! דער קאָדעקס האָט נישט באַשאַפן דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, נאָר פאַרקערט — די בורזשואַזע געזעלשאַפט, געבוירן אין 18-טן יאָרהונדערט, רייף געוואָרן אין 19-טן יאָרהונדערט, געפינט איינם קאָדעקס איר אַבסאָלוט-רעכטלעכן אויסדרוק, זי האָט אים באַשאַפן. מיט דער מינוט, ווען ער וועט אויפהערן אַנטשפּרעכן די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, וועט ער ווערן אַ שטיקל ווערטלאָז פּאַפּיר. אַלטע געזעצן קאָן מען נישט מאַכן פאַר קיין יסוד פון אַ נייער געזעלשאַפט. איר ווייסט דאָך, מיינע הערן! אין מיטלאַלטער האָט אין דייטשלאַנד עקזיסטירט אַ געהיימער טריבונאַל, וועלכער פלעגט משפּטן פאַר אַ געמיינער טאַט. אַז אויף אַ הויז האָט זיך געפונען אַ רויטער קרייץ, האָט דאָס געהייסן, אַז דער אייגנטימער פון דעם הויז איז פאַר-פאַלן געוואָרן צום טריבונאַל, אַז דער אורטייל איז אויך שוין געוואָרן אויסגעפירט. מיינע הערן! הייַנט שטייט אויף אַלע הייזער פון גאַנץ אייראָפּע אָט דער געהיימניספולער רויטער קרייץ! די געשיכטע שטייט פאַרן טריבונאַל, אַרויסגעבן און

אויספירן איבער איר דעם אורטייל — וועט נאָר דער פּראָ-
לעטאַריאַט!

נאָכדעם איז ער ווידער אַריבער צו אַ רעכטלעכער אָפּהאַנדלונג, באַלד צוריק צו אַ זאַכלעכער און צום סוף כמעט שטיל פאַרענדיקט:

„מיינע הערן! גוואַלט איז די הייבאַם פון יעדער נייער געזעלשאַפט. עס איז דערווייל דער ערשטער אַקט פון דער דראַמע. איצט מוז קומען, אָדער דער פולשטענדיקער זיג פון דער קאָנטררעוואָלוציע, אָדער דער זיג פון דער רעוואָלוציע. מעגלעך, אַז דער זיג פון דער רעוואָלוציע וועט ערשט קומען נאָך דעם אַקט פון קאָנטררעוואָלוציע!"

דאָס געריכט האָט אַרויסגעטראָגן אַ באַפרייונגס-אורטייל איבער אים און די חברים. נאָכדעם איז צו אים צוגעגאַנגען דער אַלטיטשקער געריכט-פּאָרזיצער און, דריקנדיק אים די האַנט, געזאָגט:

„מיר דאַנקען אייך באמת פאַר דער טעאָרעטיש-רעכטלעכער אָפּהאַנדלונג. מיר זענען היינט פון אייך זייער פיל געוואָר געוואָרן. דייטשע דענקער און געלערטע איז פאָרט נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט".

אויף צומאָרגנס האָט די גאַנצע פּרעסע געפייערט זיין טריומף. איין צייטונג האָט געשריבן: „ער איז אַלט בסך-הכל איינאונדרייסיק יאָר. אויפן פּראָצעס זענען געווען מאָמענטן ווען ער האָט אויסגעזען אויף זעכציק יאָר און טיילמאָל ווי אויף איינאונצוואַנציק. ער איז אַ קרעמפּיקער, פעסט-געבויטער מאַן, ברייטער שטערן, פעך-שוואַרצע האָר און באָרד, ענערגישע געזיכטס-שטריכן, טונקעלע, גליענדיקע אויגן, סובטעל געזיכט, ער האָט צו זיך צוגעשמידט די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. ווען ער זאָל האָבן אַזויפיל האַרץ ווי שכל, וואָלט איך געגאַנגען פאַר אים אין פייער אַריין".

אין אַ קורצער צייט נאָכדעם — מען פאַרמאַכט די צייטונג. נאָך איין נומער קאָן דערשיינען. מען לויפט קויפן רויט פּאַפּיר, זאָל דער לעצטער נומער זיין אויף רויט פּאַפּיר. פרייליגראַט זעצט זיך אַוועק און שרייבט אָן אַ געזעגענונגס־ליד. מאַרקס שטייט נעבן פרייליגראַטן און ווענדט זיך צו די אַרומיקע: „דעם פּאָעטישן שבט דאַרף מען שטענדיק שפּייזן מיט ליוב־געזאַנגען און קאָמפּלימענטן, אויב מען וויל, אַז זיי זאָלן זינגען".

פרייליגראַט הויבט אויף דעם קאָפּ און זאָגט אין האַלבוויץ — האַלב־כעס:

— אָבער אַ רעוואָלוציאָנער בין איך?!

— יאָ, אָבער נאָר אַ רעוואָלוציאָנער פון פּאָעטישן אינסטינקט, און נישט פון וויסנשאַפטלעכער דערקענטניש.

— ריכטיק.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אָנשרייבן דעם לעצטן אַרטיקל פאַר דער מאַרגנדיקער צייטונג.

„נאָך וואָס אייערע עקלהאַפטע ליגנס און פראַזן? מיר אַליין זענען הנחה־ און פשרהלאָז און בעטן אויך ביי אייך נישט קיין הנחות. נאָר ווען עס וועט קומען אונזער ריי, וועלן מיר נישט פאַרפּוצן אונזער טעראָריזם, איר אָבער, איר מוזט אייער טעראָר צופּוצן מיט דער גנאָד פון גאָט און רעכט. אין דער פּראַקטיק זענט איר ברוטאַל, ציניש, געמיין, ערנלאָז, אין דער אידעע — פחדנותדיק און צביעותדיק".

אין עטלעכע טעג אַרום קריגט ער אַ פאַראָרדנונג צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד.

ער פאָרט אויף צען טעג קיין ווין אויף אַגיטאַציע. ער האָט צו די ווינער אַרבעטער געזאָגט: „גוט, פּאַסיווער ווידערשטאַנד, אָבער ער מוז געפירט ווערן מיט קראַפט און פאַרנעם. אַז נישט וועט דאָס זיין אַ ווידערשטאַנד, ווי עס שטעלט דאָס

שעפּסעלע דעם שוחט.ביים קאַמף פון נישט צאָלן די שטייערן, שטעלן אַ ווידערשטאַנד מיט געווער".

פון דאָרט איז ער אַוועק נאָך פּאַריז. אין אַ 4 חדשים אַרום איז אויסגעבראָכן אין ווין דער גרויסער קאַמף. די ווינער אַרבעטער האָבן זיך געשלאָגן מיט אומגעהויערער קרבנות-גרייט-קייט און העלדישקייט.

ענגעלס האָט דאַן אָנטיילגענומען אין באַדענער אויפ-שטאַנד, האָט פיר מאָל דורכגעמאַכט באַגנעט-אַטאַקעס.

פאַר אַלע חובות פון דער צייטונג איז מען געקומען קיין פּאַריז אויפמאָנען ביי מאַרקסן. ער האָט אויסגעצאָלט ביז אַ גראָשן. פאַרזעצט טייל זאַכן אין לאָמבאַרד. טייל זאַכן שוין פאַרזעצט אין קעלן און אין פראַנקפורט נאָך פאַרן אַרויספאָרן. איצט איז ער אָן אַ גראָשן. ער שרייבט קיין דייטשלאַנד צו פרייליגראַטן און ער קריגט צוגעשיקט אַ ביסל געלט-פון לאַסאַלן. שרייבט אים נאָכהער פרייליגראַט: „ער איז העכסט אויפגערעגט אויף לאַסאַלן. לאַסאַל האָט דאָס געלט צונויפגעזאַמלט ביי באַ-קאַנטע און ביי די אַרבעטער, אָבער אויף נישט קיין פּאַסיקן אופן. ער האָט דערמיט שרעקלעך אַרומגעטומלט און אַרומגעפּלוי-דערט". האָט אים מאַרקס דערויף צוריקגעשריבן: „די גרעסטע דאגות זענען מיר ליבער ווי די עפנטלעכע בעטלערייי. דער גאַנצער ענין דריקט מיך אומגעהויער-פיינלעך".

דער אויפשטאַנד אין באַדען איז שוין דערשטיקט. 26 אויפשטענדער האָט מען פאַראורטיילט צום טויט. די רעשט, וועלכע מען האָט געהאַלטן אין תּפיסה האָט מען שוידערלעך געפּייניקט — יעדן טאָג האָט מען דאָרט איינגעאָרדנט שמיץ-עקזעקוציעס.

ענגעלסן איז געלונגען צו אַנטלויפן. ער איז אויפן וועג קיין שווייצאַריען. ער גייט מער צופוס ווי ער פאָרט מיט דער באַן.

מאַרקס קריגט אַ באַפעל צו פאַרלאָזן פּאַריז. ער קאָן

נאָר וווינען אויף די ברעטאַנער זומפּן. ס׳הערשט דאָרט אייביק מאַלאַריע. דאָס זאָל זיין אויף אים אַזאַ פאַרשלייערטער אַטענ־טאַט, אַנדערש האָבן זיי נישט קיין מוט. ער וועט דאָרט אַהין נישט פאָרן. זיי וועלן אַוועק קיין לאָנדאָן. זיי האָבן שוין פיר קינדער. זשעני איז שטאַרק נערוועזיש. זי קאָן זיך קוים אַן עצה געבן. אַ מערכה, אַז עס העלפט איר צו די איידעלע און איבערגעגעבענע לענכען.

געפאָרן קיין לאָנדאָן. דאָ איז געשטאָרבן דאָס יינגסטע קינד. „ליבער פרידריך! אונזער קליינער זון איז געשטאָרבן. ער האָט באַקומען קראַמפּן, אָבער אַזעלכע קראַמפּן פלעגט ער קריגן גאַנץ אָפט און ס׳פלעגט שטענדיק בשלום אַדורך. עס האָט גאָר קורץ געדויערט. עטלעכע מינוט פאַר דעם האָט ער נאָך היפש געלאַכט. מיר זענען שרעקלעך פאַרייניזאַמט. שרייב עט־לעכע ווערטער צו מיין פרוי״.

קורץ נאָכדעם — שוין אַן עקסמיסיע פון דער דירה. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן פאַר דעם „ניו־יאָרקער טריבון״. ער האָט אָבער צוליב זיין דעפּרעסיע־צושטאַנד נישט געקאָנט געניג שרייבן און די מערסטע אַרטיקלען האָט געמוזט שרייבן פאַר אים ענגעלס. ספּעציעל ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מלחמה־אַרטיקלען, וואָס דאָס איז ענגעלס׳ ספּעציאַליטעט. ער האָט באַקומען צוויי פונט פאַר אַן אַרטיקל, אָבער נישט פאַר די צוגעשיקטע, נאָר פאַר די געדרוקטע. און געדרוקט האָט מען נאָר אַ דריטל פון די צוגעשיקטע.

קיין לאָנדאָן זענען אָנגעקומען נאָך אַ סך אַנטלאָפענע: ליבקנעכט, קאָנראַד שראַם, ווילך און נאָך פיל אַנדערע. ענ־געלס איז שוין אין מאַנטשעסטער, אין זיין פאָטערס אונטער־נעמונג. מען האָט ווידער אָנגעהויבן רעדן וועגן רעוואָגזש און קאַמפן. מאַרקס האָט זיך באַמיט אין זיינע פאָרלעזונגען די שטימונג צו האַמעווען. אויסמיידן סתם אַוואַנטורעס, וועלכע זענען איצט זינלאָז און זענען עלול צו ברענגען דער באַוועג־גונג גרויס שאָדן. אפילו דער רויקער העס שרייבט: „מאַרקס האָט גערן צו רעדן נאָר בלויז וועגן אַבסטראַקטע ענינים און

האָט מורא זיך צוצורירן צו פּראַקטישע טאַטן״. פון אומעטום לאָזן זיך הערן שטימען קעגן מאַרקס׳ מיינונג. פון פראַנקרייך, פון דער שווייץ, פון שפּאַניען, אָבער אַממערסטן קאָכט עס זיך דאָ — אין לאָנדאָן. איינער פון די רעדל־פירער איז געוואָרן ווילין. ער טענהט: „ס׳איז דאָך אַלץ אַזוי פּראָסט און פּשוט, אַזוי צוגענגלעך און פאַרשטענדלעך! וואָס דאַרף מען דערצו לערנען עקאָנאָמיע און געשיכטע. עס איז דאָך אַלץ אַזוי קלאָר!״ מאַרקס ענטפערט דערויף: „זיי לייכט צו, ווייזט אויס, דער היילקער גייסט, זיי דאַרפן נישט לערנען. „מיר זענען פּשוטע מענטשלעך״ — זיי קאָקעטירן דערמיט און מיינען, אַז ס׳איז אַ גרויסע חכמה. מיר האָבן דעם מוט אייך, אַרבעטער, צו זאָגן, אַז איר מוזט נאָך דורכגיין 15, 20, 50 יאָר בירגער־קריגן, פעלקס־אויפשטאַנדן און נישט נאָר כדי צו ענדערן די באַדינגונגען, נאָר אויך כדי צו ענדערן זיך אַליין. מען דאַרף זיך גרייטן, פעיִק ווערן איבערצונעמען די מאַכט. אַנדערע זאָגן „מיר מוזן אומבאַדינגט שוין איבערנעמען די מאַכט, אָדער — זיך לייגן שלאָפן״. ווען מיר ווייזן אָן אויף דער נישט־רייפקייט, נישט־דערבאַקנקייט פון דייטשן פּראָלעטאַריאַט, לויבט איר אים אויף אַ וווּלגאַרן אופן. און דאָס איז זיכער מער פּאָפּולער!״

אויף די פאַרזאַמלונגען האָבן אָנגעהויבן פּאַרקומען געשלעגן צווישן ביידע צדדים. איינמאָל, אַרום איינס ביינאַכט זענען צו אים געקומען צו לויפן די צוויי חברים שראַם און פּעיפּער. זיי זענען געווען צעהאָדערטע, אָן היט, צעפליקט, צעריסן, פאַרבלוטיקטע. מען האָט זיי דאָרט נאָכגעשריגן „שפּיאָנען״. עטלעכע הונדערט האָבן זיך געוואָרפן אויף די צוויי חברים. דער פאָרזיצער, וועלכער איז געזעסן אויף דער טריבונע מיט אַ רויט בענדל אין לאַץ, האָט זיך נאָר קוים אויפגעשטעלט, געגומען עפּעס שטאַמלען, אָבער זיי נישט פאַרטיידיקט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט נאָך ווילין אַרויסגערופן שראַמען אויף אַ דועל.

דערווייל איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ קינד — פראַנצעסקאַ,

ס׳איז אָנגעקומען אַ ביסל געלט פאַר די איבערזעצונגען פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״. אין שטוב איז אַ ביסל גרוימער און פרייַלעכער.

ער זיצט גאַנצע טעג אין דער ביבליאָטעק פון בריטישן מוזעאום. אויך זשעני האָט אַ ביסל צייט און זי גייט אַמאָל אַוועק אויף עטלעכע שעה אין קלוב אַריין. זי שרייבט צו ענגעלסן: „מיר האָבן דאָ נעכטן געהערט די פאָרלעזונג פון יאָנעס. אַ שיינער פאָרטראַג. נאָר פאַר אונז, דייטשן, וועלכע זענען געוווינט צו שפּרינגען אונטער די שפּיצרוטן פון העגעל, פייערבאַך און אַנדערע, איז עס נישט געווען אַזוי גוואַלדיק. די קינדער פלוידערן זייער פיל וועגן דעם אָנקל ענגעלס. דעם גאַרן דערהאַלטן. שיקט נאָך. די בעסטע גרוסן״.

די קאַמפּן פאַרשאַרפן זיך וואָס-אַמאָל אַלץ מער. פון איין זייט שעפּטשעט מען, אַז באַקונין איז אַ פּראָוואָקאַטאָר און פון דער צווייטער זייט — אַז מאַרקס איז אַ פּראָוואָקאַטאָר.

דאָס געלט לאָזט זיך שוין אויך אויס. ער שרייבט צו אַ פרייַנט קיין פראַנקפורט, אַז ער זאָל אויסקויפן דאָרט אַלע זייַנע זאַכן פון לאָמבאַרד און זיי פאַרקויפן. נאָר אויב ס׳איז מעגלעך, זאָל ער פאַרהאַלטן דעם קינדערשן סערוויס, וואָס ער האָט אַמאָל געקריגן במתנה פאַר זייַן קלייַנער זשענכען. דאָס ווייַב איז טרויעריק און דאָס איז ערגער פאַר אַלץ. ער איז גליקלעך, ווען זייַן פרוי איז ביים הומאָר.

„ליבער פרידריך! איך שיק דיר דאָ צו אַן אַרטיקל וועגן דער אָנווענדונג פון עלעקטריציטעט אויף אַגריקולטור. קלער מיר אויף אייניקע זאַכן. איך לייען לעצטנס אין דער ביבליאָטעק זייער פיל וועגן טעכנאָלאָגיע און אַגראָנאָמיע. די סאָציאַליסטן ווילן זיך נאָך אַלץ נישט אָפּטשעפּען פון דער דעמאָקראַטישער „דריי-הייליקייט״ — גלייַכהייט, פרייהייט און ברודערלעכקייט.

איך פארליר שוין לעצטנס דאָס געדולד. מיין סיטואַציע מאַכט מיך שרעקלעך מיד. עס טוט מיר לייד מיין פרוי, אויף איר פאַלט די גאַנצע לאַסט. עס איז שוין פון איר געוואָרן כמעט אַ תל. מיין לאַגע איז גאָרנישט קיין פריילעכע. די קליינלעכע דאגות דערשעפּן פולשטענדיק. דאָס, פּלוס די געמיינע העצעס פון מיינע קעגנער. זיי פּרוּוון מיך קיינמאָל נישט אַטאַקירן זאַכלעך, נאָר זענען זיך אין מיר נוקם אויף די מיאוסטע אופנים, זיי ווארפן די געמיינסטע רכילות אויף מיין פּערזענלעך לעבן. באַרשטייט זיך, אַז איך וואָלט זיך אויסגעלאַכט פון דעם גאַנצן שמוץ; איך וועל זיך דאָך נישט לאָזן צוליב דעם אויף קיין איין רגע פאַרטרייבן פון מיין אַרבעט, אָבער דאָך ווירקט עס נישט ווי באַלזאַם אויף מיין פרוי און ממילא שוין אויך אויף מיר. פון אינדערפרי ביז ביינאַכט האָט זי צו טון מיט דער געמיינסטער נויט. און צו דעם ליידט זי נאָך אַ ביסל אונטער אויף אירע דערשעפּטע נערוון. און דאָך פאַרוואַרפן זי די נאַ-רישע לשון-הרעניקעס מיט די געמיינסטע רכילות און מיטן קויט פון די ערגסטע בירגערלעך-דעמאָקראַטישע קלאָזעטן. די לעצטע וואָך גיי איך שוין נישט אַרויס פון שטוב, ווייל מיין סורדוט ליגט פאַרזעצט אין לאָמבאַרד. איך האָב דאָס געלט באַדאַרפט צו קויפן שרייב-פּאַפּיר".

זיך געמאַטערט עטלעכע חדשים אין נויט און פאַרביטע-רונג. ס'איז שוין דאָ דערפון אַ רעזולטאַט — דאָס יינגסטע קינד, די קליינע פראַנצעסקאַ איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

זשעני שרייבט אַריין אין איר טאָג-בוך:

„אויף די וויינאַכט-חגאות איז אונזער קליינע, אָרעמע פראַנצעסקאַ קראַנק געוואָרן אויף אַ שאַרפן בראָנכיט. דריי טעג האָט דאָס אָרעמע קינד געקעמפט מיטן טויט. ס'האָט אַזויפיל געליטן!... דאָס קליינע קערפּערל איז געלעגן אין דעם לעצטן, קליינעם צימער. מיר אַלע האָבן זיך איבערגעטראָגן אין פראָנט-צימער. און ווען ס'איז געוואָרן נאַכט, האָבן מיר אַלע זיך

אויסגעבעט אויף דער פּאָדלאָגע. די רעשט דריי קינדער זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע צוזאַמען מיט אונז און אַלע צוזאַמען האָבן מיר באַוויינט דאָס קליינע מלאָכל, וועלכע איז געלעגן נעבן אונז אַ קאַלטע און געל-בלויע. איך האָב נישט געהאַט קיין געלט אויף דער קבורה. קאַרל איז אַריינגעלאָפן צו אַ פראַנצויזישן שכן און געקריגן געבאָרגט 2 פונט. פאַר דעם געלט האָבן מיר געקויפט אַ קליין טרומנעלע, אין וועלכן עס רוט שוין איצט אונזער טייער קינד. ווען ס'איז געבוירן געוואָרן, האָבן מיר נישט פאַרמאָגט אויף קיין וויגעלע פאַר איר און איצט האָט עס אויך געמוזט וואַרטן אויף אַ טרומנעלע. שוין: מען האָט עס שוין אַריינגעלייגט אין דעם אָרט פון לעצטן אָפּרו".

און קאַרל האָט געשריבן צו פרידריכן:

„איך האָב די פאַרגאַנגענע וואָך געהאַט אַזאַ שוידערלעכן ספּעקטאַקל, וועלכן דו קאָנסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן. איין טאָג פון דער באַגרעבעניש זענען אַלע געלטער אויסגעגאַנגען און איך האָב געמוזט לויפן צו אַ שכן באָרגן אויף באַערדיקונגס-קאָסטן. צום אומגליק, איז נאָך יענעם טאָג אָנגעקומען אַ בריוו פון עווערבעקן און ער איז נישט געווען מאַרקירט (ער מאַרקירט קיינמאָל נישט זיינע בריוו) און איך האָב געמוזט באַצאָלן די לעצטע 10 פּעניס. איך בין דאָך האַרט פון כאַראַקטער, נאָר דאָס מאָל האָט מיך באַדייטנד אָנגעגריפן אַן אומגעהויערע, צערפולע רחמנותדיקייט. שיק מיר אַ ביסל מאַרקעס, וועל איך דיר איבערשיקן אַ פּעקל זשורנאַלן און פאַרשידענע אַנדערע מאַטעריאַלן. דיין נעגער".

אין אַ צוויי וואָכן אַרום איז אים שוין אויסגעקומען זיך אַ ביסל צו דערפרייען. — ער האָט געקריגן אַ בריוו פון ווידמייערן פון ניו-יאָרק. ער שרייבט אים, אַז ער האָט שוין געהאַט רעזיגנירט צו קאָנען אים אָפּדרוקן „דער 18-טער ברומער", ווייל ער האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה און

אין לאַנד איז אַ קריזיס. ער האָט אים שוין דעריבער געוואָלט דעם מאַנוסקריפּט צוריקשיקן, ווי צופעליק טרעפט ער אויף דער גאַס אַ פראַנקפורטער אַרבעטער, אַ שניידער, און ער ווענדט זיך צו אים: „הער נאָר, חבר, עס האַנדלט זיך וועגן אָפּדרוקן קאַרל מאַרקס׳ אַ בוך, אַ פּרעכטיקע אַרבעט, נאָר קיין געלט איז נישטאָ דערויף, וואָס קאָנט איר עפּעס טון דערצו?" האָט יענער גאָרנישט געענטפערט, נאָר אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט און אַהיימגעפירט צו זיך אין שטוב אַריין. דאָרט איז ער צוגע־גאַנגען צו אַ שופלעדל, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פּעקעלע באַנקנאָטן און אַ זאָג געטון: „דאָ האָט איר 40 דאָלאַר, מער האָב איך נישט, דאָס איז מיין גאַנץ פאַרמעגן, נעמט עס און דרוקט אָפּ מאַרקס׳ בוך. איך שטעל אָבער איין באַדינג — איך מוז קריגן גראַטיס אַ געדרוקטן עקזעמפּלאַר".

---

ס׳איז שוין געווען טיף אין דער נאַכט.

און נאָך אַלץ שווימען אַרום שטיקער בילדער פון די לעצטע פיר יאָר לעבן. שווערע בלאָנדזשען זיי אין זיין מידן קאָפּ, טאַנצן ווי פייערלעך, שווערן ווי שטיקער בליי — ער קאָן נאָך אַלץ נישט אַנטשלאָפן ווערן.

ער איז אַראָפּ פון בעט פאַרויכערן די ליולקע. ער דער־הערט אַ שטיל שעפּטשען. ווען ער איז צוגעגאַנגען נענטער, צו דעם קיך־צימער, האָט ער דערזעען ווי בויער און ליבקנעכט זיצן האַלב־אויסגעטון אויפן פעלד־בעטל, איינער פון זיי האַלט אַ געבונדענעם עקזעמפּלאַר פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" און דער צווייטער זאָגט עס פון אויסנווייניק. נאָכן אָפּזאָגן אַ פראַג־מענט, טוישן זיי זיך, דער צווייטער נעמט דאָס ביכל און דער ערשטער זאָגט פון אויסנווייניק.

מאַרקס האָט זיך שטיל צוריקגעצויגן, זיך אַוועקגעלייגט אין בעט און שנעל און רויק איינגעשלאָפן — — —

## 2

העלענע האָט פּאַמעלעך אָפּגעשפּאַרט די טיר און כ׳יט אַ צעשטראַלט פּנים שטיל אַ זאָג געטון:

— ס׳איז דאָ. ס׳איז שוין דאָ די פּאָסט פון פרידריכן.

מאַרקס האָט זיך שנעל אויפגעהויבן פון זיין בענקל און אַרויסגענומען פון האַנט אַ דיקן קאָנווערט. מיט אַ אָנגעשאַרפט העלצל האָט ער אים פּאַמעלעך געעפנט. ס׳האָט זיך אַ שיט געטון אַ הויפן בריוו־בלאַנקעטן מיט קאָנווערטן פון פאַרשידענער גרויס און קאָליר. די פירמעס פון די ליידיקע בריוו־בלאַנקעטן און קאָנווערטן זענען געווען אַזעלכע מאָדנע, אַז אַלע ביים טיש האָבן זיך האַרציק צעלאַכט. אַ פאַבריק פון טשוועקעס, אַ פאַבריק פון הייוון, אַ קרעדיט־באַנק, אַ פאַרלאַג פון ענגליש־דייטשע ווערטער־ביכער, אַ פאַרמיטלונגס־ביוראָ פון פּאָסט־מאַרקן־זאַמלער, פון אַ שיפס־געזעלשאַפט, פון אַ הערינג־מאַגאַזין — פּרעכטיק. די דייטשע פּאָליציי־הינט וועלן זיך דערויף נישט כאַפּן, מען וועט אַלע מאַטעריאַלן קאָנען רויק פאַנאַנדערשיקן קיין פראַנקפורט, האַמבורג, קעלן, בערלין, זיי וועלן האָבן דעם אמתן פיאַסקאָ.

— זעלטן ווען דער פּאָליציי זאָל געלונגען נישט־פושעריש נאָכצומאַכן אַ גייסטיק שטיקל אַרבעט.

— וואָס האָט איר געוואָלט, חבר מאַרקס, אַז אַ ליאַדע פּאָליציי־שמעקער זאָל קאָנען געלונגען נאָכצומאַכן אייערס אַ בראָשור? איך מיין, אַז אַ סך היפּשע קערלס וואָלטן געבראָכן דערביי דעם קאָפּ.

— ליבקנעכט, מער ווי דריי מאָל אין טאָג טאָר מען נישט מאַכן קיין קאָמפּלימענטן. צוויי מאָל האָט איר שוין געמאַכט, דאָס דריטע מאָל לאָזט איבער פאַר מיין פרוי.

די קליינע אַכט-יעריקע זשענכען, וועלכע איז אומבאַ־מערקט געשטאַנען אין אַ ווינקל האָט זיך מיט אַ הילכיק גע־לעכטערל פאַנאַנדערגעקלונגען.

ליבקנעכט האָט זיך אויך צעלאַכט און אַ כאַפּ געטון דער קליינער אויפן שויס.

— נאָך צו-פרי, מיין שוואַלב, פאַרשטייסטו מיר וויצן און אַמלייכטסטן פאַרשטייסטו זיי דאַן, ווען דיין טאַטע וויצלט זיך איבער מיר.

האָט זי זיך דערפון אויך צעלאַכט.

— מען וועט שוין מיט איר גאָרנישט מאַכן. דו שוואַר־צער שד. נו, האָסט שוין אויסגעקלערט עפּעס אַ פריש מעשהלע אָדער לידל?

— יאָ, איך האָב אַ פריש לידל:

„איינס, צוויי, דריי,
די צייט גייט פאַרביי;
לאָמיר זינגען, לאָמיר שפּילן
און די פרייד פון לעבן פילן,
איינס, צוויי, דריי,
מיר מוזן ווערן פריי!"

אין דער טיר איז געשטאַנען די בלאָנדע, מיטן ראָזן פּנימל — לאָורא און געפּאַטשט מיט די הענטלעך. די בלאָנד־געקרייזלטע הערלעך האָבן זיך געוואָרפן און זי האָט כסדר געפּאַטשט מיט די הענטלעך.

— וואָס, לאָרעליי, וואָס פּאַטשסטו?

— עס געפעלט מיר דאָס לידל. איין וואָרט פון דעם לידל איז מיינס, אמת, זשענכען?

שראַם, ליבקנעכט, מאַרקס און די פרוי זענען אַלע גע־זעסן ווי אומבאַוועגלעך און פאַרוווּנדערט זיך אָנגעקוקט איינער דעם צווייטן.

— גאַנץ פיין, קינדערלעך, אָבער איר מוזט אַריינגיין אין צווייטן צימער. מיר מוזן עבן ווערן פריי — פון אייך. וויל

איר שטערט אונז אין אַ זייער וויכטיקער אַרבעט. פּאַרוואָס, זעט איר, קומט נישט אַריין מוש. אַ ייִנגל האָט פּאָרט מער שכל.

— און איך האָב געמיינט, אַז דער געגנאָסע ווילהעלם וועט מיט מיר היינט שפּילן אין „דאַמע".

די מוטער האָט זיך אָנגערופן:

— זשעניכען טייערע, די פינגער בריען און טוען אונז שוין אַזוי ווי פון דעם שרייבן, אַז קיינער פון אונז וואָלט פּשוט נישט געקאָנט רוקן די קלעצלעך אויפן ברעטל.

די קליינע האָט זיך צעלאַכט:

— אַ שיינער תּירוץ איז עס, נאָר מיר וועלן אייך נישט שטערן, זייט מיר אַלע געזונט.

דורך דעם ברייטן פענסטער, וואָס גייט אַרויס אויף אַ לייִדיקן פּלאַץ, האָט אַריינגעלויכטן אַ שטאַרקע זון. אַלע פיר זענען געזעסן אָנגעבויגן אַרום טיש און געסקריפּעט מיט די פעדערס: קעגן דעם גרויסן שטאַב באַאַמטע פון דער דייטשער געהיים-פּאָליציי, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו דעם גרויסן קעלנער קאָמוניסטן-פּראָצעס, וועלכע האָבן צעשיקט שליחים איבער פּאַריז, בריסל, בערן, לאָנדאָן און פון אומעטום צוזאַמענגעבערענגט אינפאָרמאַציעס; איבערגעקויפט מענטשן, געמאַכט איינברוכן אין די וווינונגען פון טייל אַרבעטער-פירער און אַרויסגעגנבעט פון דאָרט בריוו, דאָקומענטן, אַליין אָנגעשריבן צירקולאַרן, אויפרופן, בראָשורן (אונטער די נעמען פון פּראָלעטאַרישע טוער), טייל טוער אַריבערגענאַרט די גרענעץ און זיי איינגעשפּאַרט אין פינסטערע קאַרצערס — קעגן די אַלע און קעגן זיי אַלעמען האָבן נאָר געאַרבעט דאָ טאָג און נאַכט די פיר מענטשן.

פון צייט-צו-צייט האָט ווער אויפגעהויבן דעם קאָפּ עפּעס צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער. דאָס זענען געווען די קליינע אָפּרופויזעס פון דעם שנעלן און מאַטערנדיקן שרייבן.

— האָט איר שוין געהערט די נייעס? וויקטאָר הוגאָ איז געקומען קיין לאָנדאָן. הוגאָ אויך אַ פאַרטריבענער פון פראַנקרייך.

— מילא, די עמיגראַציע — דאָס איז דאָס לאַנד פון די־ גערעכטע.

— האָט איר אויך שוין געהערט, אַז ווילּיכּס שליח, קינקגל, האָט געבּרענגט פון אַמעריקע צען טויזנט דאָלאַר, וואָס ער האָט צונויפגעזאַמלט בּיי די אַרבּעטער? און ווייסט איר א.פ., וואָס דאָס געלט איז בּאַשטימט? אַלס גרונט־פאָנד פאַר דער קינפטיקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. און ווייסט איר, וויפל ס'איז געבּליבּן, נאָכן אַראָפּרעכענען קינקעלס הוצאות? — טויזנט פונט. און זיי האָבּן די סומע שוין איינגעלייגט אין אַ שווייצאַרישער בּאַנק. טויזנט פונט פון צען טויזנט דאָלאַר. היינע איז גערעכט:

„איך קען די ווייזע, איך קען דעם טעקסט,
איך קאָן אויך די פאַרפאַסער;
איך ווייס — אַליין זיי טרינקען וויין
און הייסן טרינקען וואַסער”.

— שראַם, איך האָבּ געמיינט, אַז נאָך דעם שראַם אויפן שטערן, וואָס ווילּיך האָט דיר געמאַכט בּיים דועל, האָסטו שוין פאַרלוירן דעם זכרון, צום סוף געדענקסטו נאָך היינען.

— נו, דו בּיסט דאָך אַ פילאָלאָג, דו געדענקסט נאָר איינצלנע ווערטער, אַלטע שפּרוכן און אָפּגעריבּענע צייכנס.

— אַזוי? וועל איך דיר ווייזן, אַז איך וועל דיר געבּן אַן ענטפער מיט אַן אַקוראַט קעגן־פערז פון „פאַאוסט”:

„די ווייניקע, די גרויסע, וואָס האָבּן דאָס דערקענט
און צו־היציק אויף צו האַלטן דאָס פולע האַרץ אין פאַר־
מאַכטע הענט,
און געוואָרפן די אמתן פאַרן פאָלק, ווי שמאַטעס צום
פאַרקויפן,
זענען פון אייבּיק־אָן געגאַנגען אויפן קרייץ און אויפן
שייטערהויפן”.

— טייערע פריינט, אַז איר וועט זיך אָנהויבּן אַזוי פאַר־

הערן אין געדענקען די מייסטער, וועט מסתמא אויך מיין טייע־רע זשעני וועלן באַווייזן, אַז זי געדענקט כמעט גאַנץ שעקס־פּיר און איך וועל מסתמא אויך וועלן עפּעס באַווייזן און וואָס וועט זאָגן צו דעם די דייטשע פּאָליציי? מיינט איר, אַז זיי פאַרגעמען זיך איצט אויך מיט פערזן?

ער האָט דערוויילע באַמערקט, אַז די פרוי קוקט אויף אים אַזוי, ווי זי וואָלט אים וועלן עפּעס זאָגן. זיי זענען ביידע אַריין אין צווייטן צימערל.

— העלענע האָט באַצאָלט די לעצטע פּעניס דעם פּאָסט־טרעגער און זי האָט שוין נישט מער קיין פּעניג. אין שטוב איז דאָ נאָר קאַרטאָפל, אָבער איך וואָלט וועלן האָבן נאָך עפּעס צו מיטאָג. מען קאָן דאָך נישט די חברים נאָך אַ האַלבן טאָג אַרבעט שטאָפּן מיט בלויז קאַרטאָפל.

ער האָט זיך אָנגעטון דעם מאַנטל און איז אַוועק אין שטאָט אַריין. אין אַ שעה אַרום איז ער צוריקגעקומען און געבראַכט עפּעס געלט.

— ביי וועמען?

— ביי אַן אַרבעטער אין דער קלוב־קיך.

אַ טייל פון דעם געלט איז גלייך אַוועק אויף פּאָסט־מאַרקן פאַר די בריוו.

אַזוי איין טאָג נאָכן אַנדערן. אין שטוב איז דערוויילע ווידער אָנגעקומען די קרענק, וואָס פלעגט זיי אַזוי אָפט באַ־זוכן און כמעט דווקא אין די ערגסטע צייטן. קאַרל זעצט זיך אַוועק און שרייבט צו ענגעלסן:

„מיין פרוי איז קראַנק, די קליינע זשעניכען איז קראַנק און לענכען האָט געקריגן ווי עפּעס אַ שטיקל נערוון־פיבער. קיין דאָקטאָר האָב איך נישט געקאָנט רופן, ווייל איך האָב נישט קיין געלט. גאַנצע אַכט טעג ווי איך פאַשע שוין מיין פאַמיליע מיט בלויז ברויט און קאַרטאָפל. אַזאַ דיעטע ביי די איצטיקע קלימאַטישע באַדינגונגען איז, פאַרשטייט זיך, נישט אַזוי גע־ווונטשן. איך בין מסופק, צי היינט וועט זיך מיר איינגעבן אויף דעם אויך צו קריגן. איך האָב אויך נישט געשריבן קיין

אַרטיקל פאַר דעם „נ. טריבון", ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין פעני אויף צו קויפן צייטונגען. עס וואָלט כאָטש געוועז געוווּנטשן, אַז מיין ווירטין זאָל מיך אַרויסוואַרפן פון דער דירה, וואָלט איך כאָטש פטור געוואָרן פון אַ חוב פון 22 פונט. נאָר דאַכט זיך, אַז אויף אַזויפיל העפלעך וועט זי נישט זיין. און צו דעם קומען נאָך צו די חובות דעם בעקער, דעם מילך-הענדלער, דעם טיי-צושטעלער, דעם גרינס-הענדלער און דעם קצב. און ווי אַזוי וועל איך אַרויסקריכן פון דער טייוולאָניש-קייט? מיין הויז איז אַ שפּיטאָל און איך מוז מיין גאַנצער אויפמערקזאַמקייט שענקען דער שטוב. ס'איז לעצטנס דערגאַנ-גען אַזוי ווייט, אַז איך האָב געמוזט אויספּאָמפּען צו פאָר שי-לינג און פעניס פון חברים-אַרבעטער. און דאָס איז פאַר מיר ספּעציעל שטאַרק פיינלעך. אָבער מיר האָבן דאָך פאָרט נישט געקאָנט פּגרן פון הונגער!"

אין עטלעכע טעג אַרום שרייבט אויך פרוי מאַרקס צו אירס אַ פריינדין קיין אַמעריקע:

„מיר דאָ, פונדאַנען, האָבן באַדאַרפט צושטעלן די אַלע באַווייזן פון די פּאָליצייאישע פאַלסיפיקאַטן און צוליב דעם האָט מיין מאַן געאַרבעט גאַנצע טעג און ביז שפּעט אין די נעכט אריין. דאָס גאַנצע אָנגעשריבענע האָט געמוזט זעקס און טיילמאָל אַכט מאָל ווערן קאָפּירט און אַרויסגעשיקט קיין דייטש-לאַנד דורך די פאַרשידנסטע וועגן. דאָס אַלץ איז איצט נאָר אַ קאַמף פון דער פּאָליציי מיט מיין מאַן. זיי וואַרפן אויף אים איצט אַרויף די פאַרשידנסטע פאַרברעכנס.

אַנטשולדיקט, וואָס איך פּאַטשקע אַזוי, ווייל אויך איך נעם אָנטייל אין דער אינטריגע און איך האָב זיך שוין אַזויפיל אָנגעשריבן, אַז די פינגער ברענען אַזש און ברעכן.

פון ענגעלסן האָבן מיר געקריגן אַ פּעקל פיקטיווע פירמע-בלאַנקעטן, כדי אין זיי איבערצושיקן די אַלע דאָקומענטן קיין דייטשלאַנד. ביי אונז איז דאָ אינסטאַלירט אַ גאַנצע ביוראָ. עס העלפן-צו שרייבן עטלעכע חברים.

מיינע פלוטעוואַטע און שטיפערישע קינדער הוליען דאָ

דערווייל אַרום, זינגען און פייפן, און דער טאַטע מוז זיי נישט איינמאָל מוסרן און זיך בייזערן. די אַרבעט האָט געדויערט פינף וואָכן. שוין איינמאָל אַ ספּעקטאַקל. אַנטשולדיקט פאַר דער כאַ-אָטישקייט פון בריוו. אייער זשעני".

3

11 אינדערפרי, וואָס עס הייסט אין לאָנדאָן נאָך גענוג פרי, האָט מען האַסטיק געקלאַפּט אין ליבקנעכטס צימער. ליבקנעכט וווינט היינט אין אַ גרויס הויז, מיט פיל איינצל־צימערן, געמיינזאַמע קיכן, באָד־צימערן, לייען־זאַלן און דאָ וווינען מערסטנס פּאָליטישע עמיגראַנטן. אין דער צייט שלאָפן נאָך כמעט אַלע איינוווינער. און אויב עס קומט ווער אַריין אויף אַ שמועס, אָדער באָרגן אַ צייטונג, אַ שוועבעלע, אָדער אַ פּאָר פּעניס, קלאַפּט נישט אַזוי האַסטיק. אין טיר קלאַפּט מען דערווייל ווייטער און ווילהעלם פילאָזאָפירט: „ווער קאָן דאָס זיין?" ער שפּרינגט אַראָפּ פון בעט. עפנט.

ס׳איז מאַרקס. ער דערשרעקט זיך — מאַרקס אַזוי פרי שוין? זיכער עפּעס שלעכטס געשען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ ליגן נאָך עלף אינדערפרי? איך לייג זיך אויך גענוג שפּעט, אָבער שפּעטער ווי אַכט—ניין הויב איך זיך נישט אויף.

ווילהעלם באַאומרויקט זיך נאָכמער, דווקא דאָס פאַרעדן אים — שרעקט אים.

— ס׳איז עפּעס געשען, קאַרל?

— יאָ, איך האָב אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפן. דו האָסט ביי מיר נעכטן געוווּנען עטלעכע פּאַרטיעס שאַך און דאָס האָט מיר נישט געגעבן קיין רו. נאָך אַ היפּש ביסל אַריינטראַכטן, וואָס עס האָט, אַן אמת, געקאָסט עטלעכע שעה נישט שלאָפן, האָב איך אויסגעטראַכט אַזאַ צוג, וואָס עס איז אויסגעשלאָסן צו קריגן מאַט. קיינער אין דער וועלט וועט ביי מיר איצט נישט געווינען.

ווילהעלם האָט זיך אָפּגעוואַשן, אָפּגעפּוצט די מלבושים,

זיך אַרויפגעבערענגט עפּעס צו עסן, זיך רויק אַוועקגעזעצט, נאָר קאַרל האָט זיך אומגעדולדיקט:

— וועסט שפּילן עסנדיק, וועסטו עסן שפּילעוודיק. אַרויף מיטן ברעטל.

די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן.

מאַרקס דערציילט דערוויַיל, אַז ער האָט שוין אַוועקגעוואָרפן די ליולקע און אָנגעהויבן רויכערן ציגאַרן — ס׳איז שוין דאָרט איינגעווייניק צופיל פאַרויכערט, אַז דאָס קליינע ליולקעלע זאָל נאָך ווירקן. איצט האָב איך צו טון מיט אַ לויפּעניש אויסצוזוכן ביליקע ציגאַרן, ווייל אין מיין געגנט קריגט מען עס נישט איינגאַנצן.

— פאַררעד מיר נישט די ציין, קאַרל, ווייל ס׳האַלט מיט מיר שלעכט, איך פאַרשפּיל, דאַכט זיך.

— נישט דאַכט זיך, נאָר זיכער. און ווען כ׳זאָל אַפילו דעם אָטעם נישט אַרויסלאָזן, וועט עס דיר אויך שוין נישט העלפן.

איין פּאַרטיע געווונען, אַ צווייטע, אַ דריטע, ווילהעלם איז שוין גוט דערשוויצט. ער פאַרבייסט די ציין, ברומט און קאַרל הילכט מיט אַ דונערנדיק געלעכטער:

— ס׳וועט דיר שוין גאָרנישט העלפן. רוף אַריין דיינע שכנים. זאָגסט דאָך, אַז עס זענען פאַראַן דאָ גוטע שפּילער, אַדרבא, זאָל קומען ווער עס וויל.

ווילהעלם איז אַרויס און אַריינגעבערענגט עטלעכע שפּילער. אַלע האָבן זיי פאַרשפּילט צו עטלעכע מאָל. כסדר האָט איינער אָפּגעטרעטן דאָס אָרט דעם צווייטן: „אַדרבא, גייט איר צו, אפשר וועט איר עפּעס מאַכן". אַן אומגעהויערער טומל. די פאַרשפּילטע האַלטן אין חשבונען, זאָגן אַרויס סברות און יעדער איינער זאָגט צו, אַז ביים צווייטן מאָל זיך זעצן צום ברעטל וועט ער שוין זיכער געווינען. אָפּגעוואַרט די ריי, די פאַרשפּילטע גייען צו נאָכאַמאָל, צעגערן מיט יעדן צוג, כאַפּן צוריק — עס העלפט גאָרנישט, אַלע פאַרשפּילן. די מיטאָג-צייט איז שוין לאַנג פאַריבער, קיינער געדענקט נישט אין דעם. איי-

נער פון די שפּילער גייט אַוועק, ער מוז — זאָגט ער — אָראָפּ־גיין אויף אַ שעה צייט צו זיך אין צימער אַריין, זיך אַוועק־לייגן אויפן בעטל און ער מוז אויסגעפינען אַ קעגן־צוג. טאָמער געלינגט עס אים נישט — הערט ער שוין אויף אייביק אויף צו שפּילן אין שאַך.

אַלע זענען שוין גוט פאַרמאַטערט. מען רוט זיך אַ ביסל אָפּ און מען וואַרט שוין מיט שפּאַנונג יענער זאָל צוריקקומען. מען נעמט דערווייל שפּילן אין „דאַמע". אָבער ווילהעלם וואָרנט זיי: „אין דאַמע האָט איר שוין גאָרנישט וואָס צו חלומען וועגן געווינען. דער געגנאָסע מאַרקס האָט די שפּיל דערפירט צו אַזאַ שלמות, אויסגערעכנט פון ערשטן ביזן לעצטן צוג, אַז גאָט אַליין וואָלט ביי אים נישט געוווּנען.

די טיר גיט זיך אַ פּראַל אויף:

— ערד! ערד! איך האָב אַנטדעקט! כ'האָב, כ'האָב!

מאַרקס איז אַ ביסל בלייך געוואָרן.

אַלע האָבן טיף אָפּגעאָטעמט. מען האָט אַראָפּגעשיקט קויפן אַ שפּאָר ביסל סאַנדוויטשן, באַשטעלט טיי אין דער בופעט־האַליע און מען האָט זיך ווידער געזעצט צום טיש.

דער קאָלאָמבוס איז גערעכט, ער האָט דערזען די ערד, אַ ריכטיקע אַנטדעקונג — ער געווינט די ערשטע פּאַרטיע און די צווייטע. מאַרקס איז שוין גאָר בלייך. ער פאַרויכערט איין ציגאַר נאָכן צווייטן. ליבקנעכט וויל אים אַ ביסל דערמוטיקן:

— נישקשה, לעסינג האָט שוין פון לאַנג געזאָגט, אַז שאַך איז פאַר אַ שפּיל צופיל ערנסט און פאַר ערנסט — גענוג שפּיל.

מאַרקס פאַרשפּילט שוין די דריטע פּאַרטיע און ביי אַלע אַרומיקע גליען די אויגן פול מיט נצחון. עס גייט־צו שפּילן אַ צווייטער — דאָס זעלבע. ער טוט נאָך דעם ערשטן. אַלע האָבן זיי שוין דערקענט דעם סוד און ס'איז פאַרפאַלן. מאַרקס גייט אַוועק אַ דערשלאָגענער.

— ווילהעלם, מאָרגן פרי זאָלסטו גלייך קומען צו מיר. איך וועל נאָך אין דעם ענין אַריינטראַכטן. דאַכט זיך, אַז עס

פיקט זיך שוין אַ פאַרבעסערונג פון דעם צוג. אַלזאָ, מאָרגן אינדערפרי, אומבאַדינגט.

* *
*

„צען אינדערפרי בין איך שוין אויפן פלאַץ. מאַרקס איז נאָך נישטאָ אין צימער. ער קומט גלייך אַראָפּ — זאָגט מיר די פרוי און זי ווערט שנעל אַנטרונען. לעבכען האָט אויך נישט עפּעס קיין ספּעציעל־פריינטלעכע מינע — איידער איך באַוויי נאָך צו פרעגן, צי עס האָט נישט עפּעס פּאַסירט, דער מאַר קומט אַריין, דערלאַנגט מיר שווייגנדיק די האַנט און לייגט גלייך אויף דאָס שאַך־ברעטל.

ער האָט טאַקע דורך דער נאַכט אויסגעקלערט אַ פאַר־בעסערונג פונם פריערדיקן צוג. עס דויערט נישט לאַנג און איך בין שוין אין קלעם. איך קריג מאַט און מאַרקס יובלט. ער האָט שוין צוריק אַ גוטן הומאָר. ער דערציילט דערוויילן אַן עפּי־זאָד: „פעליקס פּאַט האָט געשאַפן אַ נייע אונגיע. אין דעם פּראָג־ראַם האָט אויך פיגורירט גאָט. האָט איין אַרבעטער פּראָטעסטירט קעגן דעם, אַז אין אַ רעוואָלוציאָנערן פּראָגראַם זאָל זיך מישן גאָט. האָט מען דאָס אָפּגעשטימט. אַ מערהייט פון 7 שטימען האָט באַשטימט, אַז גאָט זאָל יאָ בלייבן. און אַזוי, פאַרשטייסטו מיך, איז דאָס העכסטע וועזן ווידער געראַטעוועט געוואָרן. פרי־ער האָט גאָט זיי נישט פאַרלאָזט און איצט פאַרלאָזן זיי נישט גאָט. איין האַנט וואַשט די צווייטע״.

ביים צווייטן מאָל געווין איך שוין אָבער יאָ. מיר קעמפן אַזוי כסדר. דאָס גליק האַלט זיך אין איין טוישן, אַמאָל געווינט ער און אַמאָל איך, און אַזוי אויך טוישט זיך דער הומאָר. אַמאָל האָב איך אים און אַמאָל קאַרל. קיינער קומט נישט אַריין אין אונזער צימער. מען הערט אַפילו נישט קיין שאָרך פון די קינדער. די צייט פון עסן איז שוין ווידער פאַריבער. און אָט האָב איך שוין געווינען צוויי פּאַרטיעס דורכאַנאַנד.

ס'איז שוין דאָן גוט נאַכט. איך וויל שוין אַוועקגיין, אָבער ער לאָזט מיך דורכויס נישט אָפּ. אין דעם קומט אַריין די דיקטאַ־טאָרין פון הויז — לענכען, און באַפעלט קאַטעגאָריש: — עס מוז שוין געמאַכט ווערן שלום!"

אין אַ שעה נאָכדעם, ווען ווילהעלם איז שוין געזעסן און עפּעס געשריבן, האָט אָנגעקלאַפּט לענכען.

— איך קום אייך בעטן אין נאָמען פון דער פרוי מאַרקס, אַז איר זאָלט מאָרגן צו אונז נישט קומען און אַלנפאַלס נישט שפּילן מיט מאַרקסן אין שאַך, וואָרן, אַז ער פאַרשפּילט, איז דער הומאָר ביי אים אַ פאַטאַלער און געפערלעכער.

## 4

דער פּריינט דאַנאַ, דער אַרויסגעבער פון „ניו־יאָרקער טריבון", איז שוין ווייזט אויס אינגאַנצן פאַרנאַרט געוואָרן, און נאָך אַ רשע דערצו. אונטער טייל מאַרקס' אַרטיקלען שרייבט ער אונטער זיין אייגענעם נאָמען און וואַרפט שוין צופיל אין קויש אַריין. שוין זעקס וואָכן קיין אַרטיקל נישט אָפּגעדרוקט. און ממילא שיקט ער נישט קיין פעניג. מען וועט דאַרפן שרייבן קלאָר און דייטלעך, אָדער — אָדער.

ער איז נאָך איצט אַ ביסל אין כעס אויף דער פרוי אויך, כאָטש זעלטן טרעפט דאָס ביי אים. ס'קומען צו אים חברים פון אַלע עקן אייראָפּע, שריפטשטעלער, געלערטע, פירער און פּשוטע אַרבעטער. זשעני איז אַ מיטגליד אין „בילדונגס־פאַריין", און ווען זי האָט נאָר צייט, גייט זי דאָרט אויף אַ פאַרזאַמלונג, זיצונג. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע, וואָס קומען דאָ אין שטוב אַריין, באַהאַנדלט זי כמעט גלייך, זיך נישט רעכענענדיק מיט דער ראַנג און שטעלע פונם גאַסט. נאָר זי איז דאָך אַ פרוי — האָט זי דווקא געוואָרפן אַן אומחן אויף דעם באַרימטן און העראָישן רעוואָלוציאָנער, אויף דעם פּשוטן פראַנצויזישן אַרבעטער באַרטהעלעמי. זי ווייזט, חלילה, נישט אַרויס איר באַציונג, נאָר מען דערקענט זייער גוט, אַז עס באַפאַלט זי אַ געפיל פון שרעק — ווען ער זעצט זיך נאָר צום טיש.

דעם אַרבעטער זוכט די פּאָליציי פון אַלע לענדער, זיי האָבן גאַנץ היפש מורא פאַר אים. אין דעם בלאַנקי־באַרבעס־אויפשטאַנד אין יולי 1830 פאַרנעמט ער שוין — דעמאָלט אַ 17־יעריקער בחור — דאָס ערשטע אָרט אויף די באַריקאַדן. איינער אַליין שפּרינגט ער צו צו אַ פּאָליציי־אָפּטיילונג און הרגעט אויפן אָרט זייער קאָמענדאַנט. ער ווערט דערפאַר פאַרמשפּט

אויף אייביקער תּפיסה. פֿאַר אַ סימן ווערן אויף זיינע הענט אויס-געבּרענט צייכנס. אין 1848 באַקומט ער אַמנעסטיע, און ווי ער פֿאַרלאָזט נאָר די טויערן פֿון דער תּפיסה, קומט ער גלייך צו-פֿאָרן קיין פּאַריז און שטעלט זיך אין די רייען פֿון די אויפֿ-שטענדער. ביים יוני-אויפֿשטאַנד ווערט ער ווידער געפֿאַנגען אויף די באַריקאַדן, און ווייל מען דערקענט אים נישט, קריגט ער נאָר טרוקענע גיליאָטינע, וואָס עס הייסט — לעבּנסלעגלעכע פֿאַרשיקונג אויף די זומפּן.

און אָט איז ער פֿון דאָרט שוין אַנטלאָפֿן און געקומען קיין לאָנדאָן.

ער איז עטוואָס העכער פֿון מיטלוווּקס, קרעפּטיק, קויל-שוואַרצע, געקרייזלטע האָר, בליציק-שוואַרצע אויגן — אַ בילד פֿון דער סאַמע אַנטשלאָסנקייט, אַ פּרעכטיקער עקזעמפּלאַר פֿון אַ דרום-פּראַנצויז. זיין בליק איז אָבער אַן אומהיימלעכער, שטעכי-קער און אָט פֿאַר דעם בליק האָט דאָס פּרוי מאַרקס אַזוי מורא.

באַרטהעלעמי איז איצט געוואָרן לייטער פֿון אַ פּראַנצוי-זישן עמיגראַנטן-קלוב, אין וועלכן מען לערנט זיך אין די אָוונטן פֿעכטן און שיסן. יעדע פּאָר טעג קומט ער מיט זיך מיטנעמען ליבקנעכטן און מאַרקסן און זיי פֿאַרבּרענגען דאָרט גערן צו פּאָר שעה ביי דער קונסט פֿון פֿעכטעריי.

באַרטהעלעמי וועט אָבער נישט לאַנג זיצן אויף איין אָרט און זיך פֿאַרנעמען מיט לערנען פֿעכטן און שיסן. לערנען אַליין איז פֿאַר אים ווייניק. לואי באָנאַפּאַרט זיצט שוין צו-לאַנג אַלס קעניג, שוין מער ווי אַ יאָר, מען וואָלט אים שוין באַדאַרפֿט עפּעס טון — שיסן, און אויב ס׳וועט זיך נישט איינגעבן — איז כאָטש שטעכן.

אויפֿן וועג צו דער שיף דערמאָנט ער זיך, אַז ביי זיין באַלעבּאָס דאָ, ביי וועלכן ער האָט אין די ערשטע וואָכן גע-אַרבעט אַ קורצע צייט, קומט אים נאָך עפּעס געלט. ער וועט אַריינגיין פֿאַרן אַוועקפֿאָרן אויפֿמאָנען.

דער באַלעבּאָס האָט זיך נישט געאיילט מיטן אויסצאָלן און ס׳איז געקומען צו אַ שאַרפֿן ווערטער-אויסטויש. באַלד דער-

הערט זיך אַ הילכיקער קנאַל. מענטשן לויפן זיך אָן, פּאָליציי רייסט זיך אַריין אין הויז — דער באַלעבאָס ליגט אויף דער פּאָדלאָגע אַ דערשאָסענער. ווו איז דער מערדער? דאָס הויז האָט אַ הינטער-טיר. מען לויפט דאָרט צו — ווידער אַ שאָס און נאָך איינעם — איין פּאָליציסט ליגט שוין טויט, דער צווייטער שוין אַ פאַרוווּנדעטער. דער פאַרוווּנדעטער האַלט אָבער נאָך פעסט באַרטהעלעמין. ס'קומט אָן נאָך פּאָליציי.

זייער שנעל קומט פאָר דער פּראָצעס און מען הענגט אים אויף.

ליבקנעכט און מאַרקס זענען אַוועק אין דער תּפיסה באַ־קוקן די מאַסקע פון געהאָנגענעם. איז אַפילו די טויטן-מאַסקע ווייזט נאָך שטאַרקע סימנים פון העלדישער אַנטשלאָסנקייט.

אָט איז ער טאַקע איצט צוריקגעקומען פון דאָרט און איז בייז אויף זיין פרוי — פאַרוואָס האָט זי זיך פאַר אים אַזוי שטענדיק געשראָקן און אים אַנדערש טראַקטירט.

— זעסט דאָך, אַז כ'האָב געהאַט רעכט.

— דאָס טויג טאַקע נישט, ווייל גאַנץ אָפט זענען גערעכט די פיליסטערס.

זשעני האָט אים אָנגעקוקט און דערזעען, אַז ער איז שטאַרק געל. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז עס גרייט זיך אים שוין אַ לעבער-אַטאַק און צוליב דעם אוודאי זיין גערייצטקייט.

— ביסט אַ גרויס קינד, קאַרל.

— פון קינדער האַלט איך, איך האָב ליב קינדער.

זי שמייכלט.

— געפעלסט מיר, קאַרל.

ער שמייכלט.

— און דו געפעלסט מיר אויך, זשעני. איינס, צוויי, דריי || די צייט גייט פאַרביי || לאָמיר זינגען, לאָמיר שפּילן || און די פרייד פון לעבן פילן || איינס, צוויי דריי,

— וואַרט, וואַרט, די לעצטע שורה זאָג איך: „מיר הויבן אָן אויפסניי".

ביידע לאַכן.

אין דער טיר שטייט דער קליינער מוש. ער פּאַטשט מיט די הענטלעך און רופט:

— בראַוואָ, בראַוואָ, זשענכענס לידעלע. איך וועל אויך אָנהויבן מאַכן לידעלעך.

* *
*

דער פּאָסט-טרעגער ברענגט אַן אָנווייזונג אויף 20 דאָלאַר און עטלעכע נומערן „נ. טריבון". אין איין נומער זענען אָפּגע-דרוקט 2 אַרטיקלען מאַרקסי, איינס פון זיי פיגורירט אַלס לייט-אַרטיקל מיט דער אונטערשריפט „די רעדאַקציע". אין אַ צווייטן נומער אָבער, געפינט ער אַ גרעסערע קאָרעספּאָנדענץ פון לאָנ-דאָן. דער מחבר האָט עפּעס אַ מאָדנעם נאָמען. ער האָט פון אַזעלכן קיינמאָל נישט געהערט. קאָנקורענץ. פאַר דאַנען איז שוין געוואָרן, ווייזט אויס, אַלציינס ווער ס'שרייבט. און אפשר טוט ער דאָס ספּעציעל, ער וויל דורך דעם ווידער שניידן דעם לוין? יאָ, דער פריינט דאַנאַ איז היפּש פאַרביזנעוועט געוואָרן. ער זעצט זיך שרייבן וועגן דעם צו פרידריכן.

„איך מוז שוין שרייבן אַן אַרטיקל פאַר דעם „נ. טריבון" איבער דער פּאַסקודנער מזרח-פּראַגע, ווייל עפּעס אַן עלנטער היגער יענקיס פּלייסט זיך מיט מיר צו קאָנקורירן. אַזוי ווי דאָס אַרטיקל מיינס איז פאַרבונדן מיט בלויז מיליטעריש-גע-אָגראַפישע קענטענישן און דאָס געהערט דאָך שוין נישט צו מיין דעפּאַרטאַמענט, ווערסטו דעריבער אַזוי גוט זיין, זיך מטריח זיין און אָנשרייבן פאַר מיר דאָס אַרטיקל. איך שרייב דיר דאָ באַ-זונדער צו מיינע מיינונגען אין דער פּראַגע. איך וואָלט וועלן גלייך אַוועקשיקן כאָטש אַ צוויי אַרטיקלען, כדי מיין קאָנקורענט גלייך צו לייגן".

אַוועקגעשיקט דעם בריוו און ער איז איצט אַ ביסל צופרידן. דער לעבער-אַטאַק איז אויך געוואָרן אויסגעמיטן. וואָ-רום גלייך ווי ער האָט נאָר דערפילט אַ שטערונג און דער-הערט דאָס באַקאַנטע שטילע גערויש פון דעם זיך רייבנדיקן

לעבער-זעקעלע, האָט ער גלייך גענומען דעם ברייטן פּאַס, וואָס ער האָט שטענדיק געהאַט בײַ זיך גרייט און פעסט זיך איינ-געצויגן דעם בויך. מען דאַרף איר אונטערהאַלטן דאָס געלעגער, עס טאָר איר נישט זיין צו-לויז, דער יחסנטע.

— זשענכען טייערע, ס'איז מאָרגן זונטיק און מיר גייען מאָרגן אין פּאַרק אַריין. מען דאַרף געדענקען צוגרייטן פּראָוויאַנט.

דאָס קליינוואַרג האָט זיך דערפרייט — מען גייט מאָרגן אין פּאַרק אַריין. זיי לויפן-צו צו העלענען, אַז זי זאָל זיי שוין אָנהויבן צוגרייטן צום מאָרגנדיקן שפּאַציר.

אויף צומאָרגנס איז גראָד געקומען אַ היפּש ביסל געסט און דער גאַנצער עולם נעמט אָנטייל אין דעם שפּאַציר. אַז זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס, האָט דאָס אויסגעזען ווי אַן עקספּעדיציע, וואָס לאָזט זיך ערגעץ אין אַ ווייטן וועג אַריין.

יעדער האָט געהאַלטן עפּעס אַ פּעקל אונטערן אָרעם. צייטונגען, ביכער, פלעשלעך טיי, מילך און הינטער דעם גאַנצן צוג זענען געגאַנגען העלענע מיט ליבקנעכטן און האָבן גע-טראָגן אַ שפּאָר קוישל מיט שפּייז.

— אמת, העלענע, עטלעכע דייטשן קאָנען מאַכן מער ספּעקטאַקל, ווי הונדערט טויזנט ענגלענדער?

— ע, דאָס קאָנען נישט נאָר דייטשן. איר ווייסט, וויל-העלם, אַז ס'קומט דער זונטיק, אין וועלכן מיר גייען אין פּאַרק אַריין, ווער איך דאַן בייז אויף גאָט און אויפן גורל. פאַרוואָס לאָזט ער שטענדיק נישט באַקומען דעם מענטשן דאָס ביסעלע פרייד? עס איז דאָך גענוג, אַז מען שטאַרבט, לאָז אים אין דעם ביסל יאָרן כאָטש האָבן דאָס ביסל פאַרגניגן. איר זעט, ווי קאַרל, זשעני און די קינדער שיינען איצט?

— שטענדיק קאָן מען נישט שיינען, טייערע העלענע.

— איר זענט אויך גערעכט. איך בין, ווייזט אויס, אַ נאַר און דאַרף צופיל נישט רעדן.

— איר זענט אַ נאַר, העלענע? פאַרוואָס דען זענט איר קלוג ביי מיר צו געווונען עטלעכע פּאַרטיעס „דאַמע״?

זי האָט זיך צעלאַכט, העלענע, ס'האָט איר הנאה געטון.

אין פּאַרק האָבן זיי שוין זייערס אַ פּלאַץ און דער גאַנ־צער עולם זעצט זיך דאָ אַוועק. דאָס ערשטע נעמט מען זיך גלייך צום עסן. אַזוי ווי פויערים, וואָס הויבן גלייך אָן עסן אויפן וואָקזאַל, נאָך איידער זיי פאָרן אַרויס, אַזוי איז שוין דער עולם, נאָך דעם אָנדערטהאַלבן־שעהדיקן שפּאַציר אויסגעהונ־גערט. מען נעמט זיך געשמאַק צום צווייטן פרישטיק. אָפּגע־געסן, נעמט מען זיך צו די צייטונגען, צו שמועסן איבער פּאָ־ליטיק, און אַז דער שמועס צעוואַרעמט זיך שוין גוט, רייסט קאַרל שנעל איבער:

— קינדער, מיר זענען דאָך אין פּאַרק, צו דער אַרבעט!

מען פאַרהערט זיך אין שפּרינגען, אין וואַרפן שטיינער, מען דינגט פערד צום רייטן און דאָס קליינוואַרג נעמט אין אַלעם אָנטייל און איז אויסער זיך פון פרייד. דאָס קליינוואַרג שטייט נישט אָפּ פון די גרויסע און די גרויסע שטייען נישט אָפּ פון די קינדער.

זיך פאַרמאַטערט אַ ביסל, קויפט מען ביים בופעט עטלעכע פלאַשן ביר און ס'הויבט זיך אָן אַ כאָר — מען זינגט פאָלקס־לידער. אין כאָר און סאָלאָ. די קליינע זשעניכען אימפּראָוויזירט לידלעך און דער סטאָליער ליאָכנער פּאַסט צו מעלאָדיען. דער קליינער מוש אימפּראָוויזירט ווידער מעשהלעך.

זשעני, הערנדיק די קינדערשע אימפּראָוויזאַציעס, שאָקלט פאַרזאָרגט מיטן קאָפּ. זי בויגט זיך אָן צו ליבקנעכטן און זאָגט אים שטיל:

— איך מוז אייך זאָגן, אַז די פריצייטיקע רייפקייט רופט ביי מיר אַרויס אַ סך אַנגסט.

דאַניעלס לייענט אַ צייטונג און גיט איבער די ידיעה, אַז פון איצט אָן וועט שוין די באַן דורכמאַכן 35 קילאָמעטער אין אַ שעה. אָנגעהויבן האָט זי מיט 14 קילאָמעטער און עס האַלט שוין ביי 35!

— זאָרג זיך נישט, דאַניעלס. די באַן, דאָס איז דאָס

מאָדערנע טראָיאַנישע פערד, וועלכעס די בירגערלעכע געזעל־
שאַפט לאָזט צו זיך אַריין, נעמט עס אויף מיט יובל־גע־
שריי און זי ווייסט נישט דערביי, אַז דאָס פערט זיי נאָך
שנעלער צום אומקום. מאָרגן עפנט זיך אַן אויסשטעלונג פון
מאַשינען און איך שלאָג אייך פאָר, מיר זאָלן אַלע מאָרגן גיין
אויף דער דערעפענונג.

עקאַריוס ציט אַרויס פון טאַש אַ גרויס שאַכטל ציגאַרן:

— נאַט אייך, מאַרקס, אַ מתּנה. איך האָב געקריגן פון
אַ פריינט אַ שאַכטל אמתע האַוואַנער ציגאַרן און איך האָב עס
גלייך באַהאַלטן פאַר אייך.

— יאָ, אַן אָנגעלייגטע מתּנה, אַ דאַנק. איך וועל אָפּט־
מאָל מיד פון אַרומלויפן זוכן די ביליקע ציגאַרן.

ער פאַרויכערט גלייך אַ ציגאַר.

— נו, ווי שמעקט עס אייך, פיינע ציגאַרן, אמת?

— זעלטן, פרעכטיקע ציגאַרן.

אַלע מיטאַמאָל שיסן אַרויס אין אַ געלעכטער. דאָס שטיקל
איז געלונגען. עקאַריוס האָט ספּעציעל געקויפט די ביליקסטע
ציגאַרן און זיי אַריינגעלייגט אין אַ שאַכטל פון טייערע. און
אָט איז ער, מאַרקס, אַריינגעפאַלן. ס'איז זיי געלונגען דאָס
שטיקל.

אָבער מאַרקס גלויבט נישט, ס'איז אויסגעשלאָסן, דאָס
ווילן זיי אים איצט אָפּנאַרן.

— דאָס האָב איך אייך געוואָלט באַשטראָפן פאַר אייער
רימען זיך, אַז איר זענט אַ גוטער פעכטער און אַ גוטער ריי־
טער. און פאַר אַ מבין אויף ציגאַרן האַלט איר זיך דאָך אויך,
האָב איך אייך געוואָלט באַווייזן, אַז איר זענט פּונקט אַזאַ
גוטער רייטער און פעכטער, ווי אַ גוטער רויכערער. איז ווער
האָט רעכט?

אַלע לאַכן, נאָר די קליינע זשענכען לאַכט נישט. ביי
ביט זי אַ זאָג צו עקאַריוסן:

— גאַנץ אָפט זענען טאַקע גערעכט די פיליסטערס.

אַ שטורמדיק געלעכטער. עקאַריוס כאַפּט זי קושן. ער גיט איר אַ מתּנה אַ קליינעם ניקל־בלייפעדער.

— זשענכען, איך וועל דיך פונדעסטוועגן בעטן, אַז זאָלסט מער נישט נאָכזאָגן דאָס, וואָס דו הערסט פון מיר. קינדער דאַרפן לערנען די עלטערן, דערפאַר דאַרף איך נאָכזאָגן דיינע רייד און נישט דו מיינע.

קאַרל האָט אַ פּלאַן: עס שטייט דאָ אַ בוים פול מיט קאַשטאַנעס, טאָ זאָל מען זיך פאַרהערן, ווער ס'וועט מיט איין טרייסל דעם בוים מער קאַשטאַנעס אַראָפּשאָקלען.

— איר ווילט זיך רעהאַביליטירן, נו, אַדרבא.

אַ שעה צייט האָט אָפּגעדויערט דער ספּאָרט. יעדער שאָקל פון בוים איז באַגלייט געוואָרן מיט קוויטשערייען און הוראַ־אויסגעשרייען. זאָרגפעלטיק האָט מען צונויפגעקליבן די קאַשטאַנעס און זיי געטרוי איבערגעציילט. צום סוף האָט שוין קאַרל געאַרבעט מער מיט כּעס ווי מיט כּוח. אָבער ער האָט זיך נאָר טיילווייז רעהאַביליטירט.

ערשט פאַרנאַכט זענען זיי אַהיימגעגאַנגען. ווידער דער זעלבער צוג. די לעצטע גייען איצט ליבקנעכט און מאַרקס. זיי זענען פאַרטון אין אַ שמועס וועגן פילאָלאָגיע. מאַרקס באַווייזט זיין זכּרון און האַלט אין איין ציטירן אַריסטאָטעלעסן און עסכילאָסן.

— און וואָס ביסטו דאָס מיר פאַר אַ פילאָלאָג, אַז דו קענסט נישט קיין שפּאַניש, אַז דו קאָנסט נישט לייענען „דאָן־קישאָט” אין אָריגינאַל? אויב דו ווילסט, וועל איך דיך לערנען שפּאַניש.

— קאַרל, ס'איז דאָך מיט דיר אוממעגלעך, דו פאַרכאַפּסט דאָך אַלע געביטן. אויסער דיין שפּראַכן־קענעריי, ביסטו אויך אַן אויסגעצייכנטער פילאָלאָג, ערן־וואָרט, ווי איך וועל דיך נישט איינטוישן אויף קיין פינף אַלטע, אַזוי צו זאָגן, פאַכמענער־פילאָלאָגן.

אַ טומל און צוזאַמענלויף אויף דער גאַס. אַ פרוי שרייט: „אַ מאָרד! ראַטעוועט!"

איידער ליבקנעכט באַוויזט זיך נאָך אַרומצוקוקן, איז שוין מאַרקס צוגעשפּרונגען צו דעם געזעמל. אַ שיכּורע פרוי ראַנגלט זיך מיט אַ מאַן. מאַרקס גיט זיך אַ רייס־צו נענטער און וויל צעשיידן די קעמפנדע. אָבער דאַן הערן זיי זיך אויף צו ראַנגלען און וואַרפן זיך אויף מאַרקסן: „ווי וואַגט איר זיך אַריינצומישן אין פרעמדע ענינים! וואָס איז דאָס אייער פאַרדאָסטע דאגה! געגאַנגען פון דאַנען!" און דאָס גאַנצע קרענצל מענטשן נעמט צוהעלפן און זיי שרייען אַלע: „דערלאַנגט אים, אַוודאַי אַן אויסלענדער, מישט זיך אין יענעמס עסקים, נעמט אים!" ליבקנעכט גיט אַ צעפיר די הענט, רייסט זיך דורך און גיט שנעל אַ רייס אַוועק מאַרקסן:

— און וואָס מישט איר זיך אַריין אין פרעמדע ענינים?! אייך האָט ער דאָך זיכער גאָרנישט געטון! — דער זאָג האָט געווירקט און זיי האָבן זיךביידע קוים אַרויסגעקריגן.

ווען זיי זענען שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ גרעסער שטיקל וועגס, האָבן זיי זיך ביידע אָנגעקוקט. זיי האָבן געוואָלט עפּעס זאָגן. זיי האָבן גלייך דערפילט, אַז ביידע ווילן זיי איצט זאָגן דעם איינעם און זעלבן געדאַנק. זיי האָבן דאָס נישט אַרויסגעזאָגט, נאָר פאַרדראָסיק געשמייכלט.

---

אַלעמען האָבן די הענט וויי געטון איבער אַכט טעג. נאָר מאַרקסן האָט דער געוועט מיט די קאַשטאַנעס און דאָס שפּרינגען מער געקאָסט — דער לעבער־אַטאַק איז נישט געוואָרן אויסגעמיטן.

ווייטיקן אין בויך, אָפּשטראַלונגען פון די ווייטיקן — אין דער פּלייצע, אין די אַקסל־ביינער, אין רוקן, דאָס פּנים ווערט געל; איבלעניש אין מויל, קאַפּויר־שלאָגן, ברעכן, קאָפּ־ווייטיק, אַ מידיקייט אין גאַנצן קערפּער, היץ, אַפּעטיטלאָזיקייט — נישט

עסן, נישט טרינקען, נישט רויכערן, דאָס דויערט אַזוי אָפּ פון צוויי ביז דריי וואָכן.

ער שרייבט נאָכדעם צו ענגעלסן:

„איך בין לעצטנס געווען אַ האָר נאָענט פון קראַפּירן. איך האָב באַקומען אַ לעבער-אָנצינדונג. דאָס איז אַ ירושה פון מיין פאַמיליע. מיין אַלטער איז דערפון געשטאָרבן. איך האָב, פאַרשטייט זיך, איבער דער צייט גאָרנישט געקאָנט אַרבעטן און דאָס איז פאַר מיר דאָס ערגסטע. דאָס נישט קאָנען אַרבעטן איז פאַר מיר אַ פאַקטישער טויט-אורטייל. ס'איז מיר פונדעסטוועגן געלונגען דורך די פאַר וואָכן אַדורכצולייענען קאַרפּענטיערס פיזיאָלאָגיע, לאָרדס פיזיאָלאָגיע; אויך קאָלקערס „די לערע וועגן געוועבן", ספּורדהיימערס „די אַנאַטאָמיע פון מוח און דאָס נערוון-סיסטעם" און שוואַנס און שליידענס וועגן די פעט-קעמערלעך.

איך האָב אויך פאַרלוירן דעם חשק צו שרייבן פאַר דאַנען. איך בענק שוין נאָך עטלעכע חדשים איינזאַמקייט און רויִקער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. דאַכט זיך, אַז עס וועט שוין קיינמאָל דערצו נישט קומען. דאָס אומאויפהערלעכע שמירן אין די צייטונגען נודעט מיך שוין אומגעהויער. עס נעמט מיר צו אַ מאַסע צייט. עס צעדריוועלט, און אין רעזולטאַט — גיט עס גאָרנישט. מען קאָן זיין אומאָפּהענגיק, שרייבן ווי אַזוי עס געפעלט און דאָך איז מען געבונדן מיט דער צייטונג און מיט די לעזער. און דערצו נאָך, ווען מען קריגט דערפאַר באַצאָלט אוי, דאָס באַצאָלטע.

ס'וואָלט זיך מיר אויך וועלן דיר איצט זאָגן, אַז אַ מענטש מיט פאַרנעם, אונזערס אַ מענטש, באַגייט אַ גרויס נאַרישקייט ווען ער האָט חתונה. ער ווערט צוליב דעם געוואָרפן אין אַ רינשטאָק פון קליינלעכע טאָג-טעגלעכע דאגות. כאָטש צוריק געשמועסט, דעם אמת געזאָגט, ליידט די פרוי נאָך מער, און זי האָט נאָך אַפילו נישט דאָס גליק פון אונזער פראַלן אין דעם

היכל פון דער וויסנשאַפט, וואָס דאָס טרייסט דאָך אונז אַזוי אָפּט, און ראַטעוועט אונז פשוט אָפּ.

גאַנץ אָפּט טרעפט, אין פאַלן פון נויט און פאַרצווייפּלונג, ווי מיין זשעני בעט דעם טויט אויף זיך און אויף די קינדער. דיין קאַרל".

# עס וועלקט און בליט

מוש איז קראַנק. אין דער געגנט בושעוועט די כאָלערע. די סיבה זאָל זײַן, וואָס ביים אַדורכפירן אין דער געגנט אַ קאַנאַל-נעץ האָט מען געפונען אַן אָרט, ווו ס׳איז אין יאָר 1665 באַגראָבן געוואָרן אַ גרויסע צאָל געשטאָרבענע פון כאָלערע.

דער דאָקטאָר באַטראַכט איצט מושן. ער שאָקלט מיטן קאָפּ, איז אויפגערעגט און שרייט: „פאַרוואָס זאָלט איר וווינען אין אַזאַ פאַרעיפושטער געגנט? שוין יאָרן, ווי איר אָטעמט מיט דער פאַרפּעסטעטער לופט. איר אַליין, הער מאַרקס, האָט זיכער צו פאַרדאַנקען אייער געזונט-צושטאַנד אָט די סירחא׳דיקע ריחות. איר, דער באַרימטער רויטער דאָקטאָר מאַרקס, פאַר וועלכן אונזער מיניסטער פּאַלמערסטאָן ציטערט צו-ביסלעך אונטער און קריצט מיט די ציין אויף אייערע פּאַמפלעטן, איר זאָלט נישט האָבן די עלעמענטאַרסטע מיטלען אויף צום לעבן?

— וואָס האָט איר געוואָלט, דאָקטאָר, די בירגערלעכע געזעלשאַפט איז דאָך נישט מחויב מיר צו באַצאָלן פאַר דעם טויט-אורטייל, וואָס ווערט איר דורך מיר פאָרויסגעזאָגט. די אָרבעטער? זיי האָבן נישט און מען טאָר ביי זיי נישט נעמען אויך. שווער פאַרהאָרעוועט געלט. און פאַרוואָס זאָל איך דאָס נעמען? מען דאַרף אַליין אַרבעטן.

— זענט איר טאַקע אַזוי זיכער, חשובער דאָקטאָר, מיט דעם זיג פון סאָציאַליזם? גלויבט איר פאַקטיש, אַז ער וועט אַמאָל קומען?

מאַרקס האָט אַ שמייכל געטון:
— ער וועט קומען אַזוי זיכער ווי דער טויט.
דער קליינער מוש האָט אַ ציטער געטון.
דער דאָקטאָר איז אויך בלייך געוואָרן און זיך ווייטער גענומען צום באַטראַכטן דאָס קינד.

---

זשעני שרייבט צו ענגעלסן:
„ליבער הער ענגעלס! עס איז מיר מוראדיק אומאָנגענעם צו מוזן שרייבן צו אייך וועגן געלט-ענינים. איר האָט אונז שוין צו-אָפט געהאָלפן. אָבער דאָס מאָל זע איך נישט קיין אַנדערע רעטונג און אַנדערן אויסוועג. איך האָב שוין געשריבן צו מיינע שוועסטערן און צו מיין שוויגער-מוטער, איך קריג אָבער פון זיי נישט קיין שום ענטפער. אויסמאָלן ווי עס זעט ביי אונז אויס די לאַגע, איז אוממעגלעך. מיין מאַן איז איצט ערגעץ אַוועק אויף דער סיטי צו גערשטנבערגן. איר קאָנט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ גאַנג דאָס איז פאַר אים. איבער דער צייט שרייב איך אייך די פּאָר שורות. קאָנט איר אונז עפּעס שיקן? פּרייטיק האָט דער בעקער שוין אונז אָפּגעזאָגט דאָס ברויט. מיר אַלע אין שטוב זענען צו-ביסלעך נישט געזונט—די גריפּע. מוש האָט אַ שטאַרקן פיבער. ער שלאָגט זיך אַליין. דער „נ. טריבון" האָט געשריבן צו קאַרלען, אַז זי קאָן נישט דרוקן זיינע אַרטיקלען אונטער זיין נאָמען, ווייל זיי ברענגען שאָדן דעם פּרעסטיזש פון זיין צייטונג".

* *
*

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט זשעני געבוירן אַ מיידעלע — לעאָנאָרע.
„איך בין שוין ווידער צו עטוואָס געקומען, און נעמלעך — צו אַ יינגער פּריילין מאַרקס — לעאָנאָרע הייסט זי. דאַנק

שלאָגט מיר פֿאָר אָנצושרייבן פֿאַר אַ ניו־יאָרקער מאַגאַזין אַ גרויסע אַרבעט איבער דער געשיכטע פֿון דער דייטשער פֿילאָזאָפֿיע, פֿון קאַנטן ביז די לעצטע. 12 פֿונט פֿאַר אַ בויגן. די פֿירמע פֿאַרלאַנגט אָבער, אַז זי זאָל זיין געמאַכט סאַרקאַסטיש און אַמוזאַנט! און אויך אויסמיידן דאָס רייצן דער רעליגיעזער עמפּפֿינדלעכקייט. ווי אַזוי אַזעלכעס אָנהויבן? וואָלטן מיר זיין ביידע צוזאַמען, דאַן וואָלטן מיר שנעל געקענט פֿאַרדינען אַ זעכציק פֿונט. סאָלאָ ריזיקיר איך זיך נישט צו אַזאַ אַרבעט.

פּיעפּער ליגט מיר שוין אויפֿן האַלז. מען האָט אים אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דער דירה און איך האָב אים, נאַטירלעך, גלייך אַריינגענומען צו זיך. איך בין צוליב דער קליינלעכער נויט געוואָרן אַ מרה־שחורהדיקער הונט. נאָר דאָך ווער איך נישט פּעסימיסטיש, ווייל דאָס וואָלט זיין נידערטרעכטיק, פּויל, רוסיש.

איך האָב צו מיין פֿרוי געמוזט נעמען אַ גוטן דאָקטאָר, דעם דאָקטאָר פּריינט. האָט ער מיר נאָכהער צוגעשיקט אַ רעכענונג אויף 26 פֿונט. איך האָב גלייך געשריבן דעם טייערן דאָקטאָר „פּריינט", אַז סוף וואָך וועל איך אים געבן 8 פֿונט און די רעשט אויסצאָלן במשך פֿון 6 ביז 16 וואָכן.

איך האָב די טעג געקריגן צוגעשיקט פֿון היינען זיינע לעצטע דריי בענדער. ער דערציילט דאָרט אויספֿירלעך, ווי איך בין אים געקומען אַלס טרייסט, ווען ער איז געוואָרן אָנגעגריפֿן אין דער „אויגסבורגער צייטונג" פֿאַר זיין נעמען געלט פֿון לואי פֿיליפּ. דער גוטער און אָרעמער היינע זוכט זיך צו טרייסטן אין פּיין פֿון זיין בייזן געוויסן.

איך לייד לעצטנס אויף די אויגן און אויף אַן עקלהאַפֿטן הוסט. איך שרייב לעצטנס זייער ווייניק, ווייל איך בין מיד ווי אַ הונט און גאַנצע נעכט זיץ איך ביי מיין קראַנקן מוש. די פֿרוי איז אויך גאַנץ היפּש קראַנק. זי איז נאָך קיינמאָל אַזוי נישט קראַנק געווען. דאָס האַרץ בלוטיקט, דער קאָפּ ברענט און איך מוז דאָס אַלץ, פֿאַרשטייט זיך, פּעסט האַלטן אין זיך און נישט אַרויסווייזן.

מוש קוקט איצט מיט זיינע פֿרעכטיקע אויגן, ער פֿאַר-

שטייט צופיל, דער קלײנער. איבער דער גאַנצער צייט פון זיין קרענק ווייזט ער אַרויס אַן איידעלן, אָריגינעלן און זעלבשטענ-דיקן כאַראַקטער״.

---

אין אַ קורצער צייט אַרום:

„פרידריך, דער אָרעמער מוש איז שוין מער נישטאָ! ער איז היינט איינגעשלאָפן אין מיינע אָרעמס!

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי דיין פריינטשאַפט האָט אונז אין די לעצטע שרעקלעכע טעג דערלייכטערט. מיין ווייטיק צוליב דעם קינד פאַרשטייסטו. מיין פרוי שיקט דיר איבער די פריינטלעכסטע גרוסן.״

(ווילהעלם ליבקנעכט האָט דערציילט פאַר די חברים:

— מאַרקס, די פאַמיליע און איך זענען געזעסן אין אַ באַזונדערן אָמניבוס, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט מושס לוויה. מאַרקס איז געזעסן מיטן קאָפּ אין די הענט פאַרגראָבן. „מאָר, דו האָסט דאָך אַ פרוי, די מיידלעך און אונז, מיר אַלע האָבן דאָך דיך זייער ליב״.

—„איר קאָנט מיר אָבער דעם יינג נישט צוריקגעבן!״.

ביים אַראָפּלאָזן דאָס טרומנעלע אין קבר, האָב איך גע-מוזט שטיין נעבן אים, מורא האָבנדיק ער זאָל נישט אַריינ-שפּרונגען אין קבר אַריין.)

אין עטלעכע טעג אַרום:

„פרידריך, איך קום צו דיר מיט מיין פרוי. איך וויל זי אַ ביסל אַרויסנעמען פון דער שטוב. דאָס קינד איז שוין נישטאָ, אָבער אין דער שטוב ליגט נאָך באמת זיין נשמה. איך האָב דאָך שוין אין מיין לעבן געהאַט גענוג אומגליקן, נאָר ערשט איצט האָב איך ערשט דערפילט אויף אַן אמת, וואָס עס הייסט אומגליק. איך פיל זיך אינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן. צום גליק האָב איך זינט זיין קבורה אַזעלכע קאָפּ-שמערצן, אַז איך זע נישט, הער נישט און דענק נישט. ס׳האַלט מיך אויף דער גע-

דאַנק, אַז דו ביסט דאָ און אַז איך האָב דיין פריינטשאַפט און די האָפנונג, אַז מיר וועלן נאָך צוזאַמען עפּעס רעכטס און פאַרנונפטיקס אויפטון אויף דער וועלט".

נאָך אין דריי חדשים אַרום, אין יולי, 1855, אויף אַ מיט-געפיל-בריוו פון לאַסאַלן, ענטפערט אים מאַרקס:

„בעקאָן זאָגט, אַז גרויסע מענטשן, באַדייטנדע פּערזענ-לעכקייטן זענען מיט אַזויפיל קנופן צוגעבונדן צו דער וועלט, פאַרמאָגן אַזויפיל אינטערעסאַנטעס, אַז עס איז לייכט אַזאַ מענטש זיך צו טרייסטן נאָך יעדן פערזענלעכן אומגליק. זאָג איך אייך, אַז איך געהער נישט צו די באַדייטנדע פערזענלעכקייטן. דער טויט פון מיין קינד האָט מיך דערשיטערט ביז דער טיפעניש פון מיין האַרץ און מוח. נאָך היינט פיל איך דעם צער גאַנץ גענוי אַזוי, ווי אין דעם ערשטן טאָג. מיין פרוי איז דעסגלייכן צעבראָכן".

פריילינגראַט איז געוואָר געוואָרן פון דעם ענטפער און ער שרייבט צו מאַרקסן:

„עס איז פאַר מיר אומגעהויער אינטערעסאַנט, אַז דו האָסט נאָך ביז היינט-צו-טאָג נישט פאַרגעסן אין דיין ווייטיק. עס איז אָבער פאַרפאַלן. דאָ וועט זיך גאָרנישט לאָזן מאַכן. איך פאַרשטיי און אָכט דיין צער, אָבער פרווו דאָך זיך צו שטאַרקן, פאַרוואַרף דעם צער, אַז נישט וועט ער דיך פאַרוואַרפן. עס וועט אין קיין פאַל נישט זיין קיין פאַראַט צו דיין טייער און אומפאַרגעסלעך קינד".

---

אין דעם זעלבן יאָר איז געשטאָרבן דאַניעלס. אָנהויב פון 56-טן יאָר איז געשטאָרבן ווערט, דעם 20-טן פעברואַר שטאַרבט אין פאַריז היינריך היינע. נאָך זיין לוויה גייען נאָך אַ קאַרגע הונדערט מענטשן. אין זיין צוואה איז שוין פאַראַן אַ צוריקקער צום „ליבנדיקן גאָט".

צווײ אַרבעטער-טוער אין דײטשלאַנד, מאַרקס׳ פרײַנט און פּאַרטײער — איז אײנער פון זײ שוין איצט בירגערמײסטער אין קעלן און דער צווײטער — פינאַנץ-מיניסטער פון פּרײסן. אי- נערן-מיניסטער איז דער ברודער פון מאַרקס׳ פרוי.

ברונאָ בויער, װעלכער קומט צו-גאַסט צו זײַן ברודער קײן לאָנדאָן, קומט אויף אַ װיזיט צו מאַרקסן און ער באַװײזט דאָרט זײַן גרויסן, פּראָפעסאָרישן פלײַס, זײַנע פּעדאַנטיש-פּראָ- פעסאָרישע מאַניערן און איז שטאַרק געצװימט, רעזערווירט.

— קאַרל, לאָז שוין ענדלעך צורו די פּראָלעטאַריער, מיט אַ הוספה פון אַ קלײנע פּאָר פּעניג נעמט מען זײ אַלע אײַן, מעגסט מיר גלויבן.

זשעני פאָרט אַראָפּ מיט די דרײַ טעכטער צו-גאַסט צו דער מוטער. באַלד אין די ערשטע פּאָר טעג פון זײער זײַן דאָרט, שטאַרבט די אַלטע פאָן װעסטפאַליען.

זײ זענען צוריקגעקומען פון דאָרט פאַרביטערטע און צעװײטיקטע און אין טײסטער עטלעכע הונדערט טאָלער ירושה.

„מיר האָבן זיך פּאַר דעם געלט איבערגעצויגן אין אַ נײַער דירה אַרײַן, נאָענט צו אונזער באַליבטן פּאַרק. עס קאָסט 36 פונט יערלעך דירה-געלט. קעגן אונזערע פריערדיקע נאָרעס, איז דאָס אַן אמת-פירשטלעכע װױנונג, אַ פּאַלאַץ. דאָס אויס- מעבלירן די װױנונג האָט אונז געקאָסט ביז אַ 40 פונט (אַלע געקויפטע זאַכן זענען מערסטנס אַלטע און גענוצטע). טײַערע פרײַנדין! איך האָב אויסגעקויפט אַ סך זאַכן פון לאָמבאַרד און דאָס האָט מיר אָן אַ שיעור פאַרגעניגן פאַרשאַפט. איך האָב געהאַט אַ היפשע הנאה איבערצוצײלן די אָפּגענומענע אַדאַמאַסק- סערװעטן, װעלכע שטאַמען נאָך פון גאָר אַלטע צײַטן פון אונ- זערע קרובים אין שאָטלאַנד. נאָר מיר האָבן זיך צופיל גאַלאָ- פּירט. די סערװעטן װאַנדערן שוין אײנציקװײַז צוריק אין זײער רו אַרײַן — אין לאָמבאַרד. נאָר אַ גאָר קורצע צײַט האָבן מיר

הנאה געהאַט פון דער בורזשואַזער איינאָרדנונג, אַ גאָר קורצע צייט. דיין זשעני״.

---

ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן וואַקסן אין דער באַוועגונג די טונקעלע, האַלב-טונקעלע, פיפיקע און אינטריגאַנטישע פאַרשוינען.

צו מאַרקסן קומט צו פאָרן אַ טוער פון דיסלדאָרף, דער סוחר גוסטאַוו לעווי. ער האָט פון דער אַרבעטערשאַפט אין דייטשלאַנד 2 אויפטראַגן צו מאַרקסן: ערשטנס, זאָל ער אויס־אַרבעטן אַ גענויעם פּלאַן פון אַן אויפשטאַנד, ווייל די אַרבע־טער זענען שוין מיד און צעבראָכן און דערפאַר זענען זיי שוין אויף אַלעם גרייט. און צווייטנס, זאָל מאַרקס וואָרענען די דייטשע אַרבעטערשאַפט פאַר לאַסאַלן. נאָך דעם געוויינעם האַנ־דעלס־פּראָצעס, שווימט ער אַרום מיט פאַראַד אין לאָרבער־קרענץ, ווערט אויסגעהאַלטן דורך דער פירשטין האַצפעלד, לעבט מיט איר, לאַדט איין פיל שריפטשטעלער און פּאָליטיקער אין איר סאַלאָן אַריין, מאַכט פאַר זיי באַנקעטן און אין די אַרבעטער האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן.

מאַרקס איז אויפגעבראַכט. ער דערמאָנט זיך אין זיין בריוו, וואָס ער האָט אַמאָל געשריבן צו לאַסאַלן: „איך וווּנדער זיך שטאַרק דערויף, וואָס דו ביסט אַזוי נאָענט פון לאָנדאָן און האָסט אַפילו נישט קיין טראַכט געטון, צו קומען צו מיר אויף עטלעכע טעג. איך מיין, אַז דו וועסט נאָך אַריינטראַכטן אין דעם ענין און דעמאָלט וועסטו געוואָר ווערן, אַז פון פּאַריז קיין לאָנדאָן זענען די הוצאות גאָר קליינע. ווען די טויערן פון פראַנקרייך זאָלן נישט זיין פאַר מיר געשלאָסן, וואָלט איך זיך אַליין געערן צו דיר אַריבערגעכאַפּט״. ער דערמאָנט זיך איצט אין דעם בריוול און עס פאַרדריסט אים איצט דערויף.

ער שרייבט וועגן לעוויס וויזיט צו ענגעלסן און ענגעלס ענטפערט גלייך אָפּ:

„אַ שאָד דער קערל, אַ שאָד זיין גרויסער טאַלאַנט! ער איז אַ מענטש, וואָס מען דאַרף אויף אים אויפפּאַסן. אַלס עכ־טער ייד פון דער סלאַווישער גרענעץ, איז ער שטענדיק גרייט

אויף אַ שפּרונג און אונטערן אויסרייד פֿון פּאַרטיי־טעטיקייט, עקספּלאָאַטירט ער אַ סך פֿאַר זיינע פּריוואַטע צוועקן. ער האָט אויך צופֿיל חשק זיך איינצוקויפֿן אין דער פֿאָרנעמער געזעלשאַפֿט. איך פֿאַרשטיי פֿאַרוואָס די דיסלראָרפֿער אַרבעטער זענען אויף אים אין כּעס״.

אָבער גאַנץ קורץ נאָכדעם האָבן זיי בּיידע, מאַרקס און ענגעלס, איינגעזעען, אַז זיי גלויבן צו־לייכט און חרטה געהאַט פֿאַר זייערע שלעכטע מחשבות. דער גוסטאַוו לעווי האָט כּמעט די גאַנצע מעשה אויסגעזויגן פֿונם פֿינגער. ער האָט געוואָלט, דער לעווי, אַ הלוואָה פֿון 2 טויזנט טאָלער און לאַסאַל האָט אים נאָר געוואָלט בּאָרגן 500 טאָלער.

פֿרייליגראַט איז שטאַרק אין כּעס אויף דער מעשה און ער וואַרפֿט פֿאָר מאַרקסן, אַז אין זיינע קרייזן האָבן זיך גאַנץ אָפֿט געפֿאָרעט טונקעלע פֿאַרשויינען. מאַרקס ענטפֿערט דערויף:

„יעדער שטורם לאָזט נאָך זיך אַ שוים. און איבערהויפּט שמעקט נישט קיין שום רעוואָלוציע מיט רויזן־אייל. אָפּטמאָל קלעבן זיך אַפֿילו צו ווערעם און זיי קריכן גאַנץ ראָש איבערן קערפּער. דאָס אַלץ איז אמת, אָבער פֿאַרפֿאַלן! אָדער־אָדער!״

## 2

שוין אין 1850 האָבן מאַרקס און ענגעלס דערקלערט אויף אַ פאַרזאַמלונג, אַז אַ נייע רעוואָלוציע איז נאָר מעגלעך דאַן, ווען ס'וועט קומען אַ נייער קריזיס און אַ נייער קריזיס מוז קומען פונקט אַזוי זיכער ווי דער לעצטער קריזיס.

שוין זיבן יאָר פאַריבער.

פון אַמעריקע דערטראָגט זיך אַ פאַרצווייפלט געשריי:

„קריזיס!!"

„דער קריזיס איז שוין דאָ אין אַמעריקע. די פאָר פונט, וואָס דאַנאַ איז מיר שולדיק, שיקט ער נישט אָפּ. איך בין ווידער אָן איין פעני, אַ געפערלעכע לאַגע. אָבער איך וואַרט שוין מיט געשפּאַנטקייט, אַז דער קריזיס זאָל שוין אַריבערקומען צו אונז קיין לאָנדאָן און פון דאַנען נאָך ווייטער, ווייטער".

„די לויזיקע קערלס פון „נ. טריבון" מיינען, אַז זיי האָבן דיך שוין אויסגעפּרעסט ווי אַ ציטרין און איצט ווילן זיי זיך שוין נעמען צו אַ פרישן. כדי נישט צו קאָמפּראָמיטירן דיין נאָמען, וועל איך אין מיין אייגענעם נאָמען נעמען פירן אונטערהאַנדלונגען מיט אַן אַנדערער צייטונג. אַ שאָד, וואָס דו האָסט מיר נישט געשריבן וועגן דיין לאַגע מיט אַ פערצן טעג צוריק. מיין פאָטער האָט מיר צוגעשיקט אַלס מתנה — געלט אויף צו קויפן פאַר זיך אַ פערד. ווען איך ווייס דאָס, וואָלט איך זיך נישט געקויפט קיין פערד; גראָד דעמאָלט ווען דו זיצסט אין פעך. איך שיק דיר 5 פונט. איך וועל דיר שיקן אַזאַ סומע יעדן מאָנאַט. אָבער דאָס זאָל דיך נישט אָפּהאַלטן פון ווענדן זיך צו מיר נאָך געלט אין ספּעציעלע פאַלן. איך לייד לעצטנס, פונקט ווי דו, אויף ציין-ווייטיק. איך גלויב, אַז דאָס קומט פון

מיין רעוומאַטיזם. דער קריזיס דערטראָגט זיך שוין קיין מאַנטשעסטער".

„ווי איך בין אַליין פאַרטון אין די גרעסטע געלט-דאגות, האָב איך פונדעסטוועגן, זייט 1844 נאָך נישט געפילט זיך אַזוי גליקלעך ווי איצט, ביי דעם אויסברוך פון קריזיס. איך וואָלט פונדעסטוועגן נישט וועלן, אַז ס'זאָל איצט שוין געשען עפּעס באַדייטנדעס, נאָך איידער דער קריזיס האָט נישט אַרומגעכאַפּט גאַנץ אייראָפּע. איך פיל זיך זעלטן פריילעך ביי דער אַלגעמיינער קאַטאַסטראָפע. ווי דו זעסט, בין איך איצט אין אַ קור-אָרט. ווידער געהאַט צו טון מיט דער לעבער. איך בין שרעקלעך געל. דער קריזיס ווירקט אָבער אויף מיר פיל בעסער, ווי די ים-בעדער".

„ס'איז שלעכט, טייערער נעגער! אויך איך בין שוין קראַנק. איך בין דיר איצט אַן אמתע יאָמער-געשטאַלט. קרום, לאָם, שוואַך—איך ווייס זיך נישט ווו אַהינצוטון פון די ווייטאָגן. איך האָב דיר צוגעשיקט אַ קויש וויין, דאָס וועט זיין זייער גוט פאַר דיין קראַנקער פרוי. איך האָב געשיקט זעקס פלאַשן „באָרדאָ", דריי „פּאָרט" און דריי „שערי". שרייב מיר, מיט וואָס פאַר אַ ליאַק זיי זענען געוועזן פאַרחתמעט, ווייל איך וויל וויסן, צי דער וויין-סוחר האָט נישט איינגעטוישט די פלאַשן. ס'איז גוט, ליבער נעגער, דער קריזיס זיצט שוין פעסט. אונזער אונטערנעמונג האָט אַ סך געליטן, די סחורה איז ביליקער געוואָרן אויף אַ העלפט".

„ליבער פרידריך! דער ים איז, פאַרשטייט זיך, דאָס הויפּט קור-מיטל, אָבער דאָך זענען געוויסע מעדיקאַמענטן נויטיק. איך האָב לעצטנס דורכגעלעזן כמעט די גאַנצע פראַנצויזישע, דייטשע און ענגלישע ליטעראַטור איבער דיין קרענק. אַלזאָ, דאָס וואָס לעבער-טראָן ווירקט אין דריי חדשים, ווירקט אייזן אין דריי וואָכן. לעבער-טראָן און אייזן שליסן זיך אָבער נישט אויס, נאָר דערגענצן זיך. דאַנאַ מאַטערט מיך שוין אַ לענגערע צייט, איך זאָל אים צושיקן מאַטעריאַל פאַר אַן ענציקלאָפּעדיע. בין איך אָבער געווען פאַרנומען מיטן שטודירן די מעדיצינישע

ליטעראַטור, האָב איך געמוזט אָפּנאַרן און שרייבן, אַז איך האָב דאָס מאַטעריאַל שוין אַרויסגעשיקט. איך בין אויך געווען לעצטנס פאַרנומען מיט מיינעם אַ דרייצן-יעריקן פּלימעניק, וואָס איז צו מיר געקומען צו-גאַסט פון טריער און איך האָב אים געמוזט גאַנצע טעג אַרומפירן און ווייזן אים לאָנדאָן. דערהאַלטן פון לאַסאַלן זיין אַרבעט איבער העראַקליט, איך האָב נישט געהאַט קיין 2 שילינג אויף אויסצוקויפן זי פון דער פּאָסט. האָב איך אַוועקגעשיקט מיין ראָק אין לאָמבאַרד. דאָס ווערק איז אַ ריזיקע אויסשטעלונג פון געלערנטקייט. און ס'איז דאָך זייער לייכט צו-נויפצוזאַמלען אַזויפיל ציטאַטן, ווען מען האָט אַ סך צייט און געלט. איך אַרבעט שוין צוריק פעסט ביי מיין פּאָליטישער עקאָנאָמיע. איך זיץ כמעט יעדן טאָג ביז פיר-פינף אין דער נאַכט אַריין. לאַסאַל שרייבט מיר, אַז ער האָט געשאַפן דאָרט אַ פאַרלעגער פאַר מיין איצטיקער אַרבעט, יענער זאָגט-צו גוטע באַדינגונגען. די טעג דאַרף צו מיר קומען דער שטייער-עקזע-קוטאָר אויף אַ ליציטאַציע. האָסטו עפּעס געלט?"

„דאָס געלט דערהאַלטן. האָסט מיך זיגרייך אַרויסגעריסן פון דער מלוכהס הענט. געלויבט זאָל זיין דיין נאָמען, הללויה!"

---

„מיר האָבן דאָ לעצטנס גרויסע קעלטן. דער מאַנגל פון אַ ביסל קוילן אין אונזער שטוב צווינגט מיך שוין ווידער אויף דיר צו פּרעסן. איך האָב מיך דערצו אַנטשלאָסן צוליב דעם שווערן דרוק פון אַרום און אַרום.

איך האָב געבעטן מיינע באַקאַנטע, אַז זיי זאָלן מיר שאַפן עפּעס אַ פּאָסטן. ס'האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז איך זאָל קריגן אַרבעט אין אַ לאָנדאָנער באַן-געזעלשאַפט. האָט מען מיר אָבער, צוליב מיין נישט-לעזבאַרער האַנטשריפט, דעם פּאָסטן אָפּגעזאָגט. ווען אַזאַ צושטאַנד זאָל דאַרפן נאָך אַזוי לאַנג אָנ-האַלטן, וואָלט איך וועלן שוין בעסער ליגן הונדערט קלאַפטער

טיף אונטער דר׳ערד. שטענדיק פאַלן אַנדערע צו־לאַסט און זיין דערבײַ נאָך אַליין געקוועלט מיט דעם קלענסטן טינוף — איז אומדערטרעגלעך. איך אַרבעט האַסטיק בײַ מיין פּאָליטישער עקאָנאָמיע, אָבער די טעגלעכע לומפּערייען מאַכן קאַפּוט מיין אינטעלעקט און מיין אַרבעטס־פעיִקייט. און דער גרעסטער טייל, וואָס פּאַרשט און שרײַבט וועגן דעם ענין „געלט״, לעבט דאָך אין זעלטענער האַרמאָניע מיט דעם באַשרײַבענעם קעגנשטאַנד.

איך לייד לעצטנס אויף דער גאַל.

איך האָב דעם איינדרוק, אַז דער שוואַרצער קאַבינעט אויף דער פּאָסט עפנט אונזערע בריוו און טייל שלאָגט ער אינגאַנצן אונטער.

מיין מוטער גיט מיר אָנצוהערן אין אַ בריוו, אַז זי וואָלט זיך וועלן מיט מיר זען. איך האָב איר צוגעשיקט דורך ליבקנעכטס פרוי, וועלכע איז די טעג געפאָרן קיין דייטשלאַנד, אַ פאָטאָגראַפיע פון מיין ייִנגסטן קינד. אויב איך וועל זיך צושנעל אָנכאַפּן אָן דעם פּאַרשלאַג, קאָן זי נאָך אַמאָל חרטה קריגן און איך דאַרף דעריבער זיין זייער פּאָרזיכטיק״.

„עס וואָלט געווען גראַנדיעז, ווען דו זאָלסט מיט דיין אַלטער אַראַנזשירן אַ דערלעדיקונג פון די געלט־ענינים. אפשר וואָלט מעגלעך געווען, ליבער קאַרל, אַז דו זאָלסט מיר צושיקן אַ גענויעם רעכנונג פון אַלע דיינע אויסגאַבן? מיט אַלע קלייניקייטן. איך וויל אַלץ גענוי וויסן. נעם דאָס אויף בײַ דיין פרוי. דו דאַרפסט, מיין איך, איר נישט זאָגן, אַז דו שיקסט עס צו מיר, עס וואָלט זי, מיין איך, באַליידיקט. ווייל איך האָב דעם איינדרוק, אַז פונקט ווי דו ביסט גראַנדיעז און פּראַקטיש נאָר בײַ גרויסע אונטערנעמונגען, און בײַ קליינע פּאַלירסטו זיך קאָמפּלעט, אַזוי געשעט דאָס אפשר אויך מיט דיין פרוי?״

„מיין מוטער איז שוין ווידער צוריק אַנטשוויגן געוואָרן. ווייזט אויס, אַז דריטע פּערזאָנען זענען געקומען אין דער קווער. די זאַך וועט זיך אינגיכן אויפקלערן. איך האָב לעצטנס עקל-האַפטע ציין-שמערצן און געשווירן אין מויל. אין הויז איז אָ-מעטיק און טרייסטלאָז".

„ענדלעך! „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָ-נאָמיע" איז שוין פאַרטיק. דיין קאַרל".

## 3

אין שטוב איז היינט אַ שטיקל טומל. ענגעלס קומט היינט צו פאָרן פון מאַנטשעסטער. עס וועט אויך זיין היינט אַ גרעסערע גרופּע חברים.

אַלע פּאָרען זיך ביים רוימען. מען וואַשט, מען פּוצט, מען שטעלט איבער דאָס מעבל, ס'איז היימלעך. זשעני האַלט אַ גאַנצן טאָג אין איין ברענגען פון גאַס גוטע זאַכן. דאָס קליינע שענקעלע איז שוין פול מיט פלעשער ווײַן און צובייסנס.

— זשעני, טייערע, איצט פאַרשטיי איך שוין. ביסט גערעכט. איצט פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס דו האָסט באַהאַלטן אַ קניפּל, דאָס באַהאַלטסטו צו אַזעלכע געלעגנהייטן.

זשעני איז באַליידיקט:

— איצט פאַרשטיי איך שוין, נאָך וואָס דו האָסט ביי מיר געבעטן אַ גענויעם רעכנונג פון די אויסגאַבן.

— איך בעט דיך זייער איבער, טייערע, אַנטשולדיק. אַגב, דאַרף היינט זיין אין שטוב אַ יום־טובדיקע שטימונג.

---

ביי אַ גרויסן טיש (צונויפגעשטעלט פון צוויי קליינע טישן) זענען געזעסן: מאַרקס מיט דער פרוי, ענגעלס, ווילהעלם וואָלף, ליבקנעכט, פרייליגראַט, האַרנעי, ערנסט יאָנעס, עדגאַר בויער און עטלעכע, נישט־לאַנג געקומענע פראַנצויזישע אַרבעטער־טוער.

זעצט מען זיך אַוועק ביי אַ ווייס־געדעקטן טיש, אויפגערוימטע, פייערלעכע, פאַרלירט מען אַ ביסל פון דער פרייקייט. גאָר שנעל צעוואַרעמט זיך די לופט. אָבער דערווייל נאָך, נאָר אַ ליטעראַרע וואַרעמקייט. די לאָמפּן שיינען העל. יעדער באַוועגט זיך עטוואָס איינגעהאַלטן, פאַרקוקט זיך אויף אַ קלייניקייט —

איינער — אויף דער גלאַנציקייט פֿון דער שאַנק, אַ צווייטער — אויף אַ פּאָרטרעט פֿון דער וואַנט, אַ דריטער — אין פּלעמל פֿון לאָמפּ, אַ פֿערטער באַקוקט זיך די אייגענע פֿינגער, אַ פֿינפֿטער גלעט זיך דאָס בערדל און קוקט אויפֿן דיל — ביז ענגעלס האָט ניט געוואַרט, נאָר מען האָט אים גערופֿן:

— ווײַן, חברים, ווײַן, פּרוּוו מאַרקס, מען מוז באַנעצן די צונגען, אַז ניט וועלן זיי נאָך אײַנגאַנצן טעמפּ ווערן. אַריסטאָטעלעס האָט אין די שמועסן מיט זײַנע תּלמידים אויך אונטערגעלעגט זײַן האַרץ און די הערצער פֿון זײַנע תּלמידים מיט אַ ביסעלע ווײַן.

— איך וואָלט פֿאָרגעשלאָגן, אַז אַזוי ווי מיר האָבן דאָ עטלעכע פּאָעטן, לאָמיר אָנהייבן אונדזער אָוונט מיט ווײַן — און געזאַנג. אָבער דער לעצטער זאָל גראָד לייענען פֿרײַליגראַט, ווײַל ער איז אָפֿיציעלער פּאָעט, פֿרײַער זאָלן לייענען די אַזוי־גערופֿענע אַמאַטאָרן־פּאָעטן — מאַרקס, ענגעלס און אויך איך.

— אַזוי? האָסטו דאָך באַלד געקאָנט זאָגן, אַז ווילסט לייענען דײַנע לידער. דערווײַל האָסטו אונדז צו וויסן געטאָן, אַז דו האָסט אַמאָל געשריבן לידער. אויף דיר, ליבקנעכט, וואָלט איך זיך ניט גערעכנט. כאָטש, ווייסט ווי געטהע האָט געזאָגט? „די דײַטשע שפּראַך איז שוין אַזוי ווײַט פֿאַרפֿולקאָמט, אַז יעדער איינער קאָן שוין גלאַטיק אויסדריקן זײַנע געדאַנקען אין פֿערזן”. ווען איך האָב איבערגעלייענט דעם זאַץ, האָב איך גלײַך צעריסן מײַנע אַלע לידער.

— בראַוואָ ענגעלס, הלוואַי וואָלט אַ סך פּאָעטן אַזוי געטאָן.

— חברים — האָט זיך פֿרײַליגראַט אָנגערופֿן — צי מיינט איר, אַז מען צערײַסט די לידער, ווערט מען שוין דערדורך אויס פּאָעט? און אַז אונדזער מאַרקס האָט אויפֿגעהערט שוין בײַ 19 יאָר צו שרײַבן לידער, איז ער דען ניט געבליבן עד־היום — פּאָעט? אַ מאָסע שטעלן אין זײַנע ווערק לייענען זיך דאָך ווי לידער. „דער טויש־ווערט פֿון אַ פּאַלאַץ קאָן זיך אויסדריקן אין אַ באַשטימטער צאָל שוואַקס־שאַכטלעך”. „די סחורה, וועלכע ווערט קעגנזײַטיק געטוישט, איז גאַנץ גלײַכגילטיק אויף אירע

איינגעבוירענע אייגנשאַפטן און זי לייגט נישט קיין שום אַכט אויף דעם באַדאַרף, וועלכן זי דאַרף באַפרידיקן. עס איז פאַר איר אַלציינס, צי זי דערשיינט אין גאָלד, צי אין אייזן, שפּייז, זייד — פּונקט ווי ס'איז גלייכגילטיק דעם זויער-שטאָף, צי ער איז אין זשאַווער אויף אייזן, אין דער אַטמאָספערע, אין ווייַנ-טרויבן-זאַפט, צי גאָר אין מענטשלעכן בלוט", חברים, איך בין דאָך אַן אָפיציעלער פּאָעט, ווי איר זאָגט, איר וועט דאָך זיכער פאַרשטיין, אַז איך ווייס דעם ווערט פון מאַרקסן דעם געניאַלן טעאָרעטיקער, נאָר ווען דאָס גאַנצע לעצטע בוך „צו דער קרי-טיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע" זאָל באַשטיין נאָר פון די צוויי זאַצן, וואָלט עס שוין געווען פאַר מיר אומגעהויער גרויס. דער איטאַליענישער פּאָעט וויקאַ פלעגט זאָגן: „אַ זאַך איז אַ קערפּער נאָר פאַר גאָט, וועלכער ווייסט אַלץ, אָבער פאַר אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט נאָר די אויסן-זייט, איז דאָס נאָר אַן אויבערפלאַך". מאַרקס באַגרייפט ווי דער גאָט פון וויקאַ! איך טרינק פאַר אונזער גרויסן לערער און מייסטער קאַרל מאַרקס, וויוואַט!

— יאָ, דו ביסט אַן אָפיציעלער פּאָעט, פרייליגראַט, די מלאָכים אין הימל לויבן זיך שוין נישט שענער.

— נו, ווער נאָך האָט אַזוי דערהויבן די מכלומרשט-וווּלגאַרע ווערטער און באַגריפן — מאַטעריע און עקאָנאָמיע צו אַזאַ הויך ווי דו? ריקאַרדאָ און סמיט וואָלטן דאָך אָן דיר אויך גע-בליבן אין שאָטן. און אָט וועל איך אייך אויך דערציילן אַ נייעס: אין דאַרווינס געניאַלן בוך „די אַנטשטייונג פון מינן", וואָס איז היי-יאָר דערשינען, איז זיך דאַרווין דאָרט מודה, אַז צו זיין טעאָריע וועגן קאַמף פאַרן דאָ-זיין, האָט ער אַ סך גע-נומען פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע. האָסטו עס נאָכנישט געלייענט, קאַרל?

— שוין געלייענט. און ביי אים וועט אויך זיין אַ ביסל היפּשס צום נעמען.

זשעני באַמערקט ווי דער גאַנצער עולם זיצט נאָך עפּעס געניג קאַלט און נישט פריי. און זי האָט אויך באַמערקט, אַז

פרייליגראַט רעדט עפּעס ווי געצוווּנגען, ווי אויף באַשטעלונג. דער לוסטיקער און באַוועגלעכער ענגעלס זיצט אויך עפּעס שטייף, פאַרטראַכט און קנייטשט דעם שטערן; וואָלף איז אויך אומעטיק און אַפילו ווילהעלם דרייט זיך אויפן בענקל, ווי אַ פאַרלוירענער.

זי האָט אַ קוק געטון אויף מאַרקסן — ער איז וואַקס-געל. די אויגן צעגליטע, אַ פעטער שווייס אויפן פּנים, צוקט מיט די ליפּן — אַן אַטאַק, ס׳גרייט זיך אַ לעבער-אַטאַק. זי האָט דאָס די גאַנצע צייט נישט באַמערקט, ווייזט אויס, אַז אַלע האָבן עס שוין פון אָנהויב אָן באַמערקט.

— קאַרל, פילסט זיך שלעכט?

— יאָ. איך וועל זיך לייגן אין בעט אַריין. נאָר מיט איין באַדינג — איר זאָלט בלייבן זיצן ביים טיש, עסן, טרינקען און שמועסן.

---

— פאַרוואָס געהערסטו נישט צו קיין פּאַרטיי, פרייליגראַט? דו ווייסט דאָך, וויפל דיינע רעוואָלוציאָנערע לידער האָבן מיט-געווירקט צו דער קאַמפּסלוסטיקייט פון די אַרבעטער.

— יאָ, איך טו דאָס און וועל דאָס טון, נאָר אויסער דער פּאַרטיי. אַ פּאַרטיי איז אויך אַזאַ מין שטייג. גלויב מיר, עס זינגט זיך אַ סך שענער און בעסער וועגן דער פּאַרטיי, ווען מען איז אויסער איר.

— ביסט אַ ראָמאַנטיקער, פרייליגראַט. און ווייסט דאָך ווי מאַרקס זאָגט: „דער ראָמאַנטיזם קאָן, ליידער, נישט רעכענען".

— איר ווייסט, אַז איך האָב זיך נאָך ביז איצט נישט אָפּגעגעבן קיין גענויען חשבון וועגן מאַרקסן. יעדן טאָג וואַקסט מיר צו נאָך אַ שטאָק צו דער שוין-ריזיקער געביידע. קיינער פון אונז האָט נאָך, דאַכט זיך, נישט דערשאַצט מאַרקס׳ פּאַר-נעם. איך האָב געשריבן וועגן דעם צו מיין ברודער ברונאָ, האָט ער מיר נישט געענטפערט. פּאָרט פּראָפעסאָר ברונאָ בויער — ער בלייבט עקשן. ער האָט פיינט, מיין ברודערל, אַז עס זענען פאַראַן גרעסערע פון אים. איך האָב זיך דערטראַכט

לעצטנס, אַז העגעל, פּונקט ווי פייערבאַך, וואָלטן פּאַרטרוקנט געוואָרן, ווען נישט מאַרקס.

— נו, העגעל האָט דאָך שוין לאַנג געזאָגט, אַז מינער־וועס סאָווע*) פליט אַלעמאָל אַרויס ערשט נאָך זון־אונטערגאַנג.

— איך האָב אויך געטראַכט, איר זאָלט עס נישט האַלטן פאַר מאָדנע, אַז מאַרקס קערט זיך אָן מיט שפּינאָזאַן. לויט שפּינאָזאַן איז דאָס דענקען נישט מער ווי דאָס געוואָר ווערן פונם קערפּער וועגן זיין אייגענער ווירקלעכער עקזיסטענץ. דאָס איז, אייגנטלעך, מאַטעריע מיט אַ דענק־פעיִקייט. די מאַ־טעריע, הייסט עס, איז די איינציקע, די ווירקלעך־עקזיסטירנדע אין אוניווערסום. די מאַטעריע איז, פאַרשטייט זיך, נישט קיין טויטע מאַסע — זי שיידט אויס פון זיך פאַרשידענע אייגנשאַפטן, ווי דענק־פעיִקייט, אָדער דענק־מעגלעכקייט, מיט איין וואָרט — גייסט. עס איז אַלנפאַלס אָן איינס — אומטיילבאַר. און מאַרקס איז דאָך אויך דער, וועלכער האָט דערפירט דעם גייסט און די מאַטעריע צו אָן איינס; קולטור, רעליגיע, פילאָזאָפיע, קונסט, רעכט, מאָראַל, דאָס איז די איבער־געביידע צום פונדאַמענט. אמת, ביי שפּינאָזאַן איז עס איינגעטונקען אין אַ מבול פון טעאָלאָגיע, כאָטש איך האָב דעם איינדריק, אַז דאָס איז געווען דאָס קלייד, אין וועלכן ער האָט זיך געמוזט איינהילן. ער האָט געוואָלט אויסמיידן דעם סוף פון זיין פאָרגייער דזשאָר־דאַנאָ ברונאָ.

מאַרקס, דאָס איז איבערהויפּט דער געניאַלער קאָרעקטאָר און אַלע פילאָזאָפן באַקומען ערשט דעם תּיקון אין זיין קאָ־רעקטור. אָדער ווי ער אַליין האָט געזאָגט: „העגעל איז ביז איצט געשטאַנען אויפן קאָפּ און איך האָב אים געשטעלט אויף די פיס". און אויב העגעל איז געשטאַנען אויפן קאָפּ, איז שפּי־נאָזאַ געשטאַנען משופּעדיק און מאַרקס האָט אים אויסגעגלייכט דעם רוקן.

נישט דרייסט האָט זיך אָנגערופן איינער פון די פראַנ־צויזישע אַרבעטער־טוער:

---

*) סימבאָל פון חכמה.

— באַקונין האָט אַמאָל געזאָגט צו אונז: „אין מאַרקס'ס אָרט דענקען ליגט עפּעס פינסטערעס, אַסקעטישעס, גאָטישעס, גוואַלטיקס און פאַרגוואַלטיקנדיקס. צווישן מיר און אים איז דער קאַמף צווישן גאָטיק און העלעניזם. ער האָט אַ געניאַלע פעיִקייט אויסצוגעפינען אין דעם אינדיווידועלן לעבן — דאָס אַלגעמיינע. און אַזוי ווי דאָס לעבן איז שטענדיק אינדיווידועל, האָט ער אויך פונם לעבן — דאָס לעבן אַרויסגענומען. נישט וואָס ער וויל גייט אים אָן, נאָר — וואָס די געשיכטע וויל, און אפשר האָט ער געפונען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט דעם זין פונם לעבן, וועלכן ער האָט אין זיין פערזענלעכן לעבן נישט געפונען? אַלנפאַלס יעדער מינדסטער דערשיינונג דערפירט ער ביז צו אַבסטראַקציע — און אויך פאַרקערט".

ענגעלס איז צוגעגאַנגען צו דער ביכער-שאַנק, אויסגעזוכט פון דאָרט אַ זשורנאַל און גענומען אַרויסלייענען: „באַקונין — אין דעם לעבן איז פאַראַן אַ סך מיסטישעס. אָבער ווער איז דאָס נישט קיין מיסטיקער? קאָן דען איבערהויפּט עקזיסטירן אַ טראָפּן לעבן אָן מיסטיק? לעבן איז פאַראַן נאָר דאָרט, ווו ס'איז דאָ אַ שאַרפער, גרענעצלאָזער האָריזאָנט, וועלכער איז שוין במילא אַ ביסל אומבאַשטימט און מיסטיש. ערן-וואָרט, מיר אַלע ווייסן כמעט גאָרנישט, מיר לעבן אין אַן אַטמאָספער אַרומגערינגלט מיט ווונדער". נו? אַן אמתער טומל-קאָפּ, הוילער קוואַטש און דאָס געפעלט אַזוי די פראַנצויזישע אַרבעטער?

— נישט נאָר די פראַנצויזישע, נאָר אויך די שווייצאַרישע, איטאַליענישע און שפּאַנישע. דער אַרבעטער ווייסט נאָר צו קעמפן פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט. ער ווייסט נאָר וועגן רעוואָלוציעס. אָבער טעאָריעס? טאַקע באַקונין האָט עס געזאָגט: „לאָמיר איבערלאָזן פאַר אַנדערע דאָס מאַכן טעאָריעס איבער די פּרינציפּן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע". און נאָך דערצו טיפע טעאָריעס זענען דעם אַרבעטער אוודאי שווער און פרעמד.

— ערשטנס, זענען זיי נישט אַלעמען פרעמד, און באַזונדער — וואָס פאַר אַ טיפע טעאָריעס? די מכה איז דאָך דאָ אונטערן אָרים, מען האָט נאָר אָנגעוויזן ווו די מכה געפינט זיך.

פלאַצן וועט די מכה סיי-ווי. נאָר מען קאָן דאָס פּלאַצן פון דער מכה באַדייטנד פאַרשנעלערן. איך פאַרזיכער אייך, אַז די געשיכטע וועט זיך נישט איינהערן אין באַקונינס מיסטיציזם. ער קאָן צולייגן נאָך אַ פּאָר פּלוידער-ווערטער — מאָראַל, פרייהייט — דאָס פייער וועט פאַרברענען. אַלציינס צי מען וועט ביים פייער זאָגן אַ גוטן און פרומען שפּרוך, אָדער גאָר אַ קללה.

— באַקונין וויל אָבער ענדערן דעם מענטשנס כאַראַקטער און דאָס קאָן זיך אויך אָפּרופן אויף דער געשיכטע.

— ער וויל ענדערן? איך האָב נישט קיין כוח צום לאַכן.

ליבקנעכט רופט זיך אָן:

— אַ שפּאַניש פאָלקס-ווערטל זאָגט: „דאָס וואָס עס קומט מיט אין דער בלאָז ווען דאָס קינד ווערט געבוירן, פאַרשווינדט ערשט ביים אויסהויכן דעם לעצטן אָטעם".

פרייליגראַט ציטירט געטהען:

„מענטש, ביסט סוף-כל-סוף וואָס דו ביסט,
מעגסטו טראָגן אַ פּאַרוק פון מיליאָנען לאָקן,
מעגן דיינע קנאַפּל זיין איילן-הויך, גאַנצע שטאָקן,
בלייבסט אייביק וואָס דו ביסט!"

דער אומעטיקער ווילהעלם וואָלף ציטירט שאָפּענהויערן: „יעדע האַנדלונג פון אַ מענטש אַנטשטייט ביי אַן אָנרעגנדער געשעעניש פון דרויסן און דורך זיין אינערלעכן כאַראַקטער. דעריבער איז אַלץ, וואָס דער מענטש טוט, טוט ער נויטוועני-דיקערהייט".

— קינדער, איר פאַלט דאָך עפּעס אַריין אין אַ שמאָלן פאַטאַליזם.

העלענע איז אַריינגעקומען און געפרעגט, פאַרוואָס זיי עסן נישט און טרינקען נישט, זי האָט צוגעגרייט נאָך זאַכן, אָבער זי קאָן דאָס נישט דערלאַנגען, ביז דער טיש וועט נישט ווערן אָפּגערייניקט.

דער עולם האָט זיך גענומען צו דער סעודה.
מען האָט אָנגעהויבן זינגען פריילעכע לידלעך.

פון צווייטן צימערל איז אַריינגעקומען מאַרקס. ער איז
[illegible] אין פאַרחושכט. ער קאָן נישט איינליגן אין בעט.

— די פריילעכע לידלעך האָבן אַמוזירט מיין לעבער, זי
און דעריבער געוואָרן באַוועגלעכער, וויל איך בעסער מיטזינגען.

— הורא, בראַוואָ, דער אַסקעט וויל פריילעך זיין.

## 4

נאָסטאַלגיע. היימאַט-בענקשאַפט. די, וואָס ווערן פאַרטריבן פון זייער לאַנד, די, וואָס אַנטלויפן פון זייער לאַנד, ריכטן זיך בשעת-מעשה קיינמאָל נישט, אַז זיי קאָנען פאַרבלייבן אין דער פרעמד גאַנצע צענער-יאָרן. עס איז פיינלעך זיך צו דערוויסן אין דער פרעמד, אַז פיל פון די מיטקעמפער, די, וועלכע זענען פאַרבליבן אין לאַנד, פאַסן זיך צו צום נייעם רעזשים, אָדער שווייגן בלויז פאַרביטערט. טייל גייען גאָר אינגאַנצן איבער אויף דער זייט פונם שונא און חוזקן עפנטלעך איבער די פאַרטריבענע אָדער אַנטלאָפענע.

נאָך לאַנגע יאָרן זיין אויף דער עמיגראַציע, איז אָפּטמאָל נישט שווער צו קומען צו אַ טייל פון דער אַנטלאָפענער מאַסע און פאָרשלאָגן איר — אָדער — שוין רעוואָלוציע, אָדער — זיך גאָר אומקערן אַלס בעלי-תשובהניקעס צוריק אין לאַנד אַריין. אַזאַ שטימונג ווערט דורך פאַרשידענע שלוחים געשיקט אויסגענוצט.

קינקעל גיט אַרויס אין לאָנדאָן אַ צייטונג א. נ. „הערמאַן“. קינקעל איז דער הויפּט-טרומייטערער פון דער בענקשאַפט. ער צעוויגט דאָס געפיל, צעבלאָזט, צעשרייט, זינגט מעלאָדיששטיל — ער טוט אַלץ, וואָס עס לאָזט זיך נאָר.

צו פרידריך שילערס יאָרצייט אָרדנט ער איין אַ גרויסע פּאַראַד-אַקאַדעמיע. ער לאַדט איין אַלע דיכטער, מוזיקער, אַרבעטער-טוער, אַלע זאָלן קומען רעדן. אפילו פרייליגראַט האָט נישט געקאָנט באַשטיין דעם נסיון און אָנטייל גענומען אין דער אַקאַדעמיע מיט פאָרלעזן זיינס אַ ליד, געווידמעט שילערן. פרייליגראַטן און ענלעכע צו אים האָט קינקעל, פאַרשטייט זיך, נישט דערציילט, אַז ער לאַדט איין צו דער אַקאַדעמיע אויך

אַ פֿאָרשטייער פֿון דער דייטשער געזאַנדשאַפֿט. פֿאַר די לינקע האָט ער אויסגערעכנט נאָר די לינקע אָנטיילנעמער און פֿאַר די רעכטע — בלויז נאָר די רעכטע.

אמת — האָט פֿרייליגראַט נאָך דעם אָוונט געטראַכט — דער ראָמאַנטיזם קאָן טאַקע, ליידער, נישט רעכענען.

די „נייע צייט", וואָס עס גיט אַרויס עדגאַר בויער, אַלס דער אָנפֿירער פֿון „אַרבעטער-בילדונגס-פֿאַריין", פֿאַרלירט וואָס אַמאָל אַלץ מער לעזער, וועלכע גייען איבער צו דעם „הערמאַן". איז נאָך דאָס ווייניק, איז קינקעל געקומען צום אייגנטימער פֿון דער דרוקעריי, וווּ עס דרוקט זיך די „נייע צייט" און אים פֿאָרגעשלאָגן אַ גאָר גרויסן פּרייז פֿאַרן דרוקן זיין „הערמאַן" — און אַרויסוואַרפֿן די „נייע צייט".

עדגאַר בויער און ליבקנעכט קומען צו מאַרקסן בעטן, ער זאָל אָנהויבן מיטאַרבעטן אין דער „נייער צייט", ער זאָל אויך איבערהויפּט פֿון איצט אָן שענקען דער צייטונג מער אויפֿמערקזאַמקייט — אפֿשר וועט דאָס איר אָפּראַטעווען פֿון אונטערגאַנג.

שוין באַלד צען יאָר ווי מאַרקס האָט נישט גענומען קיין אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט פֿון בילדונגס-פֿאַריין. (ער דערמאָנט זיך איצט אַ סצענע פֿון דעמאָלט: ער האָט דאָרט פֿאָרגעלייענט און אַרומגערעדט דעם „קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט". די אוידיטאָריע האָט אים באַשאָנקען מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן. איין אַרבעטער האָט ספּעציעל זיך אויסגעצייכנט מיט לאַנגדויערנדע און הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. דאָס האָט אים שטאַרק פֿאַראינטערעסירט און ער איז צוגעגאַנגען צו דעם אַרבעטער אַ ביסל שמועסן. „איך בין אַנטציקט, חבר מאַרקס, עס איז קאָלאָסאַל. נאָר איין וואָרט, חבר מאַרקס, וואָלט איך וועלן, אַז איר זאָלט מיר אויפֿקלערן. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וואָרט „אַכטבלעטלער"? איר האָט זייער אָפֿט דערמאָנט דאָס וואָרט „אַכטבלעטלער". אַ היץ האָט אים אַ שלאָג געטון אין פּנים אַריין. ליבקנעכט האָט זיך שנעל אָנגערופֿן: „אַכטבלעטלער"? איר מוזט מיינען, חבר, „אַרבעטער". נאָר דער חבר מאַרקס רעדט מיט אַ

טיף-ריינישן דיאַלעקט — און אויך אַ טייל ווערטער רעד איך אַרויס שווער, קלעפּן זיך צו צו דער צונג — האָט מאַרקס אַליין צוגעגעבן — איז דערפאַר ביי אייך, אַרבעטער, אויסגעקומען „אַכטבלעטלער". מאַרקס האָט זיך צעלאַכט, נאָר קיינער האָט נישט מיטגעלאַכט מיט אים. שטענדיק, ווען מען רעדט וועגן בילדונגס-פאַריין, דערמאָנט ער זיך אין יענעם עפּיזאָד.)

— חברים בויער און ליבקנעכט, איר ווייסט דאָך, אַז איך און ענגעלס וועלן נישט מיטאַרבעטן אין אַ פּאַרטייאישער צייטונג, וועלכע ווערט נישט דורך אונז רעדאַקטירט. און אַז אויף דעם זאָל מסכּים זיין דער גאַנצער קאָמיטעט פון פאַריין, איז נאָך דערווייל, דאַכט זיך, צו פריצייטיק.

— אָבער אַז אונזער צייטונג וועט אונטערגיין, וועלן דאָך אַ סך אַריבער צו קינקלען און דאָס ווילט איר דאָך נישט.

— גאַנץ ריכטיק. איך וועל אייך צוהעלפן מיט שטילער פּראָפּאַגאַנדע. איך וועל אייך דערלויבן איבערדרוקן אַרטיקלען פון דער „נ. טריבון" און ענגעלס וועט אויך זיכער שרייבן פון צייט-צו-צייט איבער מיליטערישע ענינים און ענלעכע. אַלנפאַלס צו דעם קינקעל וועט מען זיך דאַרפן נעמען.

דער נאָמען „נייע צייט" איז געטוישט געוואָרן אויף „דאָס פאָלק". די צייטונג האָט צוגעקריגן אַ סך לעזער, אָבער דאָך האָט זי זיך נישט דערהאַלטן מער ווי עטלעכע חדשים. די צייטונג האָט נאָך געלאָזט אַ ירושה אַ ביסל חובות און אויף דער אָנווייזונג פון קינקלען, איז דער דרוקעריי-אייגנטימער געקומען אויפמאָנען דאָס געלט צו מאַרקסן.

מאַרקס האָט דעם חוב באַצאָלט. אָבער נאָך אַן ערגערע ירושה איז געבליבן פון „דאָס פאָלק" — קאַרל פאָגט.

---

קינקעל אין לאָנדאָן און פאָגט אין שווייצאַריען. פאָגט האָט אַ ניי פּראָגראַם פאַר די עמיגראַנטן. ער צעשיקט דאָס אין אַלע קלובן און צו אַלע אָנפירער פון דער אַרבעטער-באַוועגונג. אויך פרייליגראַט באַקומט אַן אויסצוג פון פאָגטס נייעם פּראָג-

ראַם. אויך „דאָס פאָלק" קריגט צוגעשיקט אַ קאָפּיע". דער סעק־רעטאַר פון „דאָס פאָלק" — בלינד — קומט דערמיט גלייך צו לויפן צו מאַרקסן.

מען דאַרף שוין עפּעס טון. אָגב האָט ער, בלינד, גענויע באַווייזן, אַז פאָגט האָט באַקומען פון דער פראַנצויזישער רעגי־רונג אַ גאָר גרויסע סומע געלט פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע. זאָל מאַרקס זען עפּעס טון צו דעם. — די באַווייזן קעגן פאָגטן קאָן ער צושטעלן צו יעדער צייט.

גלייך האָט „דאָס פאָלק" פאַרעפנטלעכט וועגן דעם ענין אַ בראָשור. ליבקנעכט האָט אויך וועגן דעם ענין צוגעשיקט אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער „אויגסבורגער צייטונג": „דער מחבר פון דער בראָשור איבער פאָגטן איז איינער פון די חשובסטע און אָנגעזעענסטע עמיגראַנטן. די ציטירטע פאַקטן וועגן פאַראַט קאָנען שטענדיק און צו יעדער צייט דאָקומענטאַליש באַשטע־טיקט ווערן". פאָגט איז זיכער, אַז דער חשובסטער און אָנגע־זעענסטער עמיגראַנט — דאָס איז זיכער דער רויטער דאָקטאָר מאַרקס. ער קלאָגט אָן אין געריכט די „אויגסבורגער צייטונג", איר קאָרעספּאָנדענט ליבקנעכט, פרייליגראַטן, מאַרקסן און די רעדאַקציע פון „דאָס פאָלק".

ווער האָט געשריבן די בראָשור? בלינד לייקנט, אַז ער האָט דאָס געשריבן. ווו זענען די דאָקומענטן קעגן פאָגטן? ער האָט זיי נישט. מען האָט אים צוגעזאָגט זיי צו געבן, נאָר יע־נער האָט חרטה געקריגן. אויסזאָגן ווער דאָס איז — קאָן ער נישט.

פרייליגראַט שיקט צו אַ דערקלערונג אין דער „אויגסבור־גער צייטונג", אַז ער האָט קיינמאָל נישט מיטגעאַרבעט אין „דאָס פאָלק" און אַז ער האָט קיינמאָל נישט אָנטייל גענומען אין דער באַשולדיקונג קעגן פאָגטן. אין „בילדונגס-פאַריין" מורמלט מען אויף פרייליגראַטן, אַז ער האָט געמאַכט די דערקלערונג, ווייל דער אייגנטימער פון דער באַנק, אין וועלכער ער אַרבעט, איז פאָגטס אַ קרוב. בלינד האָט שוין אויך צוגעשיקט אַ דער־קלערונג אין דער „אויג. צייטונג", אַז, אמת, ער פאַראורטיילט

אַמשאַרפסטן פּאַגטס פּאָליטיק, נאָר די בראָשור קעגן פאָגטן האָט ער נישט געשריבן. ער האָט דערויף עדות.

אַז מען ווערט פּאַראַטן פון אייגענע, איז דער פּאַראַט אויך גרונטלעכער — טראַכט זיך מאַרקס.

איז געוואָרן אַזאַ זומפּ — איז שוין איצט לייכט אַ שדים-טאַנץ. „אין דעם איז אַלץ שולדיק דער רויטער דאָקטאָר! מאַרקס איז אַ דעספּאָט! אָט האָבן מיר געהערט אויף דער שילער-אַקאַדעמיע דאָס פּרעכטיקע ליד פון פריילּיגראַטן. און פּאַרוואָס האָט פריילּיגראַט דורך אַזאַ לאַנגע צייט נישט געשריבן קיין לידער? — ווייל דער אומגליקלעכער און בייזער ווירטואָז פון האַס און גיפט — קאַרל מאַרקס, ער האָט עס צוגענומען ביי דעם פּאָעט די ליבע, ער האָט אים דערשטיקט זיין כאַראַקטער און געפּענטעט זיין פּאָעטישע פרייהייט״.

פאָגט האָט אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור. „מאַרקס איז דער הויפּט-אָנפירער פון אַ שאַנטאַזשיסטן-באַנדע. זיי צעשיקן בריוו צו אַ סך פירנדע פּערזענלעכקייטן פון דער עמיגראַציע און פּאָדערן ביי זיי אויסקויף-געלט, ווען נישט, וועט מען זיי קאָמפּראָמיטירן. שוין הונדערטער אַזעלכע בריוו האָט די באַנדע צעשיקט. אין טייל בריוו גיט זי אויך אָן די אויסקויף-סומע, ווייזן אָן דאָס אָרט, ווו ס׳דאַרף ווערן אָוועקגעלייגט און זיי ענדיקן מיט די ווערטער: „אויב נישט, וועלן מיר איבערגעבן דער מאַכט וועגן אייער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט״. מאַרקס איז אַ ראַפינירטער געלט-אויספּרעסער״.

די „נאַציאָנאַלע צייטונג״ אין בערלין האָט מיט גרויס הנאָה געברענגט אויסצוגן פון דער בראָשור. ליבקנעכט איז געקומען צו לויפן אַ פאַרסאָפּעטער צו מאַרקסן. ער איז צעטומלט. ער כאַפּט אַרויס דעם אויסשניט פון דער „נאַציאָנאַלער צייטונג״ און לייענט דאָס הויך פאָר. פון צווייטן צימער דערהערט זיך אַ שלוכצן. מען עפנט די טיר — עס וויינען לענכען און לאַורא. ליבקנעכט האָט געלייענט צו-הויך און זיי האָבן דאָס דערהערט.

פרוי זשעננ' זיצט אַ שטאַרע און פאַרצוקטע. זי האָט געקריגן קאָפּ־ווייטיק.

ווו קריגט מען די בראָשור? קאַרל שרייבט גלייך אָן אַ בריוול צו פריילינגראַטן און שיקט עס אַוועק דורך לאַורען.

„אפשר האָט דיין חבר פאָגט אויך דיר צוגעשיקט די בראָשור? אויב יאָ, בעט איך דיך, שיק זי מיר גלייך צו".

לאַורא ברענגט צוריק אַן ענטפער:

„די בראָשור האָב איך נישט דערהאַלטן און פאָגט איז נישט מיין חבר. איך פיל זיך אויף דיר טיף געקרענקט און באַליידיקט. פאָגט איז נישט מיין חבר. איך האָב זיך דאָס נישט געריכט אויף דיר".

מאַרקס שיקט גלייך ווידער אַ בריוועלע:

„דאָ האָסטו דעם אויסשניט פון דער צייטונג, אָט דאָס שרייבט מען וועגן מיר. איך האָב דיך נישט געוואָלט באַליידיקן. אויב דו פילסט זיך געטראָפן, בעט איך דיך שטאַרק איבער. מען איז דאָך אַ מענטש — און גאָרנישט מענטשלעכעס איז מיר פרעמד. דיין קאַרל".

אַלזאָ ווו קריגט מען די בראָשור? קודם־כל וועט ער אָנ־קלאָגן אין געריכט די „נאַציאָנאַלע צייטונג". ער מוז דאָס טון סיי צוליב פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע מאָטיוון און סיי צוליב זיין פרוי און די קינדער. באַזונדער וועט זיך ער ערשט איצט נע־מען צו דעם קאַרל פאָגט. ענגעלס קאָן אים איצט גאָרנישט צוהעלפן, ווייל ערשט נישט לאַנג איז אים געשטאָרבן זיין פאָטער.

דער „דיילי טעלעגראַף" האָט שוין דערווייל אויך איבער־געדרוקט דעם אויסצוג פון דער „נאַציאָנאַלער צייטונג".

ער האָט זיך גענומען צו בלינדן. ווו האָט ער די דאָקו־מענטן, און פאַרוואָס איז ער זיך נישט מודה, אַז ער האָט גע־שריבן די בראָשור? ער שיקט צו אַ דערקלערונג אין דער לאָנדאָנער „פרייע פרעסע", ווו ער באַצייכנט בלינדן אַלס גע־מיינעם ליגנער און פאָדערט אים אויף, אַז ער זאָל אים, מאַרקסן, אָנקלאָגן פאַר דער באַליידיקונג אין געריכט אַריין, ער וויל האָבן די מעגלעכקייט דאָס אַלץ צו באַווייזן.

אין שטוב איז דערווייל היינט אַ גרויסע פרייד. ענגעלס האָט צוגעשיקט הונדערט פונט. דאָס איז אַוודאַי פון זיין פאָטערס ירושה. „דעם בעסטן דאַנק פאַר די הונדערט פונט. עס איז געווען דעם היינטיקן מאָרגן אַ גראַנדיעזע איבעראַשונג. דאָס גאַנצע הויז יובלט".

בלינד האָט, פאַרשטייט זיך, געשוויגן. האָבן מאַרקס און ערנסט יאָנעס זיך גענומען צו די זעצער. פאַרוואָס לייקענען זיי איצט, אַז דעם מאַנוסקריפּט האָט זיי געגעבן בלינד? עטלעכע טעג האָט געדויערט און די זעצערס האָבן זיך מודה געווען — בלינד האָט זיי איבערגעקויפט, אַז זיי זאָלן שווייגן. די דערקלערונג האָבן זיי בייגעלייגט אין געריכט. בלינדן דראָט איצט אַרעסטירט צו ווערן. צו דעם דאַרף מען פונדעסטוועגן נישט דערלאָזן — כאָטש ער האָט דאָס ערלעך פאַרדינט, נאָר ס'איז אַ רחמנות אויף זיין פרוי און קינדער. בלינד האָט זיך געשאַפן אַ חבר, איינעם אַ שייבעל, און יענער האָט צוגעשיקט אַ דערקלערונג אין דער לאָנדאָנער פּרעסע, אַז ער איז דאָס דער מחבר פון דער בראָשור.

איז מען שוין מיט בלינדן איצט פאַרטיק. און איצט קאָן מען זיך שוין נעמען צו פאָגטן אַליין.

פרייליגראַט פילט זיך פאָרט נאָך אַלץ באַליידיקט פון יענעם בריוול. פון לאַסאַלן קריגט קאַרל אַ בריוו — אַז ער זאָל בעסער צוריקציען די געריכטלעכע אָנקלאַגע קעגן דער נאַציאָנאַלער צייטונג. זאָל ער בעסער פריער אַרויסגעבן דעם אָנגעקינדיקטן ענטפער פאָגטן אין אַ בראָשור. שנעל נאָכדעם קומט אָן אַ ידיעה פון פרייסן, אַז מאַרקס' אָנקלאַגע קעגן דער „נאַצ. צייטונג" איז געוואָרן אָפּגעוואָרפן, ווייל די צייטונג האָט נאָר ציטירט אויסצוגן און מער נישט. מאַרקס אַפּעלירט צו אַ העכערער אינסטאַנץ, אויך דאָרט ווערט זי אָפּגעוואָרפן. האַלט זיך נישט אַמאָל לאַסאַל צוזאַמען מיט פאָגטן? ער שרייבט וועגן דעם צו ענגעלסן: „זענען טאַקע אַלע קעגן אונז? זענען מיר גע-

בליבן אַליין? די באַווייזן אַז פּאָגט האָט געקריגן געלט פון באָ־נאַפּאַרטן האָב איך שוין. דער פּאַמפלעט איז אין דער אַרבעט. אַ סך רעדן מיך אָפּ פון שרייבן דעם פּאַמפלעט. ס׳פּאַסט נישט פאַר מיר — זאָגן זיי — איינצוטונקען מיינע הענט אין אַזאַ בלאָטע. אָבער זיי ווייסן נישט, אַז אַ רעוואָלוציאָנער דאַרף אויך אַמאָל טאָפּטשען אין זומפּן. וואָרן עס גייט דאָך מיר נישט אין מיין כבוד — די גאַנצע באַוועגונג קאָן היפּש ליידן דערפון. איך האַלט נישט פון דעם, אַז ס׳זאָל הייסן „קאַרל פּאָגט“. קאַרל פּאָגט — געשריבן פון קאַרל מאַרקס. איך וויל נישט, אַז מיר ביידע זאָלן זיין אונטער איין פּאָרנאָמען. אַגב קלינגט עס אויך נישט ריין ליטעראַריש.

איך האָב אין דער מינוט געקריגן אַ ידיעה, אַז לאַסאַל האַלט זיך טאַקע צוזאַמען מיט פּאָגטן, אָבער דאָס נאָר עפּנט־לעך, אין געהיים איז ער מיט אונז. דאָס קען נישט שלעכט צו זיין“.

---

שוין אַ האַלב יאָר, ווי ער אַרבעט ביי דעם פּאַמפלעט און ער איז נאָך אַלץ נישט פאַרטיק. דער „נ. טריבון“ האָט שוין דערווייל ווידער רעדוצירט דעם האָנאָראַר אויף אַ העלפט. אָבער ער האָט איצט אין זינען נאָר דעם פּאַמפלעט. ער אַרבעט מיט דער גרעסטער ענערגיע.

„לעצטנס איז פאַר מיר איינגעטרעטן אַן אומשטאַנד זייער אַ נוצלעכער — איך האָב שרעקלעך געליטן אויף צאָן־ווייטיק. האָב איך זיך געלאָזט אַרויסרייסן אַ צאָן. דער רייסער האָט מיר אָבער אַרויסגעצויגן דעם צאָן מיטן וואָרצל, אָבער פונדעסט־וועגן איבערגעלאָזט אַ קליינעם שפּליטער. איז מיר דערפון דאָס גאַנצע פּנים געשוואָלן געוואָרן, גרויליכע ווייטיקן. וואָס איז דער רעזולטאַט? — דער פיזישער דרוק אַוואַנסירט מיר די דענ־קונגס־פעיִקייט און שטאַרקט מיר די אַבסטראַקציע־קראַפט. ווי זאָגט העגעל: „דאָס ריינע דענקען און דאָס ריינע זיין זענען נישט אידענטיש“.

---

די אַרבעט האָט געדויערט אַ צען חדשים און האָט אויס־געמאַכט צוועלף בויגן דראָבנעם, געדיכטן דרוק.

„דו האָסט דעם פּאָגט און דאָס גאַנצע געמויזעכץ אַרום גלייכגעלייגט. האָסט זיי אַנטבלויזט ביזן לעצטן פֿאָדעם. עס איז אַ מייסטער־ווערק. אויך לאַסאַל האָט מיר געשריבן דאָס זעלבע. איך שטעל עס אַפילו העכער פֿאַרן „18־טן ברױמער". דער סטיל איז דאָ נאָך מער פּשוט און אויך שטאַרק עפעקטפֿול".

---

דער „הער פֿאָגט" האָט געהאַט גרויס ערפֿאָלג. פֿון אַלע לענדער זענען אָנגעקומען אָנערקענונגס־בריוו. אָבער ווידער אַ פּעך: צום אַרויסגעבן דאָס בוך האָבן מיטגעהאָלפֿן — באָרנהיים מיט 12 פֿונט און לאַסאַל מיט 8 פֿונט, די רעשט—מאַרקס אַליין. דער אַרויסגעבער האָט דערווייל געהאַלטן אין איין ציען געלט פֿון מאַרקסן, מכלומרשט אויף דער אומלעגאַלער עקספּעדיציע פֿון די ביכער קיין דייטשלאַנד. ער האָט אַרויסגעצויגן ביי אים ביזן לעצטן גראָשן. מאַרקס האָט דערפֿון קיין פּעניג שוין נישט צוריקגעזען.

אַן אַנטשפּאַנונג. דאָס בוך אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט. זיך אויסגעליידיקט ביז דער לעצטער פּרוטה. עפּעס איז אין שטוב גרוימער געוואָרן.

נאָך עטלעכע טעג האָט געדויערט די רויִקע און לויטערע פּויזע. לענכען האָט זיך געטראַכט: „עפּעס בין איך שוין נישט געוואוינט, אַז אין דער שטוב זאָל זיין כאָטש איין טאָג אַ רויִקער. הערט אויף איין געשעעניש, הענגט שוין אין דער לופֿט אַ צווייטע. פּאַר אַ דייטשער שטוב פּאַסט גאָרנישט אַזאַ שטענדיקע אומרויִקייט".

זשעני קומט צו איר צו און קלאָגט זיך אויף קאָפּ־ווייטיק. שוין עטלעכע נעכט, ווי זי קאָן נישט איינשלאָפֿן.

זשעני ליגט שוין צו־בעט. זי איז קראַנק געוואָרן אויף פּאָקן. „זשעני איז קראַנק געוואָרן אויף פּאָקן. די קינדער האָב

איך אָוועקגעשיקט צו ליבקנעכטן. איך האָב זיי געוואָלט אויף די פּאָר טעג איבערגעבן אין אַ שול־פּענסיאָן, האָבן זיי אָבער נישט געוואָלט צוליב די רעליגיעזע צערעמאָניעס, וואָס מען ריכט דאָרט אָפּ".

„די קינדער נאָך אַלץ ביי ליבקנעכטן. איך גיי נעכטן אַדורך ליבקנעכטס הויז, דערזעט מיך מיין קליינע לעאָנאָרע (שוין 6 יאָר אַלט) דורכן פענסטער און זי שרייט צו מיר הויך אויף אַ קול: „האַלאָ! אַלטער יונג!"

---

ווי זשעני איז נאָר געזונט געוואָרן, האָט מאַרקס געקריגן אַ שאַרפן לעבער־אַטאַק. איצט האָט שוין העלענע פאַרזעצט אירע זאַכן אין לאָמבאַרד. זי האָט געבראַנגט עטלעכע פונט און זיי שעמעוודיק איבערגעגעבן זשעניען:

— איך דאַרף דאָך נישט זיין אין לעבן מער פּריווילעגירט פון אייך.

קאַרל האָט זיך אָנגערופן:

— אַז איך וועל געזונט ווערן, לאָז איך זיך גלייך אַרויס אויף אַ רויב־עקספּעדיציע קיין האָלאַנד צו מיין רייכן פעטער, אפשר וועל איך ביי אים קריגן אַביסל געלט.

---

מאַרקס איז שוין אין האָלאַנד. עס קומט פון אים אָן אַ קליין בריוול:

"איך האָב געקריגן ביי מיין פעטער 160 פונט. מען האָט מיך דאָ זייער גוט אויפגענומען. איך שיק אַרויס געלט.

דער ניי־געקרוינטער ווילהעלם האָט אַרויסגעגעבן אַן אַמנעסטיע פאַר אַלע עמיגראַנטן. די אַמנעסטיע איז אַן עקלהאַפטע, אַ קרעציקע, פול מיט הינטער־טירלעך און שטייגלעך, אָבער דאָך וועט מעגלעך זיין אַריינצופאָרן. איך פאָר דעריבער קיין בערלין צו לאַסאַלן. איך האָב מיט אים אַדורכצושמועסן אַ געוויסן ענין. ס'זענען דאָ פאַראַן פיינע קרובים, פיינער קעז און נאָך פיינערער טאַבאַק".

זשעני צעקושט זיך מיט די קינדער און מיט העלענען. ס'איז איר גוט. זי זעצט זיך אוועק שרייבן א בריוול צו איר חברטע וועדמעער אין ניו-יאָרק.

„אין אונזער גאַנצער נויט און פיין האָבן מיר שטענדיק געהאַט דעם ליכטיקן פונקט: אונזערע קינדער. זשענכען איז שוין אַלט זיבצן יאָר. זי האָט טונקעלע, געדיכטע, גלאַנציקע האָר, טונקעלע, בליציקע, מילדע אויגן און אויך אַ טונקל געזיכט. זי איז ענלעך צום פאָטער. זי בליט פּרעכטיק. די פּופּצניעריקע לאַורא איז שוין היינט מער נישט בלאָנד. זי האָט אַ שיינעם קאָפּ ברוינלעך-געקרייזלטע האָר און גרינלעכע אויגן. שטענדיק פלאַמט זי פון פרייד. זי איז שטאַרק ענלעך צו דעם בילד פון מיינע יוגנט-יאָרן. ביידע בליען זיי וווּנדערפול און דערביי זענען זיי ווייט פון פּוסטקייט. איך אין זייערע יאָרן בין נאָך ווייט נישט געווען אַזוי ערנסט און אינטעליגענט. דאָס געטל פון אונזער שטוב איז אונזער מוזיניקל — לעאָנאָרע-טיסכען. דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן גראָד אין דער צייט, ווען ס'האָט זיך אָפּגעשיידט פון אונז דער עדגאַר-מוש. און דעמאָלט האָט זיך באַלד אַ סך פון דער ליבע צו עדגאַרן גלייך איבערגעטראָגן אויף טיסכען. די עלטערע צוויי שוועסטערן פלעגן זי מיט אמת-מוטערלעכער זאָרגעוודיקייט. די קליינע איז אַ בילד-שיינהייט און האָט שטענדיק אַ גאָלדענעם הומאָר. זי רעדט שטענדיק אומגעוויינטלעך צערטלעך און פרעכטיק. דאָס האָט זי זיך אוודאי אויסגעלערנט פון די ברידער גרים, מיט וועלכע זי שיידט זיך נישט בייטאָג און ביינאַכט. אַלע מוזן מיר אַזש ביז הייזעריקייט איר איבערדערציילן די מעשהלעך, און אָפּגעהיטן זאָלן מיר ווערן, אַז מיר זאָלן דורכלאָזן איין וואָרט. זי געדענקט זיי כמעט אַלע אויף אויסווייניק.

אויסער ענגליש רעדט זי אויך אַ פיינעם דייטש. קאַרל איז ספּעציעל אויפמערקזאַם דערויף, אַז די קינדער זאָלן קענען דייטש. דאָס קינד איז אַ ספּעציעלער ליבלינג פונם פאָטער. מיט אירע פויגל-טרעלן מאַכט זי נישט איינמאָל איר טאַטן פאַרגעסן אין די צרומיקע צרות. אַ גרויסע דערלייכטערונג און ממש

דערלייזונג איז פאַר אונז העלענע. זי איז דער אמתער הויז-פּאַטראָן. שוין זעכצן יאָר, ווי זי מאַכט אַדורך צוזאַמען מיט אונז אַלע שטורמען און זאַוויערוכעס.

פרייליגראַט איז היינט פון אונז האַלב פון דערווייטנס, און איך האָב פיינט האַלבקייטן, האָב איך דעריבער געגצלעך איבערגעריסן מיט דער גאַנצער ווייבערשער אָפּטיילונג פון „פרייליגראַטס קרייז".

מאַרקס שרייבט פון בערלין צו ענגעלסן:

„לאַסאַל לייגט מיר פאָר, מיר זאָלן אַרויסגעבן אין בערלין אַ צייטונג. איך רעדאַקטאָר — ער שעף. און ענגעלס? — פרעג איך אים. נו — זאָגט ער — ס'וועט זיין פּלאַץ פאַר דריי. אַלנפאַלס זאָלט איר זיך ביידע רעכענען פאַר איין שטים, כדי איר זאָלט מיך נישט איבערשטימען. געלט קאָן איך קריגן גענוג.

צוליב זיין „העראַקליט" איז ער אַ ביסל באַקאַנט אין די וויסנשאַפטלעכע קרייזן (און צוליב זיין קולינאַרע קונסט איז ער אויך בעקאַנט אין די פיין-פרעסער-קרייזן). ער קאָן אָבער נישט, ווייזט אויס, די מיינונג וועגן אים פון דער מאַסע, ער איז נאָך צופיל אָנגעשטעקט מיט פראַנצויזישן ליבעראַליזם. ער האָט אַ גרויס-צוגיקע פעדער, איז צודרינגלעך און אויך טאַקט-לאָז. ביי אַ רעדאַקטאָר מיט אַ שטרענגער דיסציפּלין וואָלט ער געקאָנט אַ סך לייסטן, אַנדערש קאָן ער נאָר בלאַמירן. ביי זיין גרויסע פריינטשאַפט צו מיר בין איך אין אַ שטאַרקער פאַרלעגנהייט מיט דעם אָפּזאָגן דאָס אַרויסגעבן אַזאַ צייטונג. איך וועל אים אַלנפאַלס זאָגן, אַז איך מוז נאָך פריער וועגן דעם איבערשמועסן מיט דיר און מיט וואָלפן. ווי דענקסטו איבער דעם?

ער האָט מיר איבערגעגעבן פאַר דיר אַ מתנה — אַ שיינעם מיליטער-אַטלאַס."

„לאַסאַל לייגט דאָ איין וועלטן צוריק צו נאַטוראַליזירן מיין בירגערשאַפט. ער האָט שוין אויסגעפירט אַ מייסטערהאַפטן טאַנץ אַרום דעם פּאָליציי־פּרעזידענט און אַרום דעם אינערן־מיניסטער — ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. „איך זע נישט קיין סיבות, וואָס זאָלן באַוועגן דער רעגירונג צו דערלויבן דעם הער מאַרקס דאָ צו פאַרבלייבן". לאַסאַל זאָגט צו אים:

„איר ווילט רודפן פאַר פּאָליטישע איבערצייגונגען, פּונקט ווי אייערע פאָרגייער מאַנטויפל און וועסטפאַליען"? — ער האָט זיך אָבער נישט פאַרשעמט, דער מיניסטער, ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן.

איך האָב אויך דאָ באַנייט דעם אָפּמאַך מיט דער „ווינער פּרעסע". אַ פונט פאַר אַן אַרטיקל און אַ האַלבן פונט פאַר אַ קאָרעספּאָדענץ. זיי האָבן מיר אויך צוגעזאָגט אָפּצוצאָלן די אַלטע חובות.

איך האָב זיך דאָ די טעג אַ ביסל אָראָפּגעכאַפּט צו די חברים אין קעלן און צו מיין מוטער קיין טריער.

איך וואָלט שוין וועלן זיין צוריק אין לאָנדאָן און זיך ווידער נעמען צו מיין „קאַפּיטאַל". דיין מאָר".

## 5

44 יאָר. פּיראונפּערציק. נאָך אַ דריי חדשים צו פינף־אונפּערציק.

די וועלט, די געשיכטע, קלויבט זיך אויס אירע שילוחים און קרבנות.

קלאָרקייט. אַזאַ העלע און ליכטיקע קלאָרקייט. באַקוקנדיק ברומט, באַקוקנדיק שרייט, רודערט אַ וועלט, אַ רעוואָלוציאָנער, אַ מיסטיקער; לאַסאַל גלויבט אין השארות־הנפש, פאַרנעפּלט, הינטער־וועגלעך, אויסוועגן, קרומע, שפּיציקע — און פּטור. זיי זענען נישט קיין סך מער, ווי יעדער קאָנסומענט פון דער וועלט. אַחריות? די גרויסע אחריות? נאָכוואָס? מען פאַרפלאָנטערט, מען פלאָנטערט, מען הילט עס איין אין אַ שיינעם בגד, מען וואַרפט ווערטער ווי אַ זשאָנגלער קאָלירטע בענדלעך, שיין, פיין — און ווייטער געגאַנגען, געשוווּמען! אויף דער פלייצע, אויפן בויך, אַ ביסל אין דער טיף — שטייט די וועלט אַן איינגעבויגענע, אָנגעלענט אויף זייערע פלייצעס און ווערט, מ׳זאָל זי גלייכשטעלן?

קאָפּערניק, ניוטאָן, און איצט — דאַרווין — נאָר יחידים, נאָר אויף איינצלנע זיך אָנגעלייגט. זיי הויבן אָן און פאַרענדיקן. לאָזן כמעט נישט קיין ליידיק שפּאַרעלע.

די קלאָרקייט — וואָס עס גייט זיך מיט איר אַזוי לייכט — און ווי ס׳איז אָפּטמאָל מיט איר שווער! אין אַ פּשוטן טאָג, ביים עסן, ביים שפּילן זיך מיט די קינדער — און ווי העל די קלאָרקייט לייכט אין די אויגן אַריין — זי בלענדט אַזש, און זי פאַרלאָזט נישט אויף קיין איין רגע.

ער איז שוין באַלד פּיראונפּערציק יאָר. און דאָ איז נאָך אַזוי ווייניק געטון געוואָרן!

ער זיצט גאַנצע נעכט ביים „קאַפּיטאַל״. די אויגן ברענען, די פינגער ברעכן — ער דערפילט דאָס ערשט נאָכן אוועקגיין פון אַרבעטס-טיש. גלייך לייגן זיך קאָן ער נישט, ער שפּאַצירט הין-און-צוריק איבערן צימער. אויף דער גאַנצער לענג פון דיוואַן געפינט זיך שוין אַן אויסגעריבענע, אויסגעטרעטענע סטעזשקע.

„איך האָב די טעג באַקומען אַן אויגן-ענטצינדונג. איך קאָן נישט לעזן און נישט שרייבן.

איך האָב געשריבן צו מיין מוטער און געגעבן אָנצוהערן וועגן עפּעס געלט. זי האָט מיר געענטפערט אַ בריוו מיט זייער צערטלעכע ווערטער — אָבער מער נישט. גליק צום נייעם יאָר! אויב עס דאַרף זיין ענלעך צום פאַריקן — איז וואָס שייך מיר — ווינטש איך עס צום טייוול״.

„די „ווינער פּרעסע״ שיקט מיר צו אַ פונט פאַר יעדן אַרטיקל, אָבער פון פיר אַרטיקלען דרוקן זיי נאָר איינס און אַמאָל גאָרנישט. און גיי שרייב אויף שפּעקולאַציע. און גראָד דרוקן זיי מיר נישט די בעסטע אַרטיקלען, כאָטש איך שרייב אַזוי, אַז זיי זאָלן דאָס קאָנען דרוקן. זיי זענען נאָך ערגער ווי דער „נ. טריבון״. זיי באַהאַנדלען מיך ווי דעם ערגסטן רעפּאָרטער, וועלכער נעמט געצאָלט פון דער שורה. זיי זענען רויבער פון באַרוף.

זיבן פונט באַצאָלט דעם קלאַוויר-לערער, איצט האָב איך אים שוין געמוזט קינדיקן.

איך האָב זיך ווידער געזעען מיט דאַרווינען. ער אַמוזירט מיך. ער זאָגט מיר, אַז ער ווענדט אָן די מאַלטוס-טעאָריע אויף אויף חיות און פלאַנצן.

די ליטעראַרישע כּנופיא פאַרשווייגט נאָך אַלץ מיין לעצט בוך. אַפילו די חברים פון דייטשלאַנד, וועלכע שיקן מיר אי

בער בריוו מיט ענטוזיאַסטישע מיינונגען, „אייער „קריטיק צו דער פּאָלאָטישער עקאָנאָמיע” איז פּרעכטיק און קאָלאָסאַל”,—באַמיען זיך לגמרי גאָרנישט עפּעס צו פּאַרעפנטלעכן וועגן דעם אין דער פּרעסע. כאָטש מיטיילן בלויז איבערפלעכלעך דעם אינהאַלט — אויך נישט. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי — פאַרשטיי איך נישט.

עס איז מיר עקלהאַפט דיר ווידער שוין צו שרייבן וועגן מיין נויט און פּיין. זשעני ווינטשט זיך לעצטנס יעדן טאָג—אַז זי זאָל שטאַרבן צוזאַמען מיט די קינדער.

לעצטנס באַזוכט מיך שוין נישט קיין איין מענטש. דאָס איז מיר גאַנץ ליב, ווייל די „מענטשהייט”, וועלכע איז דאָ פאַראַן — קאָן מיר קושן... — שוין איינמאָל אַ געזינדל!

„די 10 פונט דערהאַלטן. בעסטן דאַנק. לאַסאַל איז שוין הי זייט צוויי טעג. דו מוזט קומען צו פאָרן אויף אייניקע טעג, ווייל ער פילט זיך באַליידיקט, פאַרוואָס דו און וואָלף האָבן אים נישט געשריבן, אַז איר האָט דערהאַלטן זיין בוך.

מיר האָבן דאָ אַלץ געטון, אַז ער זאָל נישט דערקענען אונזער טרויעריקן צושטאַנד. לענכען איז פון אים העכסט צופרידן — אָט דאָס הייסט אַ מענטש מיט אַן אַפּעטיט, ממש אַ געטלעכער אַפּעטיט — טענהט זי, אָבער די סיטואַציע צוליב דעם אַפּעטיט איז געווען אַ פּאַסקודנע...

איך שרייב דיר לעצטנס ווייניק, ווייל איך אַרבעט ביי מיין „קאַפּיטאַל” ווי אַ פערד. דיין קאַרל”.

„לאַסאַל פאָרט שוין אָפּ. ער האָט שוין ווידער פאַרלוירן פינף טויזנט טאָלער ביי אַ געלט-שפּעקולאַציע. די מענטשן האָבן לאַסאַלן פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט ליבעררייען — האַלט ער זיך דעריבער פאַרן גרעסטן געלערטן, טיפסטן דענקער, געניאַלסטן פאָרשער, וואַזשנעם רעוואָלוציאָנער און גוואַ-טיקן דאָן-זשואַן”.

די קינדער האָבן שוין אויפגעהערט גיין אין שולע אַריין, ווייל זיי האָבן נישט קיין קליידלעך און גאַנצע שיך. זשענכען איז שוין אַ דערוואַקסן מיידל, זי איז שוין אַלט זיבנצען יאָר. זי זיצט איצט צוזאַמען מיט די עלטערן ביים טיש און שמועסט אַרום די לאַגע. מען זוכט עפּעס אַן אויסוועג. אויך העלענע דעמוט זיצט ביים טיש.

— וואָס ביסטו אַזוי פּאַראַזמעטיקט, ליבער קאַרל? איך האָב אַמאָל נישט ווילנדיק געהערט ווי ליבקנעכט האָט דאָ אַמאָל געזאָגט צו פרייליגראַטן: „גלויב מיר, אַז צום נעמען דאַרף מען נישט זיין ווייניקער גרויסמוטיק ווי צום געבן, אויב נישט נאָך מער. ענגעלס איז אומבאַדינגט נאָך מער ווי גרויסמוטיק, אָבער מאַרקס נאָך מער“.

— איז דאָס זאָל מיך טרייסטן?

— פאָטער, איך האָב שוין געפונען עפּעס אַ וועג ווי אַזוי צו פאַרדינען אויף מיין אויסהאַלטונג. איך וואָלט אָבער נישט וועלן זאָגן — וואָס פאַר אַ וועג.

— איך פאַרשטיי שוין וואָס, דיין אַלטער חלום — טעאַ-טער. איך האָב אָבער פיינט אַקטיאָרן — דו ווייסט דאָך דאָס.

— און פאַר לאַורען האָב איך שוין אויך עפּעס אויסגעפונען — אַ שטעלע אַלס גוווערנאַנטין.

— און איר, העלענע, האָט אויך שוין עפּעס אויסגעטראַכט?

— ליידער יאָ, איך וועל מיר מוזן זוכן ערגעץ אַ שטעלע.

זשעננין האָבן זיך געפייכט די אויגן:

— און אַ ליאַדע טאָג ווען מען אונז שוין אַרויסוואַרפן פון דער דירה.

— יאָ, איך האָב שוין וועגן דעם אַלעם געטראַכט און איך עפּעס אויסגעטראַכט. דעם ווירט וועל איך אַוועקגעבן דאָס גאַנצע מעבל פאַר דעם דירה-געלט און פאַר די רעשט בעלי-חובות וועל איך זיך דערקלערן באַנקראָט, פּשוט — באַנקראָט. און אויב לאַוראַ און זשעני וועלן קריגן עפּעס פּאָסטנס, און העלענע גייט אויך אַוועק, וועל איך, דו און טיסכען זיך אַרי-

בערציען אין די בּאַראַקן פאַר היימלאָזע. דאָס האָב איך אויס־גערעכט.

ביי זשענגין האָבן זיך געפּייכט די אויגן.

— נישט לאַכן, ליבינקע, נישט וויינען, נאָר פאַרשטיין —

און ס׳האָבן זיך אים געפּייכט די אויגן — — —

6

„נישט געקוקט אויפן געזעץ, פאַרקויפן נאָך ביז איצט
עלטערן זייערע אייגענע קינדער, ביי אַ צוויי טויזנט ייִנגלעך
יעדן יאָר, אַלס לעבעדיקע קוימען-קערער-מאַשינען (הגם עס
עקזיסטירן שוין מאַשינען צו פאַרנעמען זייער פּלאַץ). דער
יידישער היסטאָריקער, וואָס באַשרייבט די צעשטערונג פון
ירושלים דורך טיטוסן, זאָגט, אַז עס איז נישט קיין וווּנדער,
וואָס עס איז געקומען צו אַזאַ שרעקלעכער פאַרניכטונג, ווייל
אַן אוממענטשלעכע מוטער האָט געפּפּערט איר אייגן קינד,
כדי צו שטילן איר נאָגנדן הונגער... אין לאָנדאָן, אין זעכצן
ראַיאָנען, אויף הונדערט טויזנט קינדער אונטער 1 יאָר, שטאַרבן
לויט דער סטאַטיסטיק 9 טויזנט, און אין איין ראַיאָן פון די 16,
גיט צו שטאַר צו די 9 טויזנט 7074 קינדער. די פאַבריקן זע-
נען געפּאַקט מיט קינדער. דאָס יונגוואַרג ווערט זייער שנעל
פאַרדאָרבן. דער געברויך פון אָפּיום פאַרשפּרייט זיך אַלץ מער
צווישן די דערוואַקסענע אַרבעטער און אַרבעטערינס. די זויג-
קינדער פון אַזעלכע מאַמעס-אַרבעטערינס שרומפּן איין ווי קליי-
נע, אַלטיטשקע מענטשן, אָדער ווי פאַרדאַרטע מאַלפּעס. די
קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע פאַרדאַרבט מאָראַליש די אַר-
בעטער-פרויען און די אַרבעטער-קינדער. און מען דאַרף דאָס
נישט אויסמישן מיט דעם צושטאַנד פון דער נאַטירלעכער
אומוויסנהייט, וואָס לאָזט דעם גייסט ליגן רוי, אָבער פאַר-
דאַרבט נישט זיין אַנטוויקלונגס-פעיִקייט, זיין נאַטירלעכע פרוכט-
באַרקייט גופא. דאָס פאַרוואַנדלען נאָך נישט-צייטיקע מענטשן
אין בלויזע מאַשינען צו פּראָדוצירן מערוועדט, איז אַן אינטע-
לעקטועלע פאַרוויסטונג, וואָס ווערט קינסטלעך פּראָדוצירט. דער
ענגלישער פאַרלאַמענט האָט געמאַכט די עלעמענטאַרע בילדונג

פֿאַר די קינדער־אַרבעטער אונטער 14 יאָר פֿאַר אַ געזעץ, אָבער ווי לפֿנימדיק דאָס איז געמאַכט געוואָרן! דאָס קינד דאַרף ברענגען דעם פֿאַבריקאַנט אַ באַשטעטיקונג, אַז עס איז געזעסן דריי שעה פֿאַרשפּאַרט צווישן פֿיר ווענט אין אַן אַזוי־גערופֿענער שולע, און מער גאָרנישט. אָבער נישט זעלטן פּאַסירט, אַז דער לערער, וועלכער גיט אַרויס די באַשטעטיקונג, שרייבט זיך אונטער מיט דריי קרייצן, ווייל ער קען זיך נישט אונטערשרייבן. אָט דערציילט איינער: „באַזוכנדיק אַמאָל ביי אַ געלעגנהייט אָט אַזאַ שול, בין איך דערשטוינט געוואָרן פֿון דער אומוויסנהייט פֿון שול־לערער. אַז איך האָב אים געפֿרעגט „איך בעט אייך, מיין הער, קאָנט איר לעזן?“ זיין ענטפֿער איז געווען „יאָ, עפּעס, יעדנפֿאַלס קען איך מער פֿאַר מיינע שילער“.

אויב משה פֿון מצרים האָט נאָך געזאָגט „דו זאָלסט נישט פֿאַרצוימען דאָס מויל פֿונם אָקס בשעת ער דרעשעט“, פֿלעגן די קריסטלעך־גערמאַנישע פֿילאַנטראָפּן שוין אַרויפֿלייגן אַ גרויס הילצערן ברעט אויפֿן האַלדז פֿון דעם לייבאייגענעם, וועלכן זיי האָבן באַנוצט אַלס טרייב־קראַפֿט צום מאָלן, כּדי ער זאָל נישט קאָנען כאַפּן מיט דער האַנט אַ ביסל מעל צום מויל.

אַזוי ווי ביי דעם אתּה־בחרתּנו־פֿאָלק איז אויפֿן שטערן געווען אָנגעשריבן, אַז עס איז יעהאָוואַס אייגנטום, אַזוי דריקט אַרויף די אַרבעט־צעטיילונג אַ סטעמפּל אויף דעם מאַנופֿאַקטור־אַרבעטער, וועלכער איז געשטעמפּלט אַלס אייגנטום פֿון קאַפּיטאַל.

ענגעלס דערציילט אין „די לאַגע פֿון אַרבעטער־קלאַס אין ענגלאַנד“: אַן אַרבעטער האָט זיך פֿאַרדונגען אויף צוויי יאָר אין אַ מעטאַל־פֿאַבריק. צוליב אַ מחלוקה מיטן פֿאַבריקאַנט האָט דער אַרבעטער פֿאַרלאָזט די פֿאַבריק און געזאָגט, אַז אונטער קיין שום אומשטענדן וועט ער שוין מער נישט צוריקקערן אין דער פֿאַבריק אַריין. דער אַרבעטער איז געוואָרן אָנגעקלאָגט פֿאַר ברעכן דעם קאָנטראַקט און געקריגן צוויי חדשים תּפֿיסה (ווען אַ פֿאַבריקאַנט ברעכט דעם אָפּמאַך — קומט ער העכסטנס אָפּ מיט אַ קליינער געלט־שטראָף). נאָכן אָפּזיצן די צוויי חדשים האָט דער פֿאַבריקאַנט אים געשטעלט די פֿאָדערונג, גלייך

צוריקצוקומען אין דער פאַבריק אַריין אַרבעטן. דער אַרבעטער האָט אָפּגעזאָגט — זיין שטראָף איז ער דאָך שוין אָפּגעזעסן. האָט דער פאַבריקאַנט אים אויפסנייי אָנגעקלאָגט אין געריכט אַריין און דאָס געריכט האָט אים ווידער פאַראורטיילט.

דער טוך-פאַבריקאַנט הארדופּ האָט אָנגעשטעלט אַ יינגל אויסצופייפן מיט אַ פייפל די שעה פון קומען צו דער אַרבעט. ער פלעגט דאָס טון נאָך פאַר זעקס אינדערפרי. נאָכדעם שליסט מען גלייך דאָס טויער און די, וועלכע זענען נישט אויפן פלאַץ, בלייבן שוין אינדרויסן. זיי צאָלן דערפאַר שטראָף. זענען די אַרבעטערינס אַרויס אין אַ שטרייק — זיי ווילן נישט זיין אָפּהענגיק פון דעם קליינעם פייפער. זאָל דער פאַבריקאַנט אַריינשטעלן אַ זייגער. הארדופּ האָט אָנגעקלאָגט די אַרבעטערינס און אַלע זענען זיי באַשטראָפט געוואָרן מיט זעקס פעניס און צוויי שילינג און צו זעקס פעניס געריכטס-קאָסטן.

אַלע חושים פונם אַרבעטער ליידן גלייך פון דער קינסטלעך-געהעכערטער טעמפּעראַטור, פון דער לופט, וואָס איז פול מיטן אָפּפאַל פונם רוי-מאַטעריאַל, פון דעם טויב-מאַכנדן ליאַרם — שוין נישט רעדנדיק וועגן דער לעבנס-געפאַר, ווען מען געפינט זיך צווישן מאַשינען, וועלכע שטייען געדיכט איינע נעבן דער אַנדערער. אין די לעצטע זעקס מאָנאַטן איז בלויז אין לאָנדאָן פאָרגעקומען ביי דער אַרבעט 906 אומגליקס-פאַלן".

אַזוי האָלט ער איצט, מאַרקס, אין איין צונויפקלויבן די נאָטיצן צום „קאַפּיטאַל", קוקט זיי טייל דורך און לייגט זיי זאָרגעוודיק אַוועק אין אַ שאַכטל אַריין. ווער ווייסט צי ער וועט אין דער נייער וווינונג, אין די היימלאָזע-באַראַקן גאָר איבערהויפּט קאָנען שרייבן. ער קוקט אין דעם אָנגעפילטן שאַכטל און אָטעמט שווער — דאָנערוועטער!

זשענכען גיט אַ פראַל אויף די טיר און רופט פריידיק אויס:

— מאָר, די פּאָסט האָט געבראַנגט געלט פון ענגעלסן. ווייזט אויס אַ גרעסערע סומע, ווייל מיר וויל עס דער פּאָטשטיליאָן נישט אויסצאָלן.

אויך פון לאַסאַלן איז אָנגעקומען אַ בריוו, אין וועלכן ער שלאָגט פאָר מאַרקסן אַ הלוואָה אויף אַ סומע, אויף וועלכע ער וויל נאָר אַליין. זאָל ער די סומע אויסשטעלן אויף אַ וועקסל און זאָל דאָס ענגעלס זשירירן, שיקט ער די סומע גלייך אַריין.

מאַרקס פילט זיך דערפון שטאַרק געטראָפן און ער שרייבט וועגן דעם צו ענגעלסן. ער קריגט אַן ענטפער:

„נעם זיך נישט איבער מיט די פּאַיאַצישע שטיק. האָב נישט קיין עגמת-נפש. איך קאָן דיר קיין סך נישט שרייבן, ווייל איך האָב עקלהאַפטע העמאָרידן. דיין פרידריך".

דאָס איבערציען זיך אין די באַראַקן — איז אויסגעמיטן.

---

„ליבער פרידריך! איך האָב אין מיין „קאַפּיטאַל" אַזויפיל אַלטס אומגעוואָרפן, אַז איך מוז דיך האָבן אויף אַ קאָנסולטאַציע. איז אפשר מעגלעך, אַז דו זאָלסט קומען צו מיר אויף עטלעכע טעג?"

„ליידער קאָן איך צו דיר נישט קומען, ווייל מיין ליבע מאַרי איז מיר פּלוצלינג קראַנק געוואָרן. איך בין אָן אַ קאָפּ. פאַרגעס נישט, אַז מיר לעבן שוין צען יאָר אין דער פיינסטער און האַרמאָנישסטער ליבע. זי איז שטאַרק קראַנק. דיין פרידריך".

„אויך מיין זשעני איז קראַנק. אין שטוב אָבער שפּיל איך די ראָלע פון אַ שווייגזאַמען סטאָיִקער, כדי צו האַלטן אַ קעגנגעוויכט דער פאַרצווייפלונג פון מיין פרוי."

„ליבער קאַרל! מיין מאַרי איז מיר געשטאָרבן!"

## 7

מאַרי בורנס, דאָס אירלענדישע פאָלקס-מיידל, די געליבטע פון פרידריך ענגעלס איז געשטאָרבן.

דער בלאָנדער, שלאַנקער, עלעגאַנטער, פיינפילנדיקער ענגעלס איז נישט אומזיסט געזעסן אין דעם דושנעם פאַבריקס-קאַנטאָר אין מאַנטשעסטער. ער האָט שוין פון לאַנג געוואָלט אַריבערקומען קיין לאָנדאָן, אַרויסגעבן צוזאַמען מיט מאַרקסן אַ צייטשריפט, אויך אַ ביסל מער זיך נעמען צו זיין וויסנשאַפט-לעכער אַרבעט, זיין נאָכמער אַקטיווער אין דער פאָליטיש-גע-זעלשאַפטלעכער אַרבעט — אָבער ווי אַזוי? ווו וועט מען נעמען דערויף געלט? איז באַשטייט דעריבער זיין וויסנשאַפטלעכע, זשורנאַליסטישע, פאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע אַרבעט נאָר מערסטנס אין דעם—וואָס ער שיקט-צו געלט מאַרקסן. דאַכט זיך, אַז דאָס וועט זיין זיין גרעסטער פאַרדינסט. אמת, שווער צו האָבן צו טון מיט די רעכנונגען, מיט די שותּפים, אָנטייל נעמען צו ביסלעך אין זייערע שמועסן, פאַרווייַלונגען — אָבער ווי אַזוי וואָלט זיך מאַרקס דערהאַלטן? ווי אַזוי וואָלט ער געקאָנט פאַר-זעצן זיין אַרבעט?

ווערט ער נאָר פריי פון קאַנטאָר, איילט ער שנעל אַהיים און די ערשטע אַרבעט — איז זיך נעמען צו קאַרלען — לייענען זיינס אַ בריוו, אַ געדרוקט אַרטיקל, אָדער אַן אויסצוג פון אַן אַרבעט. ער צייכנט באַמערקונגען, שרייבט אַ בריוו צו קאַרלען און נאָכהער גייט ער ערשט צו צו זיין פריידיקער, האַרציקער מאַרי. נאָר אַ פאָלקס-פרוי קאָן שפרודלען מיט אַזויפיל אויפ-ריכטיקער פרייד, לייכטקייט און חברישקייט.

איצט איז מאַרי געשטאָרבן, ער איז איצט מיט איר איינער אַליין.

אַ שאָד וואָס קאַרל איז איצט נישטאָ מיט אים.

שרייבט ער צו אים אָן די פּאָר ווערטער: „ליבער קאַרל! מיין מאַרי איז מיר געשטאָרבן! איך פיל זיך צעשמעטערט. איך בין נישט אימשטאַנד דיר צו שרייבן, ווי אַזוי איך פיל זיך. דאָס אָרעמע מיידל האָט מיך געליבט מיטן גאַנצן האַרצן".

מאַרקס ענטפערט:

„מיין ליבער פרידריך! מאַריס טויט האָט מיך איבעראַשט און צעטרייסלט. זי איז געווען זייער אַ גוטמוטיקע און וויציקע. זי איז געווען צו דיר פעסט צוגעבונדן. אויך לענכענס אַ שוועסטער איז געשטאָרבן. מיין אַרבעט גייט פאָרויס. איך האָב לעצטנס געלייענט אין דעם „בלויען בוך", אַז דער הר-סיני עקזיסטירט פּאַקטיש. עקאַריוסן זענען דאָ דריי קינדער געשטאָרבן פון שקאַרלאַטין. מיט דעם לאָסאַלן איז פאַרפאַלן — ווען דו וואָלסט געוואָלט אַזוי גוט זיין, וואָלסטו מיר צוגעשיקט אַ זשירירט וועקסל פאַר אים. דיין קאַרל".

ווען ענגעלס האָט באַקומען דעם בריוו און איבערגעלייענט האָט ער מיט דער פויסט אַ זעץ געטון אין טיש—צום טייוול! איצט שרייבט ער מיר וועגן געלט! אַזוי אינטערעסירט אים דאָס אומגליק מיט מיין געליבטער!! געלט! געלט! איז צוזאַמען מיט דער ירושה פון דער לעבער-קראַנקהייט אים אויך פאַרבליבן אַ ביסל די ירושה פון זיינע עלטערן — נישט צו פאַרגעסן קיינמאָל אין געלט-ענינים?! בלייבט ער אויך שוין אָן אַ פריינט? איז אים צוזאַמען מיט מאַרין אויך אָפּגעשטאָרבן קאַרל?!

אין פינף טעג אַרום זעצט ער זיך אַוועק אים ענטפערן. ער הויבט אָן מיט „ליבער פריינט קאַרל מאַרקס!" ער וווּנדערט זיך, וואָס ער האָט אַזוי קיל אויפגענומען די ידיעה וועגן זיין געליבטערס טויט. אים האָט עס צעריסן, צעקוועטשט, און ער, מאַרקס, איז דעריבער ווי גלייכגילטיק אַריבערגעגאַנגען. אויך וווּנדערט אים, וואָס זשעני האָט אים נישט איבערגעשיקט קיין איין וואָרט פון מיטגעפיל. און ערשט וואָס שייך געלט — קאָן ער אים איצט גאָרנישט העלפן. אפשר אויף להבא. און דער-

ווייל — עצהט ער אים, אַז נאָך געלט זאָל ער זיך ווענדן צו זיין פעטער קיין האָלאַנד.

אַ בהלה אין שטוב. אַ שוואַרצער וואָלקן האָט זיך אַרי־בערגעטראָגן און דאָ אויפגעריסן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מאַרקס אָפּגעשריבן:

„וואָס שייך זשעננין, אַז זי האָט דיר נישט געשריבן, איז מיין איך — אַז די ווייבער זענען קאָמישע קרעאַטורן, אַפילו די, וועלכע זענען באַוואָפנט מיט אַ סך פאַרשטאַנד. יענעם אינדער־פרי, ווען מיר האָבן באַקומען די ידיעה וועגן מאַריס טויט, האָט זי געהאַלטן עטלעכע שעה אין איין וויינען. אָבער שוין פאַרנאַכט האָט זי אין דעם אומגליק פאַרגעסן און שוין גע־האַלטן, אַז אויסער אונז איז שוין נישט פאַראַן אויף דער וועלט קיין מער אומגליקלעכערע. און איצט, וואָס שייך מיר אַליין, האָב איך באַלד ביים אַוועקלייגן דעם בריוו באַדויערט, וואָס איך האָב געשריבן וועגן אַנדערע ענינים. אָבער איך האָב דאָס געטון נישט צוליב האַרצלאָזיקייט. מיין פרוי און די קינדער וועלן מיר עדות זיין, אַז די ידיעה האָט מיך דערשיטערט פונקט ווי דער טויט פון אַ נאָענטסטן. אפשר איז אויך די לעצטע דריי יאָר ביי מיר שטאַרק געפאַלן דאָס זעלבסט־אַכטונגס־געפיל? אין לאָנדאָן, ווי דו ווייסט שוין, האָב איך אַבסאָלוט נישט קיינעם, פאַר וועמען זיך צו פאַרטרויען און זיך אַ ביסל אָפּצו־רעדן פון האַרץ. וואָס שייך דיין עצה, איך זאָל זיך ווענדן נאָך געלט צום פעטער — דאַנק איך דיר בעסטנס. די עצה האָב איך נישט באַדאַרפט פון דיר. לעצטנס דאַכט זיך מיר, אַז אָט־אָט וועל איך אַראָפּ פון זינען. דיין קאַרל".

„פאַרשטייסט דאָך, ליבער קאַרל, אַז מען קאָן נישט — ווען מען לעבט אַזוי לאַנג מיט אַ פרוי — נישט שמערצלעך דערפילן איר טויט. איך האָב געפילט, אַז צוזאַמען מיטן קובר זיין מאַרין — בין איך אויך שוין קובר מיין יוגנט. ווען איך האָב געקריגן דיין בריוו, איז זי נאָכנישט געלעגן אין קבר. איך זאָג דיר, אַז יענער בריוו דיינער האָט מיך נישט געלאָזט רוען אַ גאַנצע וואָך. ער האָט מיך געפייניקט און געמאַטערט, שווער

געווען זיך פון אים צו באַפרייען. אָבער לאָמיר שוין אוועק פון דעם ענין. דיין לעצטער בריוו האָט אַלץ צורעכט געמאַכט און פאַרבעסערט. איך פריי זיך, וואָס צוזאַמען מיט מאַרין האָב איך אויך נישט פאַרלוירן מיין עלטסטן און טייערסטן חבר. איך שיק דיר צו הונדערט פונט. דיין פרידריך".

## וועלט! מיר זענען געאייניקט!

מיט זעכצן יאָר צוריק איז דאָס פּאַרזייעט געוואָרן און שוין שניידט מען די פּרוכט. — „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט אייך!" — דער מענטש וועדט האָט איבער דער נאַטור, אָבער ווייטער שקלאַף פונם מענטש. די הערן האָבן נישט קיין פאָטערלאַנד — זייער גאָט און פאָטערלאַנד איז געלט — די אַרבעטער האָבן יאָ אַ פאָטערלאַנד, דאָס פאָטערלאַנד פון די געפייניקטע און אונטערדריקטע. לאָמיר זיין געאייניקט! פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַרייניקט אייך! פאַרייניקט אייך!!

איז איצט געקומען דער ענטפער:

וועלט! מיר זענען געאייניקט!! געאיי־ניקט!!!

ס'איז געגרינדעט געוואָרן דער „אינטערנאַציאָנאַל".

די ערשטע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין סאַן־מאַרטין־האָל אין לאָנדאָן.

מאַרקס איז נישט געזעסן אויף דער טריבונע, נאָר אויפן זאַל און זיך שווייגנדיק צוגעהערט. ער איז געוואָרן אויסגעקליבן אין קאָמיטעט פון „אינטערנאַציאָנאַל". אויף צומאָרגנס איז אין דער פרעסע געווען אויסגערעכנט דער גאַנצער קאָמיטעט און אויפן לעצטן אָרט האָט זיך געפונען דער נאָמען קאַרל מאַרקס.

מאַרקס איז נאָך אַלץ מיד פון די לעצטע פּאָר חדשים, קראַנק. „איך האָב לעצטנס צו טון גאָר מיט געשווירן. איך בין געשטראָפט געוואָרן ווי איוב, כאָטש איך בין נישט אַזוי גאָטס-פאָרכטיק ווי ער. לעצטנס האָט זיך מיר אָנגעצויגן אַ געשוויר. ווייסטו וווּ? — ביי געטהען הייסט עס: „ווען ער האָט נישט קיין הינטן, ווי אַזוי וויל ער זיצן דער דזשענטלמען?"

אין די לעצטע פּאָר חדשים איז אויך געשטאָרבן זיין מוּ-טער. „מיט צוויי שעה צוריק געקריגן אַ טעלעגראַם, אַז מיין מוּטער איז געשטאָרבן. דער גורל האָט, ווייזט אויס, פאַרלאַנגט איינעם פון דער משפחה. איך אַליין שטיי שוין אויך מיט איין פוס אין דער ערד, אָבער איך בין דאָך פאָרט נויטיקער ווי מיין מוּטער. איך וועל פאָרן קיין טריער. אויך אין איין וועגס שוין באַזאָרגן די ירושה-ענינים".

ער האָט אויך צוליב דעם געמוזט פאָרן צום פעטער קיין האָלאַנד.

„מיין פעטער לייגט מיר צו פּלאַסטערס און מיין קוזינע, אַ ליבנסווירדיקע, אַ וויציקע, מיט געפערלעך שוואַרצע אויגן, פּלעגט מיך מיט גרענעצלאָזער איבערגעבנקייט אַריינגעכאַפּט דאָ דערווייל אָן אָפּעראַציע, אויפגעהאַקט עטלעכע געשווירן — שווער צו גיין. איך ווער געפירט אויף שפּאַציר דורך מיין פעטער און קוזינע.

באַקאַנט זיך אויך דאָ מיט אַ האָלענדישן פּראָפעסאָר, אָריענטאַליסט, איצט אַרויסגעגעבן אַ בוך, אין וועלכן ער באַ-ווייזט, אַז אַברהם, יצחק און יעקב זענען נאָר פאַנטאַזיע-ביל-דער, די יידן זענען געווען געצנדינער, אַז דער שבט שמעון האָט אַוועקגעוואַנדערט קיין מעקקאַ און דאָרט אויפגעבויט אַ געצן-טעמפּל. עס נעמט זיך אַ ביסל רודערן קעגן דער רעליגיע, רענאַן, קאָלענזאַ און דער אָריענטאַליסט דאָצי".

עס איז אויך געשטאָרבן מאַרקס' און ענגעלס' נאָענטס-טער חבר — ווילהעלם וואָלף. נאָך קיין 55 יאָר נישט אַלט גע-ווען; דאָס לעבן אין דער פרעמד, אין איינזאַמקייט אַלס פאַר-טריבענער, האָט אים שטאַרק געשאַדט. אויך האָט אים שטאַרק

געשאַדט זיין אַרבעטזאַמקייט און איבערגעגעבנקייט זיין לערער־פּראָפעסיע. דער איידעלער און געטרייער פּראָלעטאַרישער קעמפער האָט פאַרן טויט אָפּגעשריבן פאַר מאַרקסן כמעט די גאַנצע סומע (800 פונט), וועלכע ער האָט ערשט נישט לאַנג באַקומען ירושה פון זיין פאָטער.

וואָלפס טויט האָט מאַרקסן אַ סך צער פאַרשאַפט.

מיט לאַסאַלן איז אין דער צייט איינגעטרעטן אַ שטאַרקער ברוגז. „לאַסאַל האָט שוין ווידער פאַרעפנטלעכט צוויי בראָשורן וועגן זיין פּראָצעס — צום גליק האָט ער מיר זיי נישט צוגעשיקט".

„לאַסאַל האָט געשריבן צו פרייליגראַטן, אַז ער זאָל דיכטן פאַר אים אַ ליד, ווייל טאָג־טעגלעך שרייבן וועגן אים הונדערטער צייטונגען. פרייליגראַט האָט דעם פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן, האָט ער זיך אויסגעזוכט אַן אַנדערן דיכטער".

ענגעלס ענטפערט: „דאָס געדיכט איז קאָמיש. לאַסאַל איז זיכער אין ביסמאַרקס דינסט".

„לאַסאַל איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע וועגן אומדירעקטע שטייערן. נאָר עפּעס קאָן מען דערפון אַרויסקלויבן, די רעשט איז שילעריש, קוואַטש. איך בין שוין ווידער קראַנק אויף דער לעבער. דו שרייבסט, אַז איך זאָל זיך צוליב דער קרענק אָפּהאַלטן פון אַ סך עסן און טרינקען וויין, און דער דאָקטאָר קורירט מיך דווקא מיט וויין — ס'איז אַ טעמע פאַר אַ נאָוועלע".

„געווען דאָ ביי מיר עטלעכע אַרבעטער פון סאָליגנען — פּאָליטיש־געדרודפטע. זיי האָבן גערעדט מיט באַגייסטערונג און ענטוזיאַזם וועגן לאַסאַלן. זיי דערציילן, אַז ווען ער איז געקומען צו זיי אין שטאָט אַריין, האָבן די אַרבעטער אויסגעשפּאַנט די פערד, זיך אַליין איינגעשפּאַנט און אַזוי אים אַרומגעפירט איבער די גאַסן. זיי מיינען, אַז מיר ביידע זענען זייער אינטימסטע פריינט און זענען מסכים מיט אַלעם וואָס ער טוט פון אַנדערע ווידער האָב איך געהערט, אַז ער דערציילט אומעטום, אַז ער איז ברוגז מיט מיר צוליב... געלט־ענינים. די אַר־

בעטער האָב איך געגעבן אַ געוויסע סומע געלט, און כ׳וואָלט וועלן, אַז אויך דו זאָלסט צונויפשאַפן אין מאַנטשעסטער אַ ביסל געלט, וועט מען זיי אַוועקשיקן קיין אַמעריקע, ווייל זיי קאָנען דאָרט קריגן אַרבעט אין דער פאַבריק „סאָלינגען״.

פרידריך! לאַסאַל איז טויט!!״

„ליבער מאַר! דערהאַלטן דיין טעלעגראַם וועגן לאַסאַלס טויט. דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן, ווי די ידיעה האָט מיך איבער־ראַשט. ער מעג האָבן געווען — פערזענלעך, ליטעראַריש, וויסנ־שאַפטלעך — וואָס ער איז געווען, אָבער פאָליטיש איז ער זי־כער געווען איינער פון די באַדייטנדסטע פיגורן אין דייטשלאַנד. איצט איז ער געווען אונזער אומזיכערער פריינט, אין דער צוקונפט — זיכערער פיינט, אָבער אַלציינס — עס טרעפט שווער, ווען מען זעט, ווי די טיכטיקסטע פערזאָנען פון דייטשלאַנד גייען קאַפּוט. וואָס פאַר אַ יובל עס וועט איצט זיין ביי די פאַבריקאַנטן און ביי די פאָרגעשריטענע היצלעס! לאַסאַל איז פאָרט געווען דער איינציקער, פאַר וועמען זיי האָבן מורא געהאַט. אָבער ווי האָט געקענט אַזאַ פאָליטישע פערזענלעכקייט גיין אויף אַ דועל מיט עפּעס דאָרט אַ ליאַדן אַוואַנטוריסט? און צוליב עפּעס דאָרט אַ טאָכטער פון אַ בייערישן געזאַנדטן! עפּעס אַ געמיש ביי אים פון טריוויאַלקייט, סענטימענטאַלקייט, יידנטום און פאַריסענער ריטערלעכקייט״.

„דאָס אומגליק מיט לאַסאַלן האָט מיר עטלעכע טעג טייוו־לאָניש אַרומשפּאַצירט איבערן קאָפּ. וואָס־וואָס — עס איז שווער צו גלויבן, אַז אַזאַ ראַשיקער, שטורעמדיקער מענטש זאָל זיין טויט ווי אַ מויז און האַלטן דאָס מויל. און ער האָט דאָך פאָרט געהערט צו דער אַלטער גוואַרדיע און איז געווען אַ פיינט פון אונזערע פיינט. איך באַדויער, וואָס גראָד לעצטנס זענען אונ־זערע באַציונגען קאַליע געוואָרן, כאָטש דאָס איז אויסשליסלעך זיין שולד. דער טייוול ווייסט עס — דאָס קופּקעלע ווערט וואָס אַמאָל אַלץ קלענער און קיין נייע קומען נישט צו. איך בין איבערצייגט, אַז ווען ער זאָל זיך נישט אַזוי שטעטס געפונען

צווישן מיליטאַריסטן און רעוואָלוציאָנערן אין גלאַטיקע הענטשקעס, וואָלט צו דער קאַטאַסטראָפע נישט געקומען.

איך שיק דיר איבער אַ פאָטאָגראַפיע פון מיין לאַוראַ און זשענכען, און מיין ווייב שיקט דיר איבער במתנה אַ געשיר לעפל-גאָפל.

באַקונין איז שוין צוריק דאָ. שוין נישט געזעען אים זעכצן יאָר. ער איז מיר איצט מער געפעלן ווי פריער. ער לאָזט דיך גריסן. דיין נעגער".

---

מאַרקס איז מיד און ער אַרבעט איבער זיין „קאַפּיטאַל".

אויף דעם מיטינג אין סאַן-מאַרטין-האָל איז ער געזעסן אויפן זאַל און זיך נאָר גוט צוגעהערט צו די רעדעס. מען האָט אים אויסגעוויילט אין קאָמיטעט.

ער איז מיד. זענען די פירער שוין פולקאָם ראוי צו דער אַרבעט? איז ער נאָר בייגעווען די ערשטע קאָמיטעט-זיצונג — און ער האָט זיך אַ צעוואָרעם געטון. פאַרפאַלן. ער וועט דאָס מוזן נעמען אין זיינע אייגענע הענט אַריין.

ער איז איילִיק אַוועק אין שטוב אַריין און זיך געזעצט שרייבן דעם פייערלעכן דערעפענונגס-אַדרעס. „די גאַנצע אַרבעטנדע וועלט פאַלט אַריין וואָס אַמאָל אַלץ מער אין אַ גרעסערער נויט, דווקא ווען דער הערשנדער קלאַס הויבט זיך אַלעמאָל העכער. קיין שום נייע טעכנישע דערפינדונגען און אפילו נייע קאָלאָניעס וועלן נישט לינדערן די נויט פון די אַרבעטער-מאַסן. גראָד פאַרקערט — דאָס אַלץ וועט נאָכמער פאַרשאַרפן דעם אָפּגרונט צווישן דעם אונטערדריקטן און הערשנדיקן קלאַס. די צאָל פון דער אַרבעטערשאַפט איז גרויס, אָבער אַ צאָל האָט נאָר דאַן אַ באַדייטונג, ווען זי ווערט צונויפגענומען און באַוווּסטזיניק געפירט צום באַשטימטן ציל. די דערפאַרונג לערנט אונז, אַז דאָס פאַרגעסן אין דער ברודערלעכקייט, וועלכע דאַרף פאַראייניקן די אַרבעטער פון אַלע לענדער, נעמט נקמה אין די אַרבעטער אַליין. די באַפרייונג פון אַרבעטער איז נישט קיין

לאָקאַלער ענין, נישט קיין נאַציאָנאַלער, נאָר אַן אַל־געזעלשאַפט־לעכער. פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך!״ אויף צוועלף זייטלעך האָט ער געגעבן אַן איבערבליק פון דער אַר־בעטער־באַוועגונג אין די לעצטע פערציק יאָר, אויפגעוויזן אירע אַלע בלאָנדזשענישן, זיגזאַג־וועגן, שטאַמלענישן און אָנגעוויזן אַ קלאָרן וועג, אויף וועלכן עס דאַרף גיין דער פּראָלעטאַריאַט צום זיג.

דער אַדרעס איז געוואָרן אויפגענומען דורכן גאַנצן קאָ־מיטעט מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן.

די פאָרשטייער פון די פראַנצויזישע אַרבעטער האָבן געבעטן, אַז מען זאָל צום סוף אויך דערמאָנען וועגן די געזעצן פון מאָראַל און רעכט, וועלכע דאַרפן זיין די העכסטע געזעצן פאַר יעדן פאָלק און קלאַס, וועגן שלום, יושר — מאַרקס האָט אָפּגעזאָגט — דאָס זענען נאָר פרומע ווונטשן, מויל־ווייריך פאַר די מאָדערנע געטשן, אַ באַלאַסט, וואָס פאַרטומלט די מוחות, אַ בעטן זיך ביים וואָלף, ער זאָל פאַמעלעך אויפפרעסן, אָדער אַ פאַרוואַרפן דעם טיגער, אַז ער איז נישט עטיש — ס׳איז מאַ־קולאַטור, קוואַטש. די ענגלישע און דייטשע פאָרשטייער האָבן זיך גאָרנישט אָנגערופן — מאַרקס קאָן אָפּזאָגן — נאָר די פראַנ־צויזן האָבן מיט תחנונים געבעטן, אַז מען זאָל זיי צוליב טון און אויך אַריינשטעלן עפּעס וועגן עטיק און יושר. האָט זיי מאַרקס צוליב געטון נאָר עפּעס, ער האָט אויסגעקליבן פון זייער צו־שריפט נאָר עטלעכע ווערטער, זיי פאַנאַנדערגעוואָרפן — און זאָל די ערשטע זיצונג אַדורך אין שלום.

יאָנעס דערמאָנט איצט מאַרקסן אין דער רעדע, וועלכע ער, מאַרקס, האָט געהאַלטן אין 1856 ביי אַ פייערונג פון די טשאַר־טיסטן: „עס איז אמת, די רעוואָלוציע איז נישט קיין דערפינ־דונג פון 1848. דאַמף און עלעקטריציטעט זענען גענוג רעוואָלו־ציאָנער און פיל געפערלעכער ווי די בירגער בלאַנקי, ראַספּעי און באַרבע! דאָס ווערק פון דער געזעלשאַפט גוט צו אָרדנען מוזן נאָר נייע, באַרופענע מענטשן — און דאָס זענען נאָר די אַרבעטער!״ — איז, דאַכט זיך, אַז מיט די פראַנצויזן און מאַ־

ציני־לייט וועט דאָס נישט זיין אַזוי לייכט גוטצואָרדנען, האַ? חבר מאַרקס?

---

„ליבער מאָר! איך בין שוין שטאַרק נייגיריק צו לייענען דיין אינאַוגוראַל־אַדרעס. דו שרייבסט מיר, אַז ער האָט אַרויס־גערופן הייסע און לאַנגדויערנדע אַפּלאָדיסמענטן — בין איך שוין שטאַרק נייגיריק אים צו לייענען. עס מוז זיין אַן אמת קונסט־שטיק. קלאַנגען האָב איך שוין געהערט, אַז דער אַדרעס שטייט נישט קיין סך אָפּ פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט". איך בין געשפּאַנט. האָט דיר די פרוי האַצפעלד הייסט עס, געשריבן, אַז דו זאָלסט אָנשרייבן אַן אַפּאָטעאָז איבער לאַסאַלן — אַלס דעם מאָדערנעם דערלייזער? נו, דאָס איז שוין צופיל. וואָס הערט מען מיט ליבקנעכטן? דיין פרידריך".

„איך האָב לעצטנס ווידער געשיקט ליבקנעכטן אַ ביסל געלט. ער געפינט זיך ווייטער אין נויט. כדי אים נישט צו זשעניר, וועל איך שיקן זיין פרוי אויף די ווייַנאַכטן אַ ביסל געלט — אַלס מתנה פאַר די קינדער. אפשר וועסטו זיך אויך מיט עפּעס באַטייליקן? מיין זשענכען ווערט שוין אַלט צוואַנ־ציק יאָר. זשענכען — שוין צוואַנציק יאָר! דיין קאַרל".

# געבורט-ווייען

„איך אַרבעט ביי מיין „קאַפּיטאַל" אומגעהויער. בייטאָג און ביינאַכט. איך לייד לעצטנס אויף דער גאַל. ברעך אַ סך. פון וואָלפס געלט הערט מען נאָך נישט. איך אַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. דאָס געלט צעשווימט מיר זייער שנעל. איך האָב אָנגעהויבן פירן אַ בוך פון אַלע שטוב-אויסגאַבן און — עס שטימט, צום טייוול! גלויב מיר, איך וואָלט ליבערשט געלאָזט זיך אָפּהאַקן די פינגער, איידער איך זאָל צו דיר ווידער שרייבן וועגן געלט-ענינים. אַ האַלב לעבן צו זיין אָפּהענגיק! איך האָב, וואָס אַן אמת, געלעבט דאָס יאָר אַ ביסל צו-בריווח, נאָר דאָס איז געווען אַן אַנטשעדיקונג פאַר די קינדער פאַר זייער שטענדיק ליידן. איך ווייס אויך, וואָס אַן אמת, צו טייער, האָב איך דאָך אָבער דערוואַקסענע קינדער, מען דאַרף דאָך זיי זיכערן אַ צוקונפט, און ריין-סוחריש גענומען, איז דאָך אַן אַבסאָלוט-פּראָלעטאַרישע שטוב איצט נישט פּאַסיק".

---

„ליבער ד״ר קוגעלמאַן! איך האָב איצט געלייענט אַ ווערק פון דאָקטאָר מואָלען וועגן פיזיאָלאָגיע. אַ סך שטותים, צופיל „קאָנסטרוקציע", אָבער דאָך שטאַרק קריטיש צו די פריער-אָנגענומענע השערות. איך וואָלט וועלן, איר זאָלט דאָס דורכלייענען און שרייבן מיר אייער מיינונג. איך רעקאָמענדיר אייך צו לייענען טראַמאָס „די אַנטשטייונג פון דער וועלט". כאָטש ס'איז

אָנגעשריבן זייער נאָכלעסיק, איז פול מיט בלויזן, אָבער עס באַדייט דאָך אַ שריט פאָרויס צו דאַרווינען.

מיט דער אַמעריקאַנער אַרבעטער-באַוועגונג גייט עס נישט לעצטנס אַזוי גלענצנד. איך גלויב, אַז איך וואָלט דאָרט גע-קאָנט אַ סך אויפטון — אָבער איך האַלט, אַז ס'איז מיין חוב צו בלייבן אין אייראָפּע און ענדיקן מיין לאַנגיעריקע אַרבעט. איך גלויב, אַז שוין נישט לאַנג וועט דויערן און איך וועל זיך אַריבערכאַפּן קיין האַמבורג און לאָזן דרוקן דעם ערשטן באַנד פון מיין „קאַפּיטאַל". דאָס ווערק איז געשריבן זייער נישט-פּאָפּולער, ווייל יעדער ערשטער פּרווו צו רעוואָלוציאָניזירן אַ וויסנשאַפטלעך געביט — קאָן נישט אין אָנהויב זיין פּאָפּולער. ווען נאָר איצט געלייגט ווערן דער פונדאַמענט — וועט שוין נאָכהער די פּאָפּולאַריזירונג אָנקומען לייכט.

אַ סך פאַרנעמט מיר די צוגרייטונגס-אַרבעט צום ערשטן קאָנגרעס פון „אינטערנאַציאָנאַל". איך אַליין וועל אָבער ליידער דעם קאָנגרעס נישט בייוווינען, ווייל עס וואָלט מיר שוין צו-פיל געשטערט אין מיין אַרבעט. און דאָס וואָס איך אַרבעט איצט, איז, גלויב איך, פון אַ פיל גרעסערער וויכטיקייט פאַרן אַרבעטער-קלאַס, ווי אַלץ, וואָס איך וואָלט געקאָנט אויפטון זייענ-דיק אויפן קאָנגרעס.

איך גלויב, אַז מיר גייען פאָרויס צו דער רעוואָלוציע. די קינפטיקע רעוואָלוציע וועט זיכער ביים סאַמע אָנהויב נאָך איבערחזרן די שאַלאַמוידישע שטיק פון די יאָרן 48—49 — אָבער נאָר פון אָנהויב. פאַרפאַלן — אַנדערש קאָן עס נישט גיין.

(איר שרייבט מיר, אַז מען פאַרהאַלט מיינע בריוו צו אייך און מען גיט זיי אייך אָפּ ערשט אין חדשים אַרום — איז טאַקע זייער שלעכט, איך וואָלט נישט וועלן, אַז ביסמאַרק זאָל אַזוי גענוי קענען מיינע פּריוואַטע ענינים. אויב ער זוכט אין די בריוו מיין מיינונג וועגן זיין פּאָליטיק — וואָלט איך אים געראַטן זיך גלייך ווענדן צו מיר, איך וועל זיכער נישט האַלטן די צונג צווישן די ציין — איך וועל אים מיין מיינונג זאָגן).

האָט נישט פאַריבל, אויב איך וועל אייך אַזוי שנעל איצט נישט שרייבן—איך אַרבעט זייער פיל און וואָלט שוין געוואָלט האָבן פאַרענדיקט דאָס ווערק. ווי ס'וועט נאָר ווערן פאַרטיק דער ערשטער באַנד, וועלן מיר זיך שוין זען אין האַנאָווער אָדער אין האַמבורג. אייער קאַרל מאַרקס".

---

„ליבער פרידריך! איך אַרבעט פעסט. בעת דעם וואַרעמען וועטער האָב איך געאַרבעט ביי אָפענע פענסטער — האָב איך טאַקע געפאַקט רעוומאַטיזם אין רעכטן אָרעם. די געשווירן זע־נען טעטיק. צום ענדיקן דעם ערשטן באַנד וועט נאָך וואַרשיי־לען געדויערן אַ דריי חדשים".

„ליבער מאָר! איך האָב זיך דאָ געפרעגט ביים דאָקטאָר גומפערט וועגן דיינע געשווירן, האָט ער געהייסן דיך נעמען אַרשעניק — ער היילט דאָ דערמיט דריי פרויען. וועט דיין אַר־בעט נאָך דויערן דריי חדשים? און ווי קאָן מען ביי אַזעלכע ווייטיקן פאַרענדיקן אַזאַ אַרבעט? אפשר איבעררייסן?"

„פרידריך! שוין אַ פרישער געשוויר. וואָלט איך געהאַט געלט פאַר מיין פאַמיליע און וואָלט מיין בוך געווען איינגאַנצן פאַרטיק, וואָלט מיך שוין נישט געאַרט, ווען מען וואַרפט מיך אַרויס אויפן מיסט ווי אַ פגר".

„פרידריך! די דאָקטוירים פאַרבאָטן מיר צו אַרבעטן ביי־נאַכט. און גיי דערציייל זיי, אַז איך קאָן זיך דערפון נישט אָפּ־זאָגן. עס מאַכן זיך שוין געשווירן אויך אונטער דער הויט. איך מיין, אַז אויב עס וועט זיך נאָך איבערחזרן אַ צוויי־דריי מאָל— בין איך פאַרטיק. מיין פאַמיליע אָריענטירט זיך נישט ווי ווייט עס האַלט — — —".

נאָך צוויי חדשים צום ערשטן קאָנגרעס פון „אינטערנאַ־ציאָנאַל".

„קאַרל! דו מוזט זיך קורירן. וואָס וועט ווערן מיט דיין ווערק, מיט דיין פאַמיליע, מיט דער באַוועגונג! איך בין שרעק־

לעך אומרויק — אַ טאָג, אַז איך קריג נישט קיין בריוו, בין איך אויסער זיך".

ס'איז שוין אַ חודש נאָכן ערשטן קאָנגרעס פון „אינטער־נאַציאָנאַל".

ענגעלס האָט שוין עטלעכע טעג נישט געקריגן קיין בריוו פון מאַרקסן. זאָל ער דעפּעשירן? אָדער גאָר גלייך פאָרן? עפּעס האָט געמוזט געשעען. ער שטייט פאַרן קאַנטאָר און קוקט אויס דעם פּאָטשטיליאָן. אָט גייט ער שוין פונדערווייטנס. ער לויפט אים אַנטקעגן.

יאָ, ס'איז דאָ אַ בריוו פון מאַרקסן:

„פ ר י ד ר י ך !
פ ר י ד ר י ך !
ע נ ד ל ע ך !
ע ס
א י ז
פ אַ ר ט י ק
ד אָ ס
„ק אַ פּ י ט אַ ל"

ד י י ן
ק אַ ר ל
מ אַ ר ק ס.
אָ ק ט אָ ב ע ר,
1866.

„טייערער קאַרל! ענדלעך! הורא! איז שוין דאָס בוך פאַרטיק! איבער דער גאַנצער צייט האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס פאַרשאָלטענע בוך, איבער וועלכן דו האָסט אַזוי לאַנג, שווער און פּיינלעך געאַרבעט, איז די סיבה פון דיינע אַלע מיספאָלגן. און דו וואָלסט זיך זיכער קיינמאָל נישט אויסגעגראָבן, אויב דו וואָלסט עס שוין ענדלעך נישט אַראָפּגעוואָרפן פון קאַרק. די נישט פאַרענדיקטע אַרבעט, וואָס דו שרייבסט שוין אַן אייביקייט, האָט דיך דערדריקט פיזיש, גייסטיק און מאַטעריעל. איצט, גלויב איך, נאָך דעם באַפרייען זיך פון דער שוואַנגערשאַפט, וועסטו אָפּאָטעמען און אַלץ וועט דיר שוין אַנדערש אויסזען. איך גלויב, אַז דו וועסט צוריק פאַרלירן דעם ווייטיקלעכן אומעט, וואָס האָט לעצטנס דיך אַזוי באַהערשט.

איך וואָלט שוין איצט גלייך אַוועקגעוואָרפן דעם הינטישן מסחר, נאָר איך וועל דאָס נישט טון, ביז דו וועסט נישט זיין פולשטענדיק מאַטעריעל פאַרזאָרגט. איך ווייס נישט, וואָס צו מאַכן מיטן געשעפט. דער קאָנטראַקט מיט מיין שותף גילט נאָך זעקס יאָר, אָבער איך וואָלט זיך פאָרט וועלן נאָך פריער שיידן. נאָר אפשר וועט אין דער צווישנצייט קומען די רעוואָלוציע און איך וועל דאָס אַלץ פטור ווערן?!“

---

דאָס ברייטע פענסטער איז אָפן און די שטוב איז פול מיט זון. נישט ווייט פון פענסטער שטייט דאָס קליינע אַרבעטסטישל און דערנעבן אַ ברייטער פאָטעל. מאַרקס זיצט ביים טישל, טרינקט שוואַרצע קאַווע און שפּילט מיט דער הויזפרוי לענכען אין שאַך. עס שטייען אַרום די טעכטער און קוקן זיך צו. אָפּגעשפּילט עטלעכע פאַרטיעס — דערמאָנט זי זיך אינצווישן, אַז זי דאַרף אויפּנייען פאַר לעאָנאָרען אַ קליידל און זי גייט אַריין צו איר אַרבעט אין צווייטן צימער אַריין.

— איצט, מאָר, וועסטו זיך שוין אויך אַ ביסל פאַרנעמען מיט אונז.

לעאָנאָרע מאָנט זיך די דראַמע וועגן די ברידער גראַק־כוס *), וואָס ער האָט אַמאָל צוגעזאָגט פאַר איר אָנצושרייבן. ער זאָגט ווייטער צו. די טעכטער שלאָגן אים פאָר אַן אינ־טערוויו-שפּיל. ער איז מסכּים.

— נו, ליבער נעגער, מיר וועלן דיר שטעלן פראַגן.

דיין ליבלינגס-טוגנט? — — — — — — — אײנפאַכקייט.
וואָס ליבסטו ביים מאַן? — — — — — — — — קראַפט.
ביי דער פרוי? — — — — — — — — שוואַכקייט.
דיין הויפּט-אייגנשאַפט? — — — קאָנצענטראַציע פון שטרעבן.
דיין אויפפאַסונג וועגן גליק? — — — — — — — צו קעמפן.
אומגליק? — — — — נישט-זעלבשטענדיקייט,
זיין וועמען אונטערגעוואָרפן.
וועלכעס פאַרברעכן קאָן מען
אַממערסטן מוחל זיין? — — — — — לייכטגלויביקייט.
וועלכעס פאַרברעכן עקלט דיך צוממייסטן? — — — קריכערײ.
דיין ליבלינגס-געזעלשאַפט? — — — — — — — — ביכער.
דיינע באַליבטסטע דיכטער? — — — שעקספּיר, עסכילאָס, געטהע.
דיין באַליבטסטער פּראָזע-שריפטשטעלער? — — — — —דידראָ.
דיין באַליבטסטער העלד? — — — — ספּאַרטאַקוס, קעפּלער.
העלדין? — — — — — — — — —גרעטכן.
בלום? — — — — — — — לאָרבער.
פאַרב? — — — — — — — — רויט.
ליבלינגס-נאָמען? — — — — — — — זשעני, לאַורא, לעאָנאָרע.
דיין ליבלינגס-מאַכל? — — — — — — — — — — פיש.
דיין ליבלינגס-מאַקסימע? — — — — קיין שום מענטשלעכס
איז מיר נישט פרעמד.
ליבלינגס-מאָטאָ? — — — — — — אין אַלעם איז צו צווייפלען.

*) רוימער, געטויט געוואָרן (מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק) פאַר פירן אַ קאַמף פאַר דער צעטיילונג פון דער ערד.

— אין דעם, וואָס דו האָסט איצט געזאָגט — אויך? — די קינדער פרייען זיך, לאַכן. זיי האָבן שוין לאַנג נישט געזעען דעם פאָטער אין אַזאַ גוטן הומאָר.

די פרוי מאַרקס פאַרנעמט זיך איצט מיט דער צוגרייטונג צו קאַרלס רייזע. ער פאָרט קיין האַמבורג מיטן מאַנוסקריפּט. ער מוז דערמיט אַליין פאָרן און זיין ביים דרוקן.

פאַרן אַוועקפאָרן האָט ער זיך נאָך אַוועקגעזעצט אָנשרייבן אַ בריוו צו זיין אַלטן פריינט וועדמעער אין ניו־יאָרק:

„איר מוזט מיך זיכער שלעכט אורטיילן פאַר מיין נישט שרייבן צו אייך. און נאָך דערצו — ווען אייערע בריוו האָבן מיר פאַרשאַפט אמתן פאַרגעניגן. זיי זענען געווען פאַר מיר אַ שטיקל טרייסט. דאָס באַוווסטזיין, אַז אַ בראַווער מענטש, וועל־כער שטייט אויף דער הויך פון זיינע פּרינציפּן, איז אַן אייזן־שטאַרקער אָנהענגער פון אונזער פּאַרטיי — דאָס איז געווען אַ גרויסע סאַטיספאַקציע פאַר מיר. אייערע בריוו האָבן געהויכט מיט וואַרעמער פריינטשאַפט און דאָס האָב איך זיכער דער־שאַצט. נאָר פאַרוואָס האָב איך אייך נישט געענטפערט? — פשוט, ווייל איך בין געשטאַנען איבער דער צייט מיט איין פוס אין קבר. איך האָב צוליב דעם געמוזט אויסנוצן יעדע אַרבעטס־פעיִקע מינוט, כּדי צו ענדיקן מיין ווערק, וועלכן איך האָב אַוועקגעגעבן אַ סך געזונט, גליק און די פאַמיליע. איך פאַרהאָף, אַז די דערקלערונג וועט אייך גענוגענען. פאַרשטייט זיך, אַז דער מענטש זאָל זיין ווי אַ בהמה, וואָלט ער זיך אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס צו די ליידן פון דער מענטשהייט און גע־טראַכט נאָר וועגן זיין אייגענער הויט. איך וואָלט זיך אויך געהאַלטן פאַר אַ זייער נישט־פּראַקטישן מענטש, ווען איך זאָל שטאַרבן און נישט פאַרענדיקן מיין ווערק״.

---

„ליבער פרידריך! שוין אַוועקגעגעבן אין האַמבורג צום זעצן. איצט האָב איך זיך אַראָפּגעכאַפּט צו מיין פריינט ד״ר קו־געלמאַן. ער איז אַ היפּשער אינטעלעקטואַליסט און גרויסער

גינעקאָלאָג. ער האָט אויך דערפינדן פיל מכשירים צו זיין אָר־בעט. ער ווערט אָבער נישט צוגעלאָזן אין דער דאָקטוירים־גע־זעלשאַפט, ווייל גינעקאָלאָגיע איז ביי זיי אַן אוממאָראַלישע שווייגעריי.

הער, פרידריך, אַ דיסקרעטע נייעס (נאָר פאַר קיינעם דערווייל דאָס נישט דערציילן): נעכטן האָט מיר ביסמאַרק צו־געשיקט איינעם פון זיינע סאַטראַפּן, אַ געוויסן אַדוואָקאַט וואַר־נעבאָלד. ביסמאַרק ווינטשט זיך צו האָבן „מיך און מיין גרויסן טאַלענט" אין די אינטערעסן פונם דייטשן פאָלק".

אַ קוריאָזע באַגעגעניש אויפן וועג אַהיים.

„ליבער פריינט קוגעלמאַן! אַנטשולדיקט פאַרן פאַרשפּע־טיקן מיטן בריוו, ווייל איך האָב זיך דערווייל אַראָפּגעכאַפּט קיין מאַנטשעסטער צו ענגעלסן. דער וועג איז אַדורך בשלום. אין האַמבורג האָב איך באַקענט נאָך דעם הער ווילהעלם מאַרי — נאָר ער איז אַ קריסטלעכע איבערזעצונג (און אַ שלעכטע איבערזעצונג) פון לאַסאַלן. אָבער אויפן וועג קיין לאָנדאָן האָט שוין מיט מיר יאָ עפּעס געטראָפן. עפּעס אַ פריילין, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן מיט איר מיליטערישן געשטעל האָט מיך געבעטן, אַז ביים אַריינקומען קיין לאָנדאָן זאָל איך איר ווייזן דעם וועג צום צווייטן וואָקזאַל, ווייל זי ווייסט נישט וווּ דאָס איז. עס איז איר אויך שווער זיך צו אינפאָרמירן, ווייל זי האָט אַ סך שווערע און ווערטפולע באַגאַזשן. בין איך דאָך אַן איידעלער ריטער, האָב איך איר געמוזט צוזאָגן, אַז איך וועל איר געהן דינען. גראָד האָבן אויך אויסגעפּעלט באַגאַזש־טרעגער און איך האָב געמוזט פעסט האָרעווען ביי די פּעק. דאָס מיידל איז געווען אַ שיינע, אַ פריילעכע, אינטעליגענט, אַריסטאָקראַ־טיש, און ווען מיר זענען שוין מיט מזל געקומען אויפן צווייטן וואָקזאַל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איר צוג גייט אָפּ ערשט אין אַ זעקס שעה אַרום. וויל זי דערווייל באַקוקן לאָנדאָן. איך האָב נאָך געמוזט מאַכן אַ פריילעכע מינע צו דער טרויעריקער שפּיל און שוין געמוזט זיין ריטער ביז צום סוף. האָב איך זי־

געפירט אין הייד-פּאַרק און אין אַלע אייזקרעם-געוועלבער. וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? — זי הייסט עליזאַבעט פאָן פוטקאַמער — ביסמאַרקס אַ פּלימעניצע! האָב איך איר אויך געזאָגט מיין נאָמען און זי האָט זיך געפערלעך דערשראָקן — אין „רויטע“ הענט איז זי אַריינגעפאַלן! איך האָב זי גלייך באַרויקט און געטרייסט. איך האָב איר צוגעזאָגט, אַז אונזער ראַנדעווו וועט זיך ענדיקן אָן בלוט-פאַרגיסונג. זי איז אַוועקגעפאָרן געזונט און בשלום, אין עטלעכע טעג אַרום האָט זי מיר צוגעשיקט אַ בריוול מיט אַ סך דאַנקען, קינדערשער גוטמוטיקייט און מיט „טיפער אַכטונג“. אויך אירע עלטערן האָבן זי געהייסן מיך גרוסן און זיי דריקן אויס זייער פרייד, וואָס מען קאָן נאָך היינטיקע צייטן טרעפן אין וועג גוטע און ווילע מענטשן.

איך האָב שוין צוגעשיקט ענגעלסן די ערשטע קאָרעקטור-בויגנס. ער איז צופרידן פון דער אַרבעט — בין איך אויך צופרידן. זיין מיינונג האָט מיך באַרויקט, ווייל שטענדיק, ווען מיין אַרבעט ווערט שוין אָפּגעדרוקט — בין איך פון איר קיינמאָל נישט צופרידן, ספּעציעל נאָך אין דער ערשטער צייט. אַדיע. אייער קאַרל מאַרקס“.

פון האַמבורג זענען אָנגעקומען בויגן נאָך בויגן צו קאָרעקטור. „פרידריך! איך שיק דיר איבער די ווייטערדיקע בויגנס. איך לייד שוין נישט אויף קיין איבלען“.

„סאַלוט! מיין ליבער, טייערער פרידריך! שוין דערהאַלטן דעם לעצטן, דעם נייַנאונפערציקסטן בויגן. איך האַלז דיך און קוש דיך! נאָר אַ דאַנק דיר האָט דאָס געקענט געשעען.

דיין קאַרל!“

2

„מיין נישט זיין די דריי חדשים אין לאָנדאָן האָט גע־
ברענגט שטאַרק שאָדן דעם „אינטערנאַציאָנאַל". געהאַט די וואָך
אַן עקזעקוציע אין שטוב.

לאַורא איז כמעט ווי פאַרזיוווגט געוואָרן מיט לאַפאַרגען.
ער איז אַ היפּשער, אינטעליגענטער, ענערגישער און גימנאַסטיש־
אַנטוויקלטער יונגערמאַן. ער האָט שטודירט מעדיצין און איז
געוואָרן אויסגעשלאָסן אויף צוויי יאָר פון אוניווערזיטעט פאַר
אָרגאַניזירן דעם סטודענטן־קאָנגרעס. פריער האָט ער זיך אַרומ־
געפּאָרעט אַרום מיר און גאַנץ שנעל איבערגעגאַנגען צו לאַורען.
זיינע עקאָנאָמישע פאַרהעלטנישן — מיטלמעסיק. איך האָב גע־
שריבן אַ בריוו צו לאַפאַרגס עלטערן (מיט זיין דערלויבניש —
פאַרשטייט זיך) און זיי אָנגעפרעגט וועגן זיינע עקאָנאָמישע
פאַרהעלטנישן. איך האָב געקריגן אַ גינסטיקן ענטפער. איך האָב
אים אָבער געזאָגט, אַז ער מוז זיך אומבאַדינגט דאָקטאָריזירן,
כדי ער זאָל גלייך קאָנען אָנהויבן פּראַקטיצירן. אַז נישט —
האָב איך אים געזאָגט — וועט דערפון גאָרנישט ווערן.

מיין פעטער פון האָלאַנד איז געשטאָרבן. אַן אויסגע־
צייכנטער מענטש. געשטאָרבן שיין, רויק, אין פולן באַוווסטזיין,
באַגלייט מיט וואָלטעריאַנישער איראָניע. זשענכען איז נעכטן,
דעם ערשטן מאַי, אַלט געוואָרן צווייאונצוואַנציק יאָר.

דאָס וואָס דו ביסט צופרידן מיט מיין ווערק, פאַרשאַפט
מיר אַ סך פאַרגעניגן — די איבריקע וועלט מעג שוין זאָגן
וועגן דעם בוך וואָס זי וויל נאָר. איך האָף אַלנפאַלס, אַז די
בורזשואַזיע וועט אַ לעבן־לאַנג געדענקען אין מיינע געשווירן.

איצט, אין מיטן שרייבן, אָנגעקומען אַ צווייטער בריוו פון לאַפּאַרגס עלטערן. זיי לאַדן איין אַלע מיינע דריי טעכטער צו זיך אַהיים, קיין באָרדאָ. די מיידלעך זענען דערמיט גליקלעך. האָב איך אָבער נישט אויף קיין הוצאות. און דערצו דאַרף מען נאָך אַרויסנעמען אַ טייל זייערע זאַכן פון לאָמבאַרד. כ׳האָב נישט קיין געלט און האָב זיך נישט צו ווענדן צו ווענדן״.

לאַפּאַרג שפּאַצירט מיט לאַורען אין פּאַרק, אין וועלכן עס גייען אַריין די פענסטער פון מאַרקס וווינונג.

איך וואָלט זיך וועלן שוין דאָקטאָריזירן אויף דערפאַר, כדי איך זאָל שוין קאָנען וואָס גיכער העלפן היילן דיין פאָטער.

— איך וואָלט דיר זיין דערפאַר זייער דאַנקבאַר. צו אַן אייגענעם האָט מען פאָרט מער צוטרוי.

— ווייסטו כאָטש, ליבע לאַורא, אַז דיין פאָטער איז איינער פון די געניאַלסטע מענטשן פון נייַנצנטן יאָרהונדערט? אַז ער מיט דאַרווינען רעסטאַווירן די וועלט? ליבקנעכט רופט אים אָן „דער אַריסטאָטעלעס פון נייַנצנטן יאָרהונדערט. יאָ, אַ גרויסער זשעני.

— איז דאָס אמת, פּאַול, אַז קינדער פון זשעניען מוזן זיין גאָרנישטן?

פּאַול לאַכט.

— פון אַ גרויסן מענטש קאָן אַפילו זיין שאָטן נישט זיין קליין. און זיינס אַ שאָטן ביסטו דאָך זיכער.

— און דו, פּאַול, ביסט נאָך פונדעסטוועגן אַלץ נישט קיין מאַרקסיסט, נאָר פּרודאָניסט.

— נו, לאַורע טייערע, עס איז נישט פון די קלייניקייטן גלייך צו באַנעמען מאַרקסן. גרעסערע פון מיר פאַרשטייען אים נישט. אָט וועל איך דיר פאָרלייענען עטלעכע זאַצן פון דער פאָרעדע צום „קאַפּיטאַל״.

„די אָרדנונג מוז אומפאַרמיידלעך געענדערט ווערן, אַלצ-איינס צי מען גלויבט דערין אָדער נישט, צי מען איז באַוווּסט-

זיניק אָדער ניטש. אַ נאַטור-היסטאָרישער פּראָצעס ווערט געפירט פון געזעצן — אומאָפּהענגיק פון דעם ווילן און באַוווסטזיין פון די מענטשן. לויט דער גרונט-לאַגע איז מיין דיאַלעקטישער מעטאָד ניט נאָר פאַרשידן פון דעם העגעלשן מעטאָד, נאָר זיין דירעקטער היפּוך. דאָס אידעאַלע — איז ביי מיר דאָס מאַטעריעלע, איבערגעמאַכט און איבערגעזעצט געוואָרן אין קאָפּ. העגעל איז ביז איצט געשטאַנען אויפן קאָפּ און איך האָב אים געשטעלט אויף די פיס". אָדער: „סחורה זעט אונז אויפן ערשטן בליק אויס אַלס גאַנץ וווּלגאַרער ענין און אינדעראמתן איז דאָס אַ זאַך מיט פיל מעטאַפיזישע און ממש טעאָלאָגישע סובטעלקייטן". — דאָס איז ניטש, טייערע, אַזוי לייכט גלייך צום באַנעמען. איך פיל אָבער אַרויס מיטן אינסטינקט און אינטואיציע, אַז דאָס זענען אַלץ מאָנומענטאַלע געדאַנקען. לייכט איז שוין, פאַרשטייט זיך, צו פאַרשטיין אַזאַ זאָג: „די מאָראַלישע באַציונג פון די פּריצים צווישן זיך, איז אַנדערש ווי זייער מאָראַלישע באַציונג צו זייערע שקלאַפן. אַזוי אויך דער פאַבריקאַנט צו זיינע אַרבעטער". דאָס איז אין פלוג, דאַכט זיך, גאָרניט געזאָגט, אָבער ווער פון אונז, — אַז מען האָט אים געזאָגט, אַז די מאָראַל איז אַ קלאַסן-מאָראַל, ניט קיין אַלמענטשלעכע, — האָט געוואָלט פון דעם הערן? און שוין דער איינער זאַץ לעזט דאָס לייכט און אַנטשידן אויף. אויב איך האָב שוין דערמאָנט אַריסטאָטעלעסן — האָב איך אַמאָל געזאָגט פאַר חברים, אַז צווישן אַריסטאָטעלעס און מאַרקסן איז נאָך דער אונטערשיד, וואָס יענער איז נאָר געווען בלויז קאַלטער פילאָזאָף און מאַרקס איז נאָך דערצו אַ ברענענדיקער און שטורמישער קעמפער.

— און פונדעסטוועגן וועט ער ביי דעם „קאַפּיטאַל" ניטש פאַרדינען אפילו אויף די ציגאַרן, וואָס ער האָט אויסגערויכערט ביי דער אַרבעט.

— דו ווייסט, באַקונין זאָגט אויך פּרעכטיקע געדאַנקען, אָבער נאָר פּרעכטיקע. לעצטנס שוין אַפילו, אונטער דער השפּעה פון מאַרקסן, האָט ער זיך געענדערט. דו האָסט דאָך, לאַורכען, דאַכט זיך, אַ נייגונג צו ליטעראַטור, וועל איך דיר ציטירן

עטלעכע געדאַנקען באַקונינס — איך האָב זיי מיר פאַרצייכנט: „די וויסנשאַפטלער אַלס אַזעלכע, האָבן נישט קיין זין פאַר אינ-דיווידועל-לעבעדיקע באַשעפענישן, זיי פאַרשטייען זיך נאָר אויף דאָס אַלגעמיינע. די וויסנשאַפטלער בילדן אַ קאַסטע, וואָס האָט פיל ענלעכקייטן צו דער קאַסטע פון גלחים. די וויסנ-שאַפטלעכע אַבסטראַקציע איז זייער גאָט און די לעבעדיקע און ווירקלעכע יחידים זענען די קרבנות. די קונסט איז דאָס אומ-קערן זיך פון דער אַבסטראַקציע צום לעבן. די וויסנשאַפט דאַ-קעגן, איז דאָס שטענדיקע מקריב זיין דאָס לעבן אויפן מזבח פון דער אַבסטראַקציע". אָדער: „בלויז די מוזיק האָט אַ פּלאַץ אין דער איצטיקער וועלט, ווייל זי וויל קיינמאָל נישט זאָגן קיין שום באַשטימטעס. זי דריקט נאָר אויס די אַלגעמיינע שטי-מונג, די גרויסע שמערצלעכע בענקשאַפט. און דעריבער מוז זי אויך זיין אַ טראַגישע קונסט". אַלץ שיין געזאָגט, נאָר צום סוף, נאָכן אַנטלויפן פון סיביר, האָט ער אָנגעהויבן זיך שטאַרק פאַר-נעמען מיט מאַטעמאַטיק. ער וויל — זאָגט ער — שוין ווערן רעאַל. מען זאָגט, אַז דאָס איז אונטער דיין פאָטערס השפעה.

— מיין פאָטער פאַרגעטערט מאַטעמאַטיק. ער האַלט, אַז קיין שום זאַך קאָן נישט זיך נישט שטיצן אויף דער מאַטעמאַ-טיק. אין מינוטן פון דעפּרעסיע — נעמט ער זיך צו אַלגעברע.

— איז ער מוזיקאַליש, דיין פּאַפּאַ?

— דו ווייסט דאָך, מיר רופן אים נישט פּאַפּאַ, נאָר מערסטנס — נעגער. און גראָד אין דער פּאַרטיי, ווען ער איז נאָך קיין דרייסיק יאָר נישט אַלט געווען, האָבן אים די אַרבע-טער שוין גערופן פּאַפּאַ. צי ער איז מוזיקאַליש? גאַנץ אָפט ווי ער זינגט זיך אונטער ביי דער אַרבעט פּאָלקס-לידלעך. אַמאָל, אין אַ געשפּרעך מיט אַן ענגלישן חבר, האָט ער, געדענק איך, זיך גערייצט מיט יענעם, אַז די ענגלענדער האָבן נישט אַרויס-געגעבן קיין איין מוזיקער און די דייטשן — אַזעלכע טאָן-קינסטלער-גאונים ווי בעטהאָווען, מאָצאַרט, הענדל און היידען.

— גערייצט זיך מיט יענעם — זאָגסטו? וועל איך דיר שוין לייענען נאָך אַן אויסצוג פון אַ דייטשיש-אַמעריקאַנישע צײַ-

טונג. איך האָב אַ מאַסע אויסשניטן און אויסצוגן פון אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו אונזער פאָטער. קאַרל שנורץ באַשרייבט דאָרט אַ באַגעגעניש מיט מאַרקסן (ער איז, פאַרשטייט זיך, אַ קעגנער פון מאַרקסן): „ער איז אַ שטאַרק־געבויטער מאַן, מיט ברייטע שולטערן, טיף־שוואַרצע האָר און שוואַרצער באָרד. ער האָט אַ שם פאַר אַ גרויסן געלערנטן. ער רעדט באַדייטונגספול, לאָגיש און קלאָר. אָבער איך האָב נאָך נישט געזעען קיין מענטש, וועמענס האַלטונג זאָל זיין אַזוי אומדערטרעגלעך. יעדער וואָס ווידערשפרעכט אים, באַהאַנדלט ער מיט פאַראַכטונג. אויף יעדן אַרגומענט, וואָס אים געפעלט נישט, ענטפערט ער מיט בייסנדיקן חוזק. ער פאַרדאַמט יעדן, וואָס וואַגט זיך קעגנצושטעלן זיינס אַ מיינונג. מיט זיין פירונג שטויסט ער אָפּ אַ סך מענטשן, וועלכע וואָלטן זיכער געוואָרן זיינע אָנהענגער".

— ס'איז נישט ריכטיק. ער באַציט זיך זייער בראַוו און מילד צו יעדן איינעם. ער וויל נאָר נישט מאַכן דער עפנטלעכקייט קיין שום קאָנצעסיעס. ער איז ביי די אַרבעטער זייער באַליבט. ער האָט זיך ליב ביי זיי אויסצופרעגן פאַרשיידענע מיינונגען, שמועסט זיך מיט זיי דורך, גיט זיי צו פאַרשטיין, בעט מען זאָל אים אַלץ פרעגן, נישט פאַרבאָרגן — מיין פאָטער זאָל זיך רעכענען מיט יעדן צייטונגס־שמירער און גיין אים אויף דער האַנט?

— איך קאָן זיך נאָך אויך נישט קיין עצה געבן, ליבע לאַורא, מיט דעם פרייהייטס־באַגריף. איך לייען איצט העגעלן, זאָגט ער דאָרט: „אַזוי גוט ווי די סובסטאַנץ פון מאַטעריע איז די שווערקייט, אַזוי איז די סובסטאַנץ פון גייסט — פרייהייט" עס געפעלט מיר.

— צי נעגירן מיר דען די פרייהייט? פאַרקערט, מיר קעמפן פאַר איר, מען וויל נאָר נישט קיין פאַרקריפּלטע פרייהייט. ווי אַזוי קאָן די בורזשואַזיע געבן פרייהייט, ווען זי מוז, זי איז געצווונגען צו אונטערדריקן. מען דאַרף זיך *נעמען* די פרייהייט, אָבער דאָס קאָן מען נאָר מיטן גלייכצייטיקן איבערנעמען די מאַכט.

— בראוואָ, לאַורא, דו דענקסט אַנאַליטיש, דו ביסט, זע איך, מער ווי אַ שאָטן פון דיין פאָטער — אַלזאָ, אַזוי רעדט די גרעטכן פון אַכצנהונדערט זיבנאונזעכציק! אמת, דער אמת איז דער זון פון זיין צייט.

— געדענקסטו נישט פון „פאַוסט״? —
„מיין פריינט, די צייטן פונם עבר,
זענען אַ בוך מיט זיבן חתימות;
וואָס ביי דיר דער גייסט פון דער צייט הייסט,
דאָס איז אין גרונט — דיין אייגענער בעל-דבר.
דער שפיגל—דאָס ביסטו—און האָב נישט קיין תרעומות״

— בראוואָ, לאַורא, פּרעכטיק. ווייסט, מיין טייערע, וואָס. עס איז מיר איצט איינגעפאַלן? דיין פאָטער רופט מען נעגער — אָבער איך בין דאָך אַן אמתער נעגער. מיין באָבע איז געווען אַן עכטע מולאַטין. דיין פאָטער זאָגט דאָך: „איך מוז אויסבילדן אַזעלכע מענטשן, וועלכע זאָלן קענען נאָך מיר פירן די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע״. — איז, דאַכט זיך, אַז איך וועל אויך זיין צווישן די. איך פּאַס זיך דערצו, האַ, לאַורכען?

די זון האָט העל געשיינט, אַ לייכט ווינטל שפּילט זיך מיט לאַורעס האָר, זי האַלט אין האַנט אַ צווייגל און שפּילט זיך דערמיט.

— דו האָסט דערמאָנט העגעלס געדאַנק וועגן פרייהייט. געדענקסטו אויך די שטעלע? „די מלוכה איז דער לעצטער און העכסטער ציל פון דער מענטשהייט״. דער גערמאַניזם, די פּראָטעסטאַנטישע קירך און די פּרייסישע מלוכה זענען פאַר אים דער העכסטער אויסדרוק פון וועלט-גייסט.

— ווייסטו כאָטש, לאַורא, אַז העגעל האָט אָנגעהויבן האַלטן זיינע בארימטע פאָרלעזונגען אין יאָר אַכצנהונדערט אַכצן, אין דעם יאָר, ווען ס׳איז געבוירן געוואָרן דיין פאָטער?

— די וועלט איז שיין, אמת, פּאָול?

— וועל איך דיר ווידער ציטירן העגעלן: „ווער ס׳קוקט

אויף דער וועלט פאַרנונפטיק, אויף דעם קוקט די וועלט אויך פאַרנונפטיק".

**העלענע האָט דורכן פענסטער זיי גערופן צו מיטאָג.**

„ליבער קוגעלמאַן! איך וואָלט אייך וועלן מאַכן אויפמערקזאַם אויף באַרקהיימס בראָשור „מיין רעדע אין זשענעווע". ער האָט זי אָפּגעדרוקט אין פיר שפּראַכן — פראַנצויזיש, דייטש, ענגליש און רוסיש. ער שיקט זי פאַנאַנדער אין עלעגאַנטער פאַרפּאַקונג צו אַלע רעדאַקציעס. מיט דעם ביכל קאָן ער אַ סך שאָדן ברענגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל" און אויך מיר. אין דעם ביכל געפינט זיך אויך אַ הקדמה, געשריבן אין באַראָק-סטיל, מיט פליטערלעך און איז איבערגעלאָדן מיט נישט קיין געשמאַקע ציטאַטן. באַרקהיים איז אַ פעיִקער מענטש, אפילו אַ מענטש פון סובטעלן גייסט, נאָר איין זאַך — טאָמער נעמט ער די פעדער אין דער האַנט אַריין, איז — ווינד און וויי! עס פעלט אים טאַקט, געשמאַק און מאָס. ער איז ענלעך צו די ווילדע, וועלכע מיינען, אַז זייער פּנים לייכט פון שיינקייט — ווען זיי טאַטואירן דערויף אויס די פאַרשידנסטע קאָלירן. די באַנאַלקייט און דער געצוווּנגענער הומאָר פלאָנטערן זיך אים צווישן די פיס. יעדער זאַך ביי אים איז פאַרפּוצט מיט פּאַיאַץ-גלעקלעך. איך קאָן אים נישט אַזוי לייכט דיסקרעדיטירן, ווייל ער איז אַן אויפריכטיקער און איבערגעגעבענער קעמפער פאַר דער אַרבעטער-זאַך. ער איז אויך מיינס אַ פערזענלעכער פריינט און ביי דער פאָגט-אַפערע האָט ער מיר אַ סך מיטגעהאָלפן. ווען איך קום מיט אַ בוך, וואָס איך האָב אַזוי שווער געהאָרעוועט דערביי (עס איז זיכער קיינמאָל נישט געוואָרן אָנגעשריבן אַזאַ בוך אין אַזעלכע באַדינגונגען) און דאָס בוך איז דאָך עלול צו דערהויבן די אידעע און די פּאַרטיי צו אַ העכערער מדרגה — קומט אַ פּאַרטיי-חבר און פאַרשטאָפּט דעם וועג מיט אַ שלעכט און שרייאיק ביכלטשינע.

דאָס פאַרענדיקן דעם צווייטן און דריטן באַנד „קאַפּיטאַל" איז אָפּהענגיק פון דעם דערפאָלג פון דעם ערשטן באַנד.

איך מוז דאָך האָבן צו דער ווייטערדיקער אַרבעט געלט און רו. איך מיין, אַז אויף אַ גרונטלעכער קריטיק איבער דעם בוך, צי פון פיינט, צי פון פריינט, וועל איך דאַרפן לאַנג וואַרטן. (אין דייטשלאַנד, ווי איר ווייסט, קאָן מען דאָך ווערן ערשט באַרימט דאַן, ווען מען איז שוין באַרימט אין אויסלאַנד). דאָס בוך איז דאָך גרויס (800 זייטן), טיילווייז אויך שווער און כדי דאָס גוט איבערצולייענען און גוט עס צו פאַרדייען — דאַרף לאַנג דויערן. דעריבער מיין איך, אַז דער צייטווייליקער דער־פאָלג דאַרף זיך אויסדריקן (גערעדט אָן באַהעלטנישן) אין דעם אויפהויבן אַ טומל אַרום דעם בוך, פויקן, טרומפייטערן און דאָס וועט שוין אויך צווינגען די שונאים זיך אָנצורופן. עס גייט מיר איצט נישט אין דעם — וואָס מען וועט רעדן וועגן דעם ווערק, נאָר אַבי רעדן. פאַרלירט־זשע, פריינט, נישט קיין צייט.

האַרציקע גרוסן פאַר אייער פרוי. די טעג וועל איך איר צושיקן אָנווייזונגען ווי אַזוי צו לייענען מיין בוך.

אייער איבערגעגעבענער קאַרל מאַרקס".

„ליבער פרידריך! דאָס פאַרשווייגן מיין בוך מאַכט מיך אומרויק און נערוועז. אַנדערע מענטשן קאָנען, ווייזט אויס, נישט ווי געהעריק פירן די פראָפּאַגאַנדע. מען וועט דעריבער מוזן טון ווי די רוסן — וואַרטן. געדולד איז דער קערן פון דער רוסישער דיפּלאָמאַטיע און פון איר דערפאָלג. אָבער אַזאַ אונזעריקער, וועלכער לעבט נאָר איין מאָל, קאָן דערוויילן פּגרן.

איך האָב צוגעשיקט אַ בוך אין דער אומפּאַרטייאישער, קאַטוילישער צייטונג „סע קראָניקל". אַ קאַטויליש בלאַט, אָבער שרייבט אַ סך איבער דער דייטשער פילאָזאָפיע און פילאָלאָגיע. איך האָב בייגעלייגט אַן אויסצוג פון די קאַפּיטלען און אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם וויסנשאַפטלעכן ווערט פון דעם בוך. איך האָב זיי צוגעשריבן, פאַרשטייט זיך, אַז אידעיִש איז עס גאָר ווייט פון זיי".

„ליבער קוגעלמאַן! „דער קוריער פראַנסע“ (פּאָפּולערסטע טאָג-צײַטונג אין פּאַריז) און די „ליבערטע“ אין בריסל, האָבן פאַרעפנטלעכט די הקדמה פון „קאַפּיטאַל“ און אויך מיר געמאַכט אַ פּאָר פײַנע קאָמפּלימענטן. איך האַלט, אַז איר, ליבקנעכט, בעקער און אַלע אַנדערע דאַרפט אויף די אַרבעטער-פאַרזאַמלונגען מאַכן אויפמערקזאַם אויף דעם בוך און עס ווי געהעריק באַלויכטן. וואָרן אַז נישט, וועלן דאָס, מסתמא, אויסכאַפּן די לאַסאַליאַנער און זיי וועלן זיך שוין באַמיען דאָס בוך צו פאַרקריפּלען.

איר וועט אַזוי גוט זײַן אָנווײַזן אײַער פרוי, אַז זי דאַרף קודם-כּל לייענען (דאָס וועט איר נישט שווער אָנקומען) די קאַפּיטלען: „וועגן אַרבעטס-טאָג“, „קאָאָפּעראַציע, אַרבעט-פאַרטיילונג און די מאַנופאַקטור“ און אויך „די אורשפּרינגלעכע אַקומולאַציע“. וואָס שייך דער טערמינאָלאָגיע, וועט איר שוין אַזוי גוט זײַן און איר אַרויסהעלפן. אויב זי וועט האָבן אַנדערע פראַגן — בין איך איר גרייט צו דינען“.

צו מאַרקסן קומט אָן אַ בריוו פון אַ דײַטשן גאַרבער-אַרבעטער פון פּעטערבורג. ער שרײַבט אים זײַן מיינונג וועגן „קאַפּיטאַל“. „צום הערן דאָקטאָר קאַרל מאַרקס אין לאָנדאָן. איר וועט מיר אַנטשולדיקן, וואָס נישט קענענדיק אײַך, דערלויב איך זיך אײַך איבערצושיקן דעם טיפסטן דאַנק פאַר אײַערע אומשאַצבאַרע פאַרדינסטן פאַר דער וויסנשאַפט און ספּעציעל — פאַר דעם אַרבעטער-קלאַס. שוין פון מײַן פריעסטער יוגנט אָן ווײַ איך לייען אַלע אײַערע אַרטיקלען און שריפטן, און גיכער האָב איך אײַך באַנומען מיט אינטואיציע ווי מיטן פאַרשטאַנד. איך האָב אָבער איבער דער צײַט אַ סך געלעזן און שוין איצט באַקומען די נויטיקע קלאָרקייט. אײַער לעצט ווערק, וואָס איז איצט דערשינען אין האַמבורג, שטויסט מיך צו דער שטאַרקער נישט-באַשיידנקייט, אײַך אויסצודריקן מײַן טיפסטע אַכטונג, אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט. דאָס ערשטע העפט פון „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע“ האָט מיר אויך אַזויפיל

געגעבן, וויפל ס׳האָט מיר נאָכנישט געגעבן קיין שום אַנדער ווערק. דערפאַר האָב איך שוין אַזוי מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אייער וויכטיקסטע ווערק. אַלזאָ, איר האָט אין דעם לעצטן ווערק אייערן — צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אַרויסגע־זאָגט אַזוי קלאָר, אומבאַשטרייטבאַר, וויסנשאַפטלעך דאָס, וואָס וועט שוין פון איצט אָן זיין די באַוווסטזיניקע טענדענץ פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג. דאָס איז דיין אומשטערבלעכער פאַרדינסט, מיין הער! די צוקונפט וועט דיר געבן, זי מוז עס געבן — די גרעסטע אָנערקענונג. אייערע דערגרייכונגען וואַקסן ווייט אַריבער אונזער עפּאָכע!

יאָזעף דיטצגען, גאַרבער־אַרבעטער, פּעטערבורג, 24 אָקטאָבער—7 נאָוועמבער, 1867״.

„ליבער קאַרל! מייסנער וויל דיר צושיקן אַלע רעצענזיעס, אַז דו זאָלסט מאַכן דערפון אויסצוגן און צונויפשטעלן אַן אַנאָנס. דיין נייער געשוויר געפעלט מיר נישט. מסתמא האָט אים לאַפאַרג שוין דיר אויסגעשניטן. די אידעע פון קוגעלמאַן, צו שיקן דיינס אַ פאָטאָגראַפיע אין די לייפּציקער אילוסטראַציע־בלעטער געפעלט מיר. אַזאַ סאָרט רעקלאַמע דרינגט אַריין צום פיליסטער טיף ביזן האַרץ אַריין. שיק־זשע דעריבער צו אַלץ וואָס ער דאַרף״.

„פרידריך! דאָס איז שוין צופיל. איך האַלט דאָס פאַר נישט־נוצלעך און אַפילו פאַר שעדלעך. דאָס איז אויך אומווירדיק פאַר אַ וויסנשאַפטס־מאַן.

לעצטנס האָט מען זיך צו מיר געווענדעט פון מעערס אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע, אַז איך זאָל זיי צושיקן מיין ביאָגראַפיע און מיין בילד. נישט נאָר וואָס איך האָב דאָס נישט צוגעשיקט, נאָר אַפילו אינגאַנצן נישט אָפּגעענטפערט. יעדערער מוז זיך זוכן זיין תּיקון אויף אַזאַ אופן, וואָס איז פּאַסיק דווקא פאַר דעם און נישט פאַר קיין אַנדערן״.

ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן רעצענזיעס נאָך רע־צענזיעס.

אַרנאָלד רוגע האָט געשריבן: „עס איז אַן עפּאָכע־מאַכנ־דיק ווערק. עס וואַרפט אַ פלאַמיק און דורכדרינגלעך ליכט אויף דער אַנטוויקלונג, גסיסה און געבורט־ווייען פון דער געזעל־שאַפטס־אָרדענונג. עס איז אַ קלאַסיש ווערק״.

פייערבאַך האָט געשריבן: „דאָס בוך איז רייך מיט אומ־באַשטרייטבאַרע, אומגעהויער־אינטערעסאַנטע, שווידערלעכע אמתן״.

„ליבער קוגעלמאַן! איך וואָלט שוין וועלן פאַרטיק ווערן אויך מיט די ווייטערדיקע, פאַרשאָלטענע צוויי בענדער, נאָר איך זע נישט דערווייל קיין מעגלעכקייט.

צום סוף חודש וועט מיין טאָכטער נומער צוויי חתונה האָבן מיט פּאָול לאַפאַרג.

אין רוסלאַנד גרייט מען זיך שוין איבערצוזעצן מיין „קאַפּיטאַל״. כאַראַקטעריסטיש, אַז גראָד די רוסן באַציען זיך צו מיר מיט דער גוואַלטיקסטער סימפּאַטיע. דאָס פרייט מיך זייער״.

ג

„ליבער קארל מארקס! ווערנא האט מיר מיטגעטיילט דעם טייל פון דיין בריוו, וואס איז נוגע מיר. דו פרעגסט אים, צי איך פארבלייב נאך דיין פריינט. יא, מער נאך ווי פריער, ליבער מארקס! איך פארשטיי איצט מער ווי ווען נישט איז, אז דו ביסט גערעכט דערמיט, וואס דו גייסט מיטןברייטן שליאך פון דער עקאנאמישער רעוואלוציע און רופסט אונז אויף איר ארויפצוגיין. און וואס דו רייסט ארונטער די יעניקע פון אונז, וועלכע לאזן זיך פארפירן אויף די זייטיקע סטעזשקעלעך פון נאציאנאלע, אדער אויסשליסלעך פאליטישע אקציעס. איך טו איצט דאס זעלבע, וואס דו טוסט שוין אין פארלויף פון צוואנציק יאר. זינט מיין עפנטלעכן און פייערלעכן געזעגענען זיך מיט די בורזשויען פון בערנער קאנגרעס, האב איך נישט קיין אנדערע געזעלשאפט און קיין אנדערע סביבה, ווי די וועלט פון ארבעטער — מיין פאטערלאנד איז פון איצט אן דער „אינ-טערנאציאנאל", וואו דו געהערסט צו די טאלאנטפולסטע זיינע גרינדער. דו זעסט, ליבער פריינט, אז איך בין דיין תלמיד און איך בין שטאלץ דערמיט. איך מיין, אז דערמיט האב איך דיר גענוג דייטלעך דערקלערט מיין שטעלונג און מיינע פער-זענלעכע געפילן.

דיין איבערגעגעבענער מיכאיל באקונין".

„ליבער קוגעלמאן! מיט דער פראגע, צי אייער פרוי נעמט אנטייל אין דער עמאנציפאציע-קאמפאניע — האב איך נאר געמאכט א שפאס. אגב, אויפן „אינטערנאציאנאל" האבן, דאכט זיך, די פרויען זיך נישט וואס צו באקלאגן — צום גענעראל-

ראַט פֿונם „אינטערנאַציאָנאַל‟ געהערט אַ פּרוי. אויך דער אַמעריקאַנער אַרבעטער-קאָנגרעס האָט לעצטנס טראַקטירט די פּרויען מיט פֿולער גלייכבאַרעכטיקונג און נישט ווי די ענגלענדער, און נאָך מער די העפֿלעכע פֿראַנצויזן, וועלכע זענען נאָך אויף דעם געביט פֿול מיט איינגליבע. יעדער וואָס קען געשיכטע ווייסט, אַז קיין שום רעוואָלוציע האָט נישט געקאָנט פֿאָרקומען אָן דעם פֿערמענט פֿון די פֿרויען. דער פֿאָרשריט פֿון דער געזעלשאַפֿט קאָן זיך מעסטן מיט דער געזעלשאַפֿטלעכער שטופֿע פֿון שיינעם געשלעכט (נישט אויסשליסנדיק אויך קיין מיאוסע פֿרויען).

ביז איצט האָט מען געמיינט, אַז די קריסטלעכע לעגענדן פֿון די צייטן פֿון דער רוימישער הערשאַפֿט האָבן נאָר דערפֿאַר געקאָנט אַנטשטיין, ווייל עס זענען נישט געווען קיין מעכאַנישע דרוקערייען — אַ טעות, פּונקט פֿאַרקערט! די פּרעסע און דער טעלעגראַף, וועלכע צעשיקן אין איין מינוט ידיעות דער גאַנצער וועלט — פֿאַבריצירן מער לעגענדן און באָבע-מעשיות אין איין מינוט, וואָס דעמאָלט, אין יענע צייטן, וואָלט דאָס באַדאַרפֿט דויערן גאַנצע יאָרהונדערטער‟.

„ליבער פֿרידריך! שוין אַלט געוואָרן פֿופֿציק יאָר. און ווי יענער פּרייסישער לייטנאַנט פֿלעגט זאָגן: „שוין צוואַנציק יאָר אין דינסט און נאָך אַלץ לייטנאַנט‟ — אַזוי קאָן איך זאָגן — אַ האַלבן יאָרהונדערט שוין אויף די פֿיס און נאָך אַלץ — קבצן.

נעכטן איז געווען ביי מיר דער לייבל כאַראַס. איך פֿרעג אים וועגן די יידן-פֿאַרפֿאָלגונגען, ער יאָמערט עטוואָס, אָבער אַזוי שלעכט שיינט עס נישט צו זיין. מיר „מוזן‟ — זאָגט ער — אַלץ דולדן, מיר יידן האָבן דאָך נישט די מאַכט.

ביידע מיידלעך קראַנק אויף שקאַרלאַטין‟.

„ליבער מאָר! אַ גאַנצן טאָג האָב איך קאָפּ-ווייטיק צוליב

דער ידיעה, אַז דיינע טעכטער זענען קראַנק אויף שקאַרלאַטין. שרייב, אָדער טעלעגראַפיר ווען דו דאַרפסט עפּעס".

אין בריסל קומט שוין פאָר דער דריטער קאָנגרעס פונם „אינטערנאַציאָנאַל".

אַ כוואַליע פון שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס אין גאַנץ אייראָפּע.

ביי אַ דעמאָנסטראַציע אין בריסל זענען געפאַלן אַ סך געהרגעטע. דער „אינטערנאַציאָנאַל" גיט אַרויס וועגן דעם אַן אויפרוף (געשריבן דורך מאַרקסן): „די ערד-קויל מאַכט נישט דורך אַזוי נאָרמאַל און זיכער איר יערלעכן קרייז אַרום דער זון, ווי די בעלגישע רעגירונג פירט דורך יעדעס יאָר אירע נאָרמאַלע אַרבעטער-שחיטות".

„ליבער פרידריך! שוין אַכט טעג, ווי איך מאַך נישט צו קיין אויג — האָב גאַל-ברעכעניש".

„ליבער מאָר! איצט איז די פראַגע, צי איז נישט נויטיק שוין איצט, אַז דו זאָלסט מאַכן פאַר די אַרבעטער אַ פּאָפּולערן קיצור פון דיין בוך? וואָרן טאָמער וועסט דו עס נישט טון, קאָן קומען אַ וועלכער עס איז מאַזעס און עס פאַרפּאַסקודזשען.

איך וויל אויך, ליבער מאָר, אַז דו זאָלסט מיר אין נעכסטן בריוו ענטפערן גענוי אויף די אַלע פראַגן: 1) וויפל ביסטו אַרום און אַרום שולדיק, אַז דו זאָלסט אָנהויבן פון אַ ריינעם טיש. 2) צי קענסטו דורכקומען מיט 350 פונט אַ יאָר (אויסער קראַנק-הייטן און ספּעציעלע, נישט-פאָרויסגעזעענע זאַכן). מיין שותּף וויל מיר אויסצאָלן אַ געוויסע סומע, אַז איך זאָל פינף יאָר נישט עפענען קיין קאָנקורענץ-געשעפט. די סומע פון 350 פונט יערלעך (אויסער עקסטרע אויסגאַבן) קאָן איך דיר פאַרזיכערן דערווייל אויף אַ פינף-זעקס יאָר".

„ליבער פרידריך! איך בין גערירט און איבערגענומען פון דיין גוטסקייט. שולדיק בין איך איבער צוויי הונדערט פונט. דאָס נעמט זיך, ראשית, דערפון, וואָס ווען לאַפאַרג איז דאָ ביי

מיר געווען, איז מיר אַ סך מער אַוועקגעגאַנגען, און צווייטנס — די צינזן פון די חובות און די פאַרשידענע שטייערן. די סומע פון 350 פונט וועט מיר גענוגענען. ווי נישט איבעריק ס׳איז מיר לעצטנס — קאָנסטו זען דערפון, וואָס זשענכען האָט אָנגענומען אונטעריכט אויף אַ גאַנצן טאָג ביי אַ געוויסער שאָטלענדישער פאַמילע. מען קאָן איר אָבער אָפּזאָגן צו יעדער רגע — אַזוי איז געוואָרן אויסגענומען.

ווי פאַרנאַרישט איז דער בעקער, ווען ער מיינט, אַז באַקונין האָט ווירקלעך דערפונדן עפּעס אַ פּראָגראַם.

לאַפאַרג שרייבט מיר, אַז אַ פּאָליציי-אַגענט איז שוין געווען ביי אים פרעגן, ווען איך קום צו פאָרן קיין פּאַריז. זיי כאַפּן, ווייזט אויס, איבער די בריוו. זאָל איך אפשר ווערן ענג-לישער בירגער, כדי צו קאָנען זיין זיכער מיט מיין רייזע קיין פּאַריז? די קינדער פאָרן צו לאַורען נאָך פּאַריז. לאַפאַרג האָט מיר אויך צוגעשיקט אַן איבערזעצונג פון „קאָמוניסטישן מאַ-ניפעסט", איך שיק דיר איבער דעם מאַנוסקריפּט".

„דעם „מאַניפעסט" שיק איך דיר צוריק, אָבער זאָל לאַפאַרג פריער מאַכן זיין עקזאַמען".

„ליבער פרידריך! איך לייד שוין ווידער אויף דער לע-בער. יעדער פרילינג אַזוי. שוין אַכט טעג נישט געראויכערט, לויט דעם קאָנסטו שוין פאַרשטיין ווי איך פיל זיך".

„איך קאָן ליידער נישט קומען צו דיר קיין מאַנטשעס-טער, ווייל זשעני האָט הוסט און זי מוז נאָך דערצו פאָרן קיין פּאַריז אָפּנעמען לעאָנאָרען. אויך האָט דער „אינטערנאַציאָנאַל" צו דערליידיקן עטלעכע זאַכן, וואָס אָן מיר וועט עס נישט געמאַכט ווערן".

„מאָר! הוראַ! איך בין שוין אויס סוחר! איך בין שוין אַ פרייער מענטש!"

„איך גראַטולירן דיר, ליבער פרידריך, צו דיין ווערן אויס מצרישער שקלאַף. איך האָב אויסגעטרונקען צו דער שמחה אַ גלאָז וויין".

„ליבער פרידריך! איך בין שוין דאָ צוריק פון פּאַריז. זעקס טעג דאָרט געווען. איך האָב זיך איינגעמאָלדן אַלס ווילי־יאַמס און דער אינקאָגניטאָ איז מיר געלונגען. פּאַריז איז כּמעט ווי נישט פאַרענדערט, נאָר די פרויען זענען געוואָרן העסלע־כער. וואָס מאַכט מיין לעאָנאָרע און ווי פילט זי זיך ביי דיר?"

„לעאָנאָרע־טיסכען שפּילט פּרעכטיק קלאַוויר. איך האָב איר געגעבן צו לעזן „עגמאָנט". זי איז איצט אַוועק אָנקוקן דעם דורכפאָרנדן פּרינץ פון אועלס".

„ליבער פרידריך! איך האָב שוין מיט מזל ווידער גע־קריגן אַ געשוויר. און דאָ איז אַזאַ היץ! און איצט איז מיר נאָך צוגעקומען אַ פרישער „פּאַמיליאַרער" עול, און נעמלעך — זינט אַ געוויסער צייט באַמערק איך, אַז מיין פרוי קומט עפּעס נישט אויס מיטן געלט, כאָטש די אויסגאַבן זענען נישט גע־וואַקסן. איך וויל אָבער אומבאַדינגט נישט אַריינפאַלן אין קיין חובות און איך בעט, זי זאָל מיר אויפקלערן וואָס דאָ קומט פאָר. וואָס ווייזט זיך אַרויס? ביים אויפגעבן דיר די חובות האָט זי אַראָפּגעשלונגען 75 פונט, זי האָט מורא געהאַט מיטאָמאָל דיר אויפצוגעבן אַזאַ גרויסע סומע. וואָס עס הייסט ווייבערישע נאַ־רישקייט? די ווייבער דאַרפן נאָר שטענדיק האָבן איבער זיך אַ פּאַטראָן.

זשענכען האָט אָפּגעאַרבעט ביי די שאָטן אַ האַלב יאָר און נאָך אַלץ קיין געלט נישט געקריגן. זיי האָבן פיינט געבן באַר געלט — די שאָטן.

דער באַקונין וויל, ווייזט אויס, ווערן דיקטאַטאָר פון דער איראָפּעיִשער אַרבעטער־באַוועגונג — נישט אַנדערש."

„פרידריך! שוין ווידער אַ געשוויר. זשענכען שוין אָפּגענו־מען דאָס געלט ביי די שאָטן. דאָס ליבע קינד פילט זיך גליקלעך מיט דעם אייגענעם פאַרדינסט.

הייבצען גלויבט, אַז איך האָב געשריבן „קאַפּיטאַל" בלויז צוליב דעם, כּדי ער זאָל דערין גאָרנישט פאַרשטיין".

אַ גרופּע אירלענדישע נאַציאָנאַליסטן איז באַפאַלן אַ פּאָליצייאיש קעטשל, אין וועלכן מען האָט געפירט זייערס אַ חבר. דאָס קעטשל איז צעהאַקט געוואָרן, 1 פּאָליציאַנט דערשאָסן געוואָרן און דער אַרבעטער באַפרייט. דער פּאָליצייאישער קאָמוניקאַט האָט גלייך באַשולדיקט אין דער אַקציע דעם „אינטערנאַציאָנאַל". אויף די אירלענדער איז געוואָרן אַ ווילד געיעג און מען האָט זיי שווידערלעך געפּייניקט אין די תּפיסות. זשענכען האָט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל אין דער פּאַריזער „מאַרסיליעזע" און דערציילט דאָרט וועגן די ענוים אין די תּפיסות. זי האָט זיך אונטערגעשריבן — וויליאַמס. דאָס אַרטיקל האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען און די ענגלישע רעגירונג איז מילדער געוואָרן צו די אירלענדישע קעמפער.

אַרום פערטן קאָנגרעס פון „אינטערנאַציאָנאַל" טומלט זיך שטאַרק אין די אייגענע רייען. די הויפּט-קאַמפּאַניע פירט באַקונין. העס שרייבט: „באַקונין איז טאַקע אַן אויפריכטיקער רעוואָלוציאָנער, אָבער זיין סביבה איז אַ שטאַרק פאַרדעכטיקע און דערפאַר קאָן מען שוין אויך צו אים נישט האָבן קיין צוטרוי". ענטפערט באַקונין: „וואָס טומלען אַזוי שטאַרק די דייטשע זשידעס העס און באָרקהיים? וואָס ווילן זיי (אַן אויסנאַם איז נאָר געוועזן לאַסאַל און איצט מאַרקס) די יידישע קאַרליקעס?"

וועגן קאָנגרעס פון אינטערנאַציאָנאַל ווערט אויספירלעך געשריבן אין דער גאַנצער וועלט-פּרעסע.

די שטרייקן און די דעמאָנסטראַציעס פאַרשטאַרקן זיך נאָך מער. אין די אויפרופן צו די שטרייקנדע ווערן אָפט ציטירט שטעלן פונם „קאַפּיטאַל".

די פּאָליציי אין פּאַריז אינסצעניזירט אַן אַטענטאַט און מיט גרויס טרעוואָגע באַשולדיקט זי אין דעם דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

דער „אינטערנאַציאָנאַל" לאָזט אַרויס אַן ענטפער:
„מיר אַרבעטן עפנטלעך! אונזער אָרגאַניזאַציע נעמט אַרום

דעם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס. אויב די אַרבעטער-מאַסע קאָנספּי-
רירט — די זעלבע אַרבעטער-מאַסע, וואָס איז די מערהייט אין
יעדן פאָלק, די מאַסע, וואָס שאַפט אַלע ווערטן און רייכטימער
— אויב זי קאָנספּירירט, קאָנספּירירט זי עפנטלעך — פּונקט ווי
דאָס ליכט קאָנספּירירט קעגן דער פינסטערניש! די אַרבעטער
האָבן דעם פולן באַוווסטזיין, אַז אויסער זיי איז נישטאָ קיין
אַנדערע רעכטלעכע מאַכט! די אַרבעטער באַהאַלטן נישט אויס
זייערע מיינונגען. די וועלט געהערט צו זיי און וועט צו זיי
געהערן!"

## וויו־אויסגאַנג־וויו־אונטערגאַנג

1

„ליבער פרידריך! לאַפאַרגס יינגסטע קינד איז גע־שטאָרבן. די סיבה זאָל זיין — די אויסערגעוויינלעכע קעלטן אין פּאַריז.

באַקונין, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק באַקעמפט הערצענען ביים לעבן, שטעלט זיך איצט גוואַלדיק פאַר אים איין, ער דערקלערט זיך ממש אין ליבע דעם טויטן הערצן. ביי דער געלעגנהייט האָט ער שוין אויך געירשנט די 25 טויזנט פראַנק, וואָס הערצן האָט געקריגן אויף פּראָפּאַגאַנדע פון די רוסישע ליבעראַלן.

מיט שאַפּערן האַלט עס זייער שמאָל. איך בין געוועזן ביי אים. ער האַלט זיך זייער מוטיק און וויל באַווייזן, אַז ער האָט נישט קיין מורא פאַרן טויט. ער רעדט זייער אַ סך וועגן טויט. ער רעכנט נאָך צו לעבן נאָר געציילטע טעג. ער לאַכט פון די אַלע, וועלכע ווערן פאַרן טויט פרום.

אויך געוועזן ביי באָרקהיימען — ער איז שווער קראַנק. שרייב אים אַ פּאָר ווערטער, וועט דאָס אים אויפהייטערן. קום צו פאָרן זען שאַפּערן — וועסט אים פאַרשאַפן דערמיט פיל פאַרגעניגן.

איך האָב געקריגן צוגעשיקט פון קוגעלמאַנען צוויי שטיק טאַפּעטן פון לייבניצס אַרבעטס־צימער — עס האָט מיך זייער געפרייט. מען האָט דאָך לעצטנס פאַנאַנדערגענומען דאָס הויז

ווי לייבניץ האָט אַמאָל געווינט, איז דער עולם געקומען כאַפּן אָנדענקונגען. קונעלמאַן האָט געכאַפּט אָט די צוויי טאַפּעטן־שטיק. זיי האָבן אויף זיך עטלעכע בילדער פון דער מיטאָלאָגיע, גע־מאָלן מיט אַ גאַנץ שלעכטן געשמאַק אין סטיל פון לואי דעם פערצנטן. דאָקעגן איז דער שטאָף פון די טאַפּעטן זייער אַ סאָ־לידער און גוטער — דאָס באַווייזט, אַז די אַרבעט אין יענער צייט איז געווען אַ פיל בעסערע, ווי די איצטיקע. איך האָב די ביידע שטיק אויפגעהאָנגען אין מיין אַרבעטס־צימער. דו ווייסט דאָך, ווי איך בין אַ באַווּנדערער פון לייבניצן".

„ליבער מאַר! דאָס צעוואַרפן לייבניצס הויז און זיין צימער איז אמתער וואַנדאַליזם. יעדנפאַלס גראַטולירט איך דיר צוליב דער רעליקוויע.

וואָס שייך באַקונין — איז — רוס בלייבט רוס."

„ליבער פרידריך! באַקונין האָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איך בין ביסמאַרקס אַן אַגענט. ער ווייסט אפילו די סומע, וואָס איך האָב געקריגן — 250 טויזנט פראַנק".

„ליבער קוגעלמאַן! די פּאַריזער לערנען זיך שוין לעצטנס אַקטיוו זייער רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגנהייט — ווייל זיי גרייטן זיך שוין צום נייעסטן רעוואָלוציאָנערן אַקט. עס גייט צו עפּעס!"

2

פּאַריז איז דאָס אור־פייער פון דער רעוואָלוציע.

פּאַריז איז באַלאַגערט פון ביסמאַרקס חיילות.

הונגער אין שטאָט. פערד־פליייש איז געוואָרן אַ נאַש־וואַרג. מען עסט הינט, קעץ און מייז. פרויען, קינדער און אַלטע מענער שטייען גאַנצע טעג און נעכט אין די רייען, וואַרטנדיק אויף אַ ברויטל. דאָס באַקומענע ברויטל איז שוואַרץ טייג, נאַס, קלעפּיק, און נאָכן עסן דרייט עס אויס די געדערים. זויג־קינדער שטאַרבן ביי די ליידיקע, אויסגעטרוקנטע בריסטן פון די מאַמעס. האָלץ וועגט מען אין די געוועלבער אויף קליינע וואָגלעך. אין די שטובן איז נאַס, קאַלט און פינסטער. מענטשן מיט איינגעפאַלענע פּנימער, בליציקע אויגן, שלעפּן זיך אַרום איבער די גאַסן פון פּאַריז, ברומען און מרוטשען. טייל קרעכצן און טייל מאַכן הויכע אויסגעשרייען.

דאָס פאָלק בונטעוועט זיך, די גענעראַלן, מיניסטאָרן זענען אַנטלאָפן, מען גנבעט, מען אינטריגירט, איינער פאַרקויפט דעם צווייטן, מען שאַפט קאָמיסיעס פאַר נאַציאָנאַלער פאַרטיי־דיקונג — און אין זינען האָט מען נאָר, אַז דאָס פאָלק זאָל נישט עפענען דאָס מויל — עפּעס בונטעוועט עס זיך שוין. די הארן האָבן נישט קיין פּאָטערלאַנד — זיי ווילן שליסן שלום מיט ביסמאַרקן, מעג עס זיין פאַרן גרעסטן פּרייז, די גרעסטע קאָנט־ריבוציעס (אויף זייער חשבון וועט עס דאָך סיי ווי נישט גיין) — אַבי דאָס אייגענע פאָלק, די פּאַטעטישע פּראָלעטאַריער זאָלן נאָר נישט קומען צום וואָרט.

די פּאַריזער פאָלקס־מאַסן, די פּאַריזער אַרבעטער זענען שוין גענוג געפּרוווט געוואָרן, זייערע הארן האָבן שוין פון זיי

בענוג בלוט אָפּגעצאַפּט, ווער זיי זיך נאָך איצט ווייטער לאָזן? וועט דאָס נישט איינמאָל פאַר אַלע מאָל נעמען אַ סוף!

---

„זאָל לעבן די קאָמונע!"

ווען די ווערטער זענען געוואָרן אויסגערופן פאַרן פּאַריזער שטאָטראַט — האָבן די אַנטלאָפענע גענעראַלן, מיניסטאָרן, זשורנאַליסטן, קאָקאָטעס, שפּיאָנען זיך שוין געגרייט אין ווערסאַל זיך צוצוקוקן, ווי אַזוי די האַרמאַטן ווערן אָנגעשטעלט אויף פּאַריז — אויף די פאַרשאָלטענע לומפּן, קרעציקע שלעפּער, גנבים, רויבער, וועלכע ווילן גאָר פאַרכאַפּן די מאַכט! ווילן רעגירן מיט פראַנקרייך!

צוויי הונדערט טויזנט מענטשן שטייען פאַרן שטאָט-ראַט. הונדערטער באַטאַליאָנען מיט בלאַנקנדיקע באַגנעטן, באַפּוצט מיט רויטע פרענזלעך און אַ וואַלד פון רויטע פענער. די רעפּובליק-סטאַטוע טראָגט אויפן אַקסל אַ גרויסן, רויטן באַנד. אויף דער עסטראַדע גייט אַרויף ראַנוויע. די מוזיק שאַלט אויף די מאַרסיליעזע און אַ כאָר פון צוויי הונדערט טויזנט שטימען באַגלייט מיט געזאַנג. דער האַרמאַט פון דער קאָמונע פון 1792 גיט אָפּ דריי סאַלוון. עס ווערט שטיל. נאָך ראַנוויע גייט אַרויף דער גאַנצער צענטראַל-קאָמיטעט, אַלע מיט רויטע בענדער איבער די אַקסלען.

— דער צענטראַל-ראַט גיט איבער דער קאָמונע זיינע פולמאַכטן! בירגער! מיין האַרץ איז איבערגעפולט מיט פרייד און איך בין נישט בכוח צו האַלטן קיין רעדע. דערלויבט מיר בלויז אָפּצוגעבן אַ שבח דער באַפעלקערונג פון פּאַריז, וואָס האָט פאַר דער וועלט געוויזן אַזאַ גרויסן ביישפּיל!

עס פּויקן די פּויקן. צוויי הונדערט טויזנט שטימען שאַלן ווידער אַרויס די מאַרסיליעזע. עס בלייבט שטיל.

— אין נאָמען פון פאָלק איז די קאָמונע פּראָקלאַמירט! צוויי הונדערט טויזנט שטימען ענטפערן:

„זאָל לעבן די קאָמונע!"

---

אויף צומאָרגנס האָבן די זשורנאַליסטן־הורן פון דער אונטערוועלט־פרעסע (צווישן זיי גאַנץ חשובע צייטונגען) געשריבן: „צוליב דער שמחה פון דער קאָמונע האָט מען דערהרגעט פיל חשובע און הויכגעשטעלטע לייט. צווישן די מערדער האָט מען אויך באַמערקט פּשוטע מענטשן־פּרעסער. אין אַ קאַפע האָט איינער פון די מערדער זיך באַרימט, אַז נאָכן הרגענען אַ בורזשוי האָט ער אים אַראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ — ער האָט אַפילו ביי זיך יענעמס שאַרבן. אפשר וויל ווער פון די געסט פאַרזוכן אַ שטיקל — איז ביטע זייער. דערביי האָט ער אַליין עפּעס געקייט און מען האָט באַמערקט, ווי שטיקער פון דעם שאַרבן קריצן צווישן זיינע ציין".

ווערסאַל שטעלט אָן די האַרמאַטן און די קאָקאָטעס שטעלן אָן לאָרנעטעס — אָט דאָס איז עכט טעאַטער, אמתער שפּיל, עס לוינט צו זען.

באַריקאַדן. באַריקאַדן. אָט דאָס איז דער רו־פּלאַץ, אָט דאָס בלייבט פאַרן אַרבעטער, אָט דאָ שטאַרבט ער מיט אַ קללה, אָדער מיט אַ זיגערישן אויסגעשריי. די שטיינער רוען צוקאָפּנס ווי לאָרבער־קרענץ.

ס'איז ביינאַכט. אַ שטאַרקער ווינט מיט אַ רעגן. אויף דער הויכער קופּע שטיינער פלאַטערט אַ רויטע פאָן און דערנעבן אַ שטורקאַץ. דער ווינט רייסט. פונדערווייטנס דערהערט מען עפּעס קולות: „זאָל לעבן די קאָמונע!" — עס גייען, הייסט עס, אייגענע. מען שטעלט אָפּ דאָס שיסן און מען ענטפערט אָפּ: „זאָל לעבן די קאָמונע!" יענע דערנענטערן זיך — עס זענען גאָר ווערסאַלער! זיך אונטערגענאַרט! מיט הוראַ־געשרייען וואַרפן זיי זיך אויף דער באַריקאַדע: — מיר וועלן אייך געבן אַ קאָמונע, איר שמוציקע, הינטישע זין!" דער אָפיציר לאַכט, ער הייסט די זעלנער מיטלאַכן. — כ—אַ, כ—אַ, כ—אַ! כ—אַ, כ—אַ, כ—אַ! — אַ געשפּענסטיש געלעכטער. דער ווינט צעטראָגט עס. זיי האָבן אַ גוטן רויב: צוויי־און־פערציק מענער, דריי פרויען און פיר קינדער. זיי מוזן זיך שטעלן אויף די קני, אין אַנטבלויזטע קעפּ — און מען דערשיסט זיי איינציקווייז. איין פרוי-

מיט אַ קינד אויף דער האַנט וויל זיך נישט שטעלן אויף די קני. זי רופט אויס: „באַווייזט די דאָזיקע אומגליקלעכע, אַז איר זענט בכּוח שטייענדיק, פּנים־אל־פּנים, זיך צו באַגעגענען מיטן טויט. זאָל לעבן די קאָמ...!" מער באַווייזט זי שוין נישט און זי פאַלט מיטן קינד.

אַ דרייצניעריק ייִנגל בעט ביים אָפיציר אַ פּראָלאָנגאַציע אויף דריי מינוט. ער וויל אַריינטראָגן דער מוטער זיין זייגערל — זאָל זי כאָטש נישט פאַרלירן אַלץ. דער אָפיציר באַקוקט אים — אַ שיין ייִנגעלע, אַ כיטראַק — זאָל ער לויפן, דער העלד. דער אָפיציר שמייכלט — נו, שוין עפּעס גוטס אויך אויפגעטון, געשענקט אַ ראָצער דאָס לעבן. אָבער אָט־וואָס! ער איז גאָר דאָ צוריק, דער קליינער.

— אַקוראַט דריי מינוט, אָט בין איך, איך האָב נישט פאַרשפּעטיקט, שיסט! זאָל לעבן די קאָמונע!

ער ליגט שוין אויף דער קופּע.

מען לייגט זיי אַלע אַרויף אויף אַ מיסט־וואָגן און מען פירט זיי אַוועק.

אויף צומאָרגנס זעט מען דאָ אויף דער וואַנט צוגעפּלאַטשקעט אַ געהירן — און אויף דער ערד וואַלגערט זיך אַ גאַנץ אויג. ביי אַ צווייטער וואַנט ליגט אַ פרוי מיט דעם שטעקן פון אַ פאָן אין דער האַנט און אין מויל אַריינגעפּאַקט אַן אָפּגעהאַקט העלזל פון אַ בראָנפן־פלאַש.

די ווערסאַלער כאַפּן אַ גרופּע קאָמונאַרן אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר דיוואַל. „ווער איז דאָ ביי אייך קאָמאַנדיר?" — איך — ענטפערט דיוואַל. אַ צווייטער טרעט אַרויס — און איך בין דיוואַלס מיטהעלפער. — „צו דער וואַנט!" זיי שפּרינגען אַריבער דעם ראָוו, טוליען זיך צו דער וואַנט, דריקן זיך די הענט — זאָל לעבן די קאָמונע! — און זיי פאַלן. אַ קאַוואַלעריסט גייט צו צו דיוואַלן און ציט פון אים אַראָפּ די שטיוול. דער רעדאַקטאָר פון „פיגאַראָ" ציט פון אים אַראָפּ דעם קאָלנער — פיינע טראָפּייען.

צו אַ באַריקאַדע קומט אָן דער גרייז־גרויער רעוואָלוציאָ־נער דעלעקלוז. ער גייט פּאַמעלעך און געבויגן. ער האַלט זיך אין איין פאַריכטן דעם רויטן באַנד, וואָס פאַלט אים פון אָרעם. די קאָמונאַרן ווערן אויפגעהייטערט. ער רעדט גאָרנישט, נאָר דראַפּעט זיך אַרויף אויף דער באַריקאַדע.

— חבר דעלעקלוז, גייט שנעל אַראָפּ, איר וועט דאָך פאַלן!

ער ענטפערט גאָרנישט, נאָר שטעלט זיך אַוועק אויפן סאַמע מיטן פון דער באַריקאַדע.

— חבר דעלעקלוז, זיי שיסן דאָך! אַראָפּ!

ער ענטפערט גאָרנישט, שטייט גלייך און מיט איין האַנט האַלט ער צו די פאָן. די צווייטע פאַרלייגט ער ווי אַ דעכל איבער די אויגן — און קוקט, שווייגט און קוקט. עטלעכע מינוט האָט געדויערט — ווי ער איז געפאַלן.

די ווערסאַלער האָבן שוין געכאַפּט נאָך אַ קאָמאַנדיר פון די קאָמונאַרן.

— צו דער וואַנט!

— ביטע זייער! נאָר זייט אַזוי גוט, גיט מיר אַ טאַפּ דעם דופק.

— נאָך וואָס?

— וועט איר זען ווי ער קלאַפּט נאָרמאַל, וועט איר זען ווי ווייניק איך האָב מורא פאַר אייך. איך לאַך פון אייך, איר פּחדנים, נו, גיט אַ טאַפּ דעם דופק!

געכאַפּט דעם באַקאַנטן רעוואָלוציאָנער פלוראַנס. — זענט איר דאָס פלוראַנס? — איך האָב דעם כבוד עס צו זיין.

— אַ קויל איז אַ שאָד, מיט די שפּאָרן!

אַ זעץ מיט די שפּאָרן אין שאַרבן.

— זעט נאָר, ער איז שוין אויף צווייען, דער געהירן, ס'זעט דאָך אויס ווי צוויי שליפּעס!

דער אָפיציר גייט צו און באַקוקט.

— און דער געהירן האָט דאָס געטראַכט און געדענקט!

כּ—אַ, כּ—אַ, כּ—אַ! כּ—אַ, כּ—אַ, כּ—אַ!

---

די קאָמונאַרן האָבן אָנגעהויבן אַן אָנגריף. דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט געבּרויזט און געצאָרנט. פון אַלע זייטן מאַרשירן אַרבּעטער-באַטאַליאָנען. אַלטיטשקע, קראַנקע, פרויען, קינדער—די אַלע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט טראָגן קיין ביקסן, האָבן באַגלייט די קעמפער, דערמוטיקט, געוואָרפן אויסרופן, געזונגען, צוגעהאָלפן בויען פרישע באַריקאַדן און געראַטעוועט די פאַרוווּנדעטע.

(יאָ, דערווייל נוצן אויס די פּראָלעטאַריער זייער אַנטשלאָסנקייט, מוטיקייט, העלדישקייט — נאָר צום שטאַרבּן).

דאָס געשריי, דער ענטוזיאַזם, די העלדישקייט דערשרעקן די ווערסאַלער — זיי ציען זיך צוריק. אָבער זיי האָבן נאָך מיטלען — זיי שיקן אַריין פאַרעטער, שפּיאָנען, גלחים, קויפן איבער זשורנאַליסטן — און דער כיטרער, מנווולדיקער טיִער לאָזט כּסדר אַרויס אויפרופן: „פאַריזער פאָלק! עפן די טויערן! מיר וועלן אייך גאָרנישט טון קיין שלעכטס, מיר וועלן נאָר העכסטנס באַשטראָפן דעם קליינעם הייפל אויסוואורפן-פאַרעטער. אייערע פירער זענען דאָך גנבים און מערדער! זיי ווילן נאָר פאַרגוואַלדיקן און באַרויבן! פאַריזער פאָלק! קער זיך אָפּ פון דיינע פירער-פאַרעטער! זיי זענען לומפּן און פּחדנים! זיי זענען פאַרקויפטע אַגענטן פון ביסמאַרקן!" און אַז נאָך די אויפרופן האָט דאָס פאָלק נאָכמער געשטראָמט צו די באַריקאַדן — האָבן טיִער און זשול פאַווה געפּועלט ביי ביסמאַרקן (זיי האָבן דאָס נישט באַדאַרפט לאַנג בעטן, יענע האָבן דאָס אַליין שוין געוואָלט פאָרשלאָגן), אַז ער זאָל זיי געבן הילף קעגן די פאַריזער פאַרברעכער און סאָציאַליסטן.

אויף אַ פאַרזאַמלונג אין שטאַט-ראַט שרייט איינער אויס צום פּרעזידיום:

— עס איז שוין אַ־יך די העכסטע צייט צו וויסן — פאַר־וואָס מיר קעמפן! עס איז שוין די העכסטע צייט צו דערקלערן די סאָציאַלע רעוואָלוציע!

מען ענטפערט אים:

— ליידער, מיר האָבן נישט דערויף קיין מאַנדאַט, איז ממילא וואַרפן מיר עס אָפּ.

עס ווערט אַ טומל. „זאָל לעבן די סאָציאַלע רעוואָלו־ציע!" — „זאָל לעבן די רעפּובליק!" „וואָס פאַרא רעפּובליק?" — „אַלציינס, עס גענוגנט אַ רעפּובליק! „זאָל לעבן!" „זאָל לעבן!"

וואָס — אַז צווישן די אַקטאַוונזיבעציק מיטגלידער פון קאָמונע-ראַט געפונען זיך נאָר ניינצן סאָציאַליסטן. דער סאָציאַ־ליסט פראַנקעל, וואָס איז איצט אַרבעטס-מיניסטער, שיקט כּסדר שלוחים צו מאַרקסן קיין לאָנדאָן מיט פאַרשידענע אָנפראַגן וועגן זיינע אויפגאַבן. דאָס זעלבע טוט אויך וואַרלען — אָבער אַז צוזאַמען זענען זיי פאָרט נאָר ניינצן.

אַז זיי וואַגן אַפילו נישט צו קאָנפיסקירן דאָס געלט פון דער מלוכה-באַנק.

איז נאָכנישט איינגעקריצט מיט פייערדיקע אותיות אין קאָפּ פון יעדן אַרבעטער און אַרבעטער-טוער, אַז וואָס מער שעמעוודיקייט און נישט-דעצידירטקייט — אַלץ מער פלעכט זיך אויס די שטריק, וואָס וועט זיך פאַרוואַרפן אויף זיין איינענעם האַלז? די אַרבעטער מערסטנס יאָ — נאָר נישט די פירער. צו יעדער צייט האָבן זיי שוין די פאַרשידנסטע פּלפּולים און תירוצים. דווקא זיי האָבן מאָנאָפּאָליזירט די גרעסטע מאָס רחמנות, עטיק, מעסיקייט — און פאַר וועמען?! — פאַר די טיערס און פאַוורס און זייערס גלייכן! און די קאָנען שוין פון גאַנץ לאַנג און גוט די קונץ פון פאַרוואַרפן די שטריק אויף דעם בעל-רחמנות. און זיי לאַכן נאָך דערביי געשפּענסטיש.

---

פון די הענט פון די קאָמונאַרן זענען געפאַלן עטלעכע הונדערט ווערסאַלער און פון די הענט פון די ווערסאַלער, זענען געפאַלן איבער צוואַנציק טויזנט קעמפער. חוץ פערציק טויזנט פאַרשיקטע און פאַרפייניקטע.

די ווערסאַלער שיסן נישט גלייך, נאָך וואָס? פריער זאָלן די שמוציקע אויפשטענדער זיך אָנטרינקען מיטן בלוט פון זייערע חברים.

— וואָס, הונט? ווילסט דאָס נישט טרינקען פון קיין גלאָז? קאָן איך דיר דאָס דערלאַנגען אין אַ שאַרבן פון דיין חבר.

די פרויען גיט מען נישט צו טרינקען קיין בלוט, די פרויען צווינגט מען צו טרינקען דעם אורין פון די זשאַנדאַרמען.

צווישן די געפאַנגענע און געפייניקטע געפונען זיך 651 קינדער — דרייצניעריקע, צוועלפיעריקע, צעניעריקע און איין זיבניאָריק קינד. די ווערסאַלער קומען אין די שפיטעלער און דערשיסן אויפן אָרט די פאַרוווּנדעטע גוואַרדיסטן. אַ דאָקטאָר ווייזט אָן אויף אַ גוססדיקן גוואַרדיסט און זאָגט: — דער וועט נאָך לעבן מינוטן, מיין איך, אַז מען דאַרף אים שוין נישט דערשיסן — דער דאָקטאָר ווערט דערפאַר אויפן אָרט דערשאָסן. די געהרגעטע וואַרפט מען אַריין אין די קאַנאַלן. מיט זיי אויך אַ סך נאָך האַלב-לעבעדיקע.

דער אַנטלאָפענער וויקטאָר הוגאָ ווערט איצט באַצייכנט אין דער פרעסע אַלס — אַלטער קונצנמאַכער, משוגענער, שטרוי-זאַק, קאָלאָסאַלער טיפּש, קליין מענטשעלע און רויטער ווידל.

די שרייבער דיומאַ (זון), קאַטיל מענדעס, גאָטיע, סאַרדו און אַלפאָנס דאָדע פאַרדינען איצט היפּש געלט ביי די אויסלענדישע פאַרלאַגן פאַר באַשרייבונגען פונם בירגער-קריג — פאַרשטייט זיך, אַז די קעמפער זענען ביי זיי שמוציקע לומפּן, משוגענע בונטאָווטשיקעס און פאָלקס-פאַרעטער.

די אַרעסטירטע קעמפערין לואיזע מישעל זאָגט פאַרן געריכט:

— דאָס איינציקע, וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך, איז — אַז איר זאָלט מיך טויטן אויפן סאַטאַרי־פעלד, ווו עס ליגן די מערסטנס געפאַלענע — מיינע ברידער! מען דאַרף מיך אַרויס־וואַרפן פון דער געזעלשאַפט — אייך האָט מען דאָס איבערגע־געבן צו טון — טאָ טוט עס! אייער קאָמיסאַר איז גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז יעדעס האַרץ, וואָס קלאַפּט פאַר פרייהייט, האָט רעכט נאָר אויף אַ שטיקל בליי — פאָדער איך מיין חלק בליי! אויב איר וועט מיך לאָזן לעבן, וועל איך נישט אויפהערן צו רופן צו נקמה! איך וועל רופן מיינע ברידער צו נעמען נקמה קודם־כל אויף די קעפּ פון אייער באַגנעדיקונגס־קאָמיסיע!

— גענוג גערעדט!

— איך האָב שוין סייווי געענדיקט. אויב איר זענט נישט קיין פּחדנים, וועט איר מיך דערהרגענען!

אָבער גראָד האָט מען זי געלאָזט לעבן. די, וועלכע האָבן זיך פאַרלוירן, גענומען שטאַמלען, זיך פאַרענטפערט — זיי האָט שוין דער טויט נישט אויסגעמיטן.

אויף דער גאַס האָט מען געשאָסן פרויען, וועלכע זענען געווען אָרעם אָנגעטון; מענער, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען מיט פאַראומערטע פּנימער, איינעם אַן אַרבעטער, ווייל ער האָט נאָר געהאַט איין אויג, אַ צווייטן, ווייל ער האָט געהאַט אַ פּאָר העלע, ליכטיקע אויגן.

ווער נישט יעדער אַרבעטער־טאַטע און אַרבעטער־מאַמע אויף דער גאַנצער וועלט דערציילן זייערע קינדער (יעדן פרי־מאָרגן און יעדן אָוונט פאַרן שלאָפן גיין) וועגן די מעשׂים איבער די קאָמונאַרן? וועלן זיי נישט באַשווערן זייערע קינ־דער צו נעמען נקמה אין די רייכע, וויל־דערצויגענע מענטשן־פרעסער?! וועלן זיי נישט באַשווערן זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך שוין קיינמאָל מער נישט וואַקלען, נישט פּילפּלען און נישט וואַרטן אויף די חסדים פון דער בורזשואַזיע און זייערע יועצים?!

דער פּראָלעטאַריאַט באַגייט פּעלערן און די בורזשואַזיע — פאַרברעכנס.

---

דעם 18-טן מערץ 1871, ווען מען איז געקומען צו לויפן צו מאַרקסן אין שטוב אַריין מיט דער ידיעה וועגן דער פּראָקלאַמירונג פון דער פּאַריזער קאָמונע — האָט מאַרקס מיט פרייד אַ געשריי געטון: „שוין!‟ און נישט ווי ביי דער פעברואַר-רעוואָלוציע — „שוין?!‟ דעמאָלט האָט ער זיך געטראַכט „און אפשר? און אפשר איז שוין דאָס די פּאַקטישע רעוואָלוציע?‟ און איצט, ביי דער קאָמונע, האָט נאָכן „שוין!‟ אַ בליץ געטון אין מוח: „און אפשר נאָך נישט שוין?‟ אָבער ער האָט דעם געדאַנק פאַרטריבן. ער האָט געשיינט. די פרוי און קינדער האָבן געשיינט. ער האָט געכאַפּט דעם מאַנטל און גלייך געלאָפן אינם ביוראָ פונם גענעראַל-ראַט פון „אינטערנאַציאָנאַל‟.

ביים אָנהויב פון דער דייטש-פראַנצויזישער מלחמה האָט שוין דער „אינטערנאַציאָנאַל‟ אַרויסגעגעבן עטלעכע אַדרעסן. די בערלינער סעקציע האָט באַזונדער אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף: „מיטן גאַנצן האַרצן שטייען מיר צו צו אייער פּראָטעסט... מיר זאָגן פייערלעך צו, אַז נישט דאָס שאַלן פון טראָמפּייטן און נישט דאָס דונערן פון די האַרמאַטן, נישט דער זיג און נישט די מפּלה וועלן אונז נישט אָפּקערן פון דער געמיינזאַמער אויפגאַבע צו פאַראייניקן די אַרבעטער פון אַלע לענדער! מיט פרייד דריקן מיר די ברודערלעכע האַנט, וואָס די פראַנצויזישע אַרבעטער האָבן צו אונז אויסגעשטרעקט, געדענקענדיק אין דער לאָזונג פון „אינטערנאַציאָנאַל‟ „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך!‟

נאָך פאַר דעם האָט שוין מאַרקס געוואָרנט: „דאָס איצטיקע מיליטערישע סיסטעם פון דייטשלאַנד צעטיילט די גאַנצע מענלעכע באַפעלקערונג אויף צוויי טיילן — אויף אַ שטענדיקער אַרמיי, וואָס דינט, און אויף אַ צווייטער, שטענדיקער אַרמיי, וואָס איז אין אורלויב‟.

ס'איז געווען אַ שיינער פרילינגס-טאָג, סוף מאַי, מאַרקס

זיצטביים פענסטער און קוקט שטאַר אין דער וועלט אַריין —
און דאַן קומט מען צו אים מיט דער בשורה: „שוין! די קאָ-
מונע איז געפאַלן!"

די קאָמונע איז געפאַלן.

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט שרייבן און במשך פון צוויי
טעג און נעכט, כּמעט אָן איבעררייס, האָט ער אָנגעשריבן דעם
גרויסן אַדרעס פאַרן גענעראַל-ראַט פון „אינטערנאַציאָנאַל"*).
דעם אַדרעס האָט ער געענדיקט מיט די ווערטער:

„...דאָס אַרבעטער-פּאַריז צוזאַמען מיט דער קאָמונע וועט
מען אייביק פייערן אַלס דעם רומפולן אָנזאָגער פון אַ נייער
געזעלשאַפט! זיינע מאַרטירער זענען טיף איינגעקריצט אין דעם
גרויסן האַרץ פונם אַרבעטער-קלאַס. זיינע באַדריקער האָט די
געשיכטע שוין צוגענעגלט צום שאַנד-סלופּ, פון וועלכן ס'וועלן
זיי שוין נישט אָפּרייסן אַלע תּפילות פון זייערע גלחים!

---

*) באַקאַנט א. נ. „דער בירגער-קריג אין פראַנקרייך".

מען זוכט קרבנות, מען זוכט שולדיקע.

די וועלט-בורזשואזיע העלפט-צו אינם זוכן. „די גאַנצע קאָמונע איז אַ שטיקל פונם „אינטערנאַציאָנאַל", אייגנטלעך נאָר פון איר הויפּט-פירער, קאַרל מאַרקס".

„ליבער קוגעלמאַן! איך בין איצט דער פאַרשריגנסטער מענטש אין לאָנדאָן. מען טאָר זיך צו מיר נישט צורירן, מען האָט מורא פאַר מיר, מען טרייסלט זיך פון מיר אָפּ. אַנדערע זענען גאָר בייגיריק צו קענען אָט דעם הויך-בונטאָווטשיק. עס ווערט כאָטש אַ ביסל פריילעכער אויף דער נשמה, נאָך אַזאַ צוואַנציק-יעריקער, פאַרדומפּענער, נודנער, אידילישער רויִקייט. די פרעסע-נאַכאַלן קומען צו מיר כּסדר נאָך אינטערוויוען, זיי ווילן אָנקוקן דעם פאַרשריגענעם מאָנסטער. מען דראָט מיך איבערצוגעבן צום געריכט—אָבער איך פייף אויף די קאַנאַליעס.

איך בין איצט שטאַרק פאַרנומען מיט דעם אָרגאַניזירן הילף פאַר די פּליטים. איך אַרבעט טאָג-און-נאַכט".

---

ענגעלס וווינט שוין אין לאָנדאָן, צען מינוט גאַנג פון מאַרקס' וווינונג. די לעצטע טעג פאַר ענגעלס' קומען האָט שוין מאַרקס נישט געקאָנט אַרבעטן — ער איז געשפּאַנט. איז ער געקומען — זענען זיי די ערשטע נאַכט אָפּגעזעסן ביז שפּעט אין טאָג אַריין, געטרונקען, געראויכערט און געשמועסט.

יאָגעס און עקאַריוס זענען אייפערזיכטיק — מאַרקס באַראַט זיך שוין לעצטנס מיט זיי ווייניקער ווי פריער, ער האָט אונטער דער האַנט ענגעלסן. ער איז, איבערהויפּט, לעצטנס גאָר שטאַרק זיכער מיט זיך, כאָטש דאָס האָט אים דאָך פריער אויך נישט געפעלט.

עקאַריוס איז סעקרעטאַר פון „אינטערנאַציאָנאַל", שיקט אַ צו אַ מעלדונג צום ראַט, אַז אויב מען וועט אים נישט דער־לייגן אויף זיין פענסיע, פון פופצן שילינג אַ וואָך אויף דריי־סיק — זאָגט ער זיך אָפּ פון זיין אַמט.

באַקונין נעמט ווידער טומלען, אַז מאַרקס איז איבערגע־קויפט פון ביסמאַרקן. און אין דער זעלבער צייט ברענגט אַ רוסישער רעוואָלוציאָנער אַ דאָקומענט, פון וועלכן עס ווייזט זיך אַרויס, אַז באַקונין איז אַרומגערינגלט מיט פּראָוואָקאַטאָרן און שפּיאָנען און אַפילו פּשוטע רויבער; אַז באַקונין האָט אויך געקריגן עטלעכע הונדערט רובל אַ קאָנטאָ ביי אַ רוסישן פאַר־לעגער — פאַר איבערזעצן „קאַפּיטאַל", אָבער ער האָט נאָך עד־היום קיין איין בויגן נישט צוגעשיקט. האָט דאָך דער פאַרלעגער צוריקגעמאָנט דאָס געלט, האָט באַקונינס אַ מיטהעלפער, אַ גע־וויסער ניעטשאַיעוו, געדראָט דערפאַר דעם פאַרלעגער מיט דערמאָרדן.

אין דער שווייץ וואַקסט די געהיימע אָרגאַניזאַציע אונ־טער דער אָנפירונג פון באַקונין, וועלכע גרייט זיך אויפצורייסן דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

„ליבער קוגעלמאַן! עס גייט איצט וועגן לעבן און טויט פון „אינטערנאַציאָנאַל". די מוזט זען קומען צום קאָנגרעס אַלס דעלעגאַט. איך וועל קעמפן מיט אַלע כּוחות צו באַזייטיקן די צעשטערערישע און אונטערפּוילונגס - עלעמענטן פון „אינטער־נאַציאָנאַל".

דערווייל איז ער נאָך אַלץ פאַרנומען מיט די אַנטלאָפע־נע. אויך זשעני איז פאַרנומען גאַנצע טעג מיט די אַנטלאָפּע־נע, דער עיקר — מיט זייערע פרויען און קינדער. ביים מיטאָג זיצן שוין דאָ לעצטנס צו פופצן און אָפטמאָל אויך צו צוואַנ־ציק פערזאָן.

דער מיטגליד פון קאָמונע-ראַט, שאַרל לאָנגע, וועלכן מאַרקס האָט נאָך ערשט נישט לאַנג צוריק היפּש באַקעמפט, איז שוין מער ווי אַן אייגענער — זשענכען געפעלט אים און זיי וועלן שוין, דאַכט זיך, בקרוב חתונה האָבן.

מאַרקס האָט שלאָפלאָזע נעכט, אַסטמאַטישע הוסטן — און דאָ ליגט נאָך דער צווייטער און דריטער באַנד „קאַפּיטאַל" אין אַ רויִען צושטאַנד, ער קאָן זיך נאָך אַלץ דערצו נישט נעמען — און עס ווילט זיך דאָך אים נאָך אָנשרייבן אַ גרעסערע אַרבעט איבער באַלזאַקן און זיין „מענטשלעכע קאָמעדיע", עס איז אָבער נישטאָ קיין צייט, כאָטש מאַך פון מעת־לעת אַכט־אונפערציק שעה.

ס'איז שוין האַרט פאַרן האַגער קאָנגרעס און ער דאַרף שוין באַלד פאָרן. ווען ער דערמאָנט זיך אָן די אינטריגעס אינם „אינטערנאַציאָנאַל", זעט פאָר זיין אונטערגאַנג — קאָכט עס אין אים. און אפשר איז גאָר בעסער אַזוי? אפשר האָט ער זיך שוין איבערגעלעבט? אַלנפאַלס וועט ער די אַלע אָפּאָרטוניסטן, לאַ־יצלחס, אינטריגאַנטן און פאַרעטער היפש דערלאַנגען — ער וועט זיי אויבן קאָנגרעס שוין אַלץ אַרויסזאָגן. סײַווי וועט ער זיך שוין אויף ווייטער נישט קאָנען פאַרנעמען מיטן „אינטערנאַציאָנאַל", ער מוז זיך דאָך שוין נעמען צו זיין „קאַפּיטאַל". ענגעלס זאָגט אים טאַקע אויך דאָס זעלבע. ער מוז זיך דאָך שוין נעמען צו זיין ווערק! ווען ער זאָל דאַרפן שטאַרבן, איידער עס פעלט נאָך אין דער אַרבעט דאָס לעצטע פינטעלע — וואָלט ער דאָס בוך אפשר גאָר פאַרברענט!

---

דער קאָנגרעס ציילט זיבנאונזעכציק אָנטיילנעמער, צווישן זיי — פערציק מאַרקסיסטן.

איין דעלעגאַט וואַרפט פאָר מאַרקסן, אַז די מערהייט איז אַ געמאַכטע, אַ געפעלשטע. אַ צווייטער, וועמען מען האָט געפסלט זיין דעלעגאַטן־רעכט, טענהט, אַז ער האָט אַ באַשטעטיקונג פון די ענגלישע אַרבעטער, אַז ער איז געוויילט פון זיי אַלס דעלעגאַט. דער פאָרזיצער ענטפערט: „איר זענט נישט קיין פאָרשטייער פון די ענגלישע אַרבעטער". — יענער שרייט צוריק: „איך האָב יאָ דעם כבוד צו זיין אַ פאָרשטייער פון די ענגלישע אַרבעטער!" דאַן הויבט זיך אויף מאַרקס און רופט

הויך אויס: „עס איז גאָרנישט אַזאַ כּבוד צו געהערן צו די פאָרשטייער פון די ענגלישע אַרבעטער!"

קיינער האָט אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אין אַזאַ פּעסיקן צושטאַנד ווי איצט. דער צווישנרוף האָט געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק אויף די דעלעגאַטן. נאָך דער רעדע, וועלכע ער האָט געהאַלטן היינט אינדערפרי און פאַר וועלכער ער האָט באַקומען אַזאַ שטאַרקן אַפּלויז, אַפילו פון די קעגנער — האָט דער צווישנרוף אַלעמען פאַרווונדערט.

באַקונין און עטלעכע זיינע אָנהענגער זענען נאָך אַן אָפּשטימונג געוואָרן אויסגעשלאָסן פון „אינטערנאַציאָנאַל".

צען טעג נאָכן קאָנגרעס האָט דער סעקרעטאַר העילס פאָרגעשלאָגן דעם גענעראַל-ראַט, אַז מען זאָל טאַדלען מאַרקסן פאַר זיין עפנטלעכער באַליידיקונג די ענגלישע דעלעגאַטן. דער פאָרשלאַג איז געוואָרן אָנגענומען. האָט באַלד דער זעלבער העילס אויך פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל מאַרקסן איבערהויפּט אויסשליסן פון „אינטערנאַציאָנאַל".

---

נאָך צוויי יאָר האָט עקזיסטירט, שוין כּמעט אַלס אינוואַליד און אין גוסס-צושטאַנד דער „אינטערנאַציאָנאַל". אין זשענעווע, אויפן זעקסטן קאָנגרעס האָט ער רויק אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם.

4

מאַרקס איז אַלט געוואָרן 55 יאָר. ער ליידט אויף אַ צו־שטאַרקן געהירן־דרוק. ער האָט שוידערלעכע קאָפּ־ווייטיקן. ווי די דאָקטוירים זאָגן, דראָט אים יעדע רגע אַן אַפּאָפּלעקציע־אַטאַק. ער האָט פאַרלוירן יעדן חשק און פעיִקייט אוועקצו־זעצן זיך שרייבן.

„ליבער קוגעלמאַן! פון צייט־צו־צייט פאַרעפנטלעכן די ענגלישע צייטונגען די ידיעה, אַז איך בין שוין געשטאָרבן. בין איך גאַנץ צופרידן דערפון. עס הערן־אויף צו קומען אויף אַ שטיקל צייט די פאַרשידענע זשורנאַליסטן, סתּם נודניקעס און די אָן אַ שיעור בריוו פון דער גאַנצער וועלט מיט די משונה־דיקסטע פראַגן און ענינים".

„קאַרלסבאַד, 1874. ליבער פרידריך! איך מוז יעדן פרי־מאָרגן טרינקען אַזש זיבן גלעזער מינעראַל־וואַסער. טיסי דאַקעגן טרינקט אַ גלאָז פּילזנער ביר, וואָס איך בין איר דערמיט זייער מקנא.

איך האָב זיך איינגעמאָלדן אַלס טשאַרל מאַרקס, פון לאָנ־דאָן, נאָר די קור־צייטונג האָט שוין געמאַכט אַ געוואַלט, אַז דאָס מוז זיכער זיין דער „רויטער קאַרל מאַרקס", ווייל צוזאַמען מיט מיר איז אויך געקומען דער גראַף פּלאַטער, דער שעף פון די רוסישע ניהיליסטן. (ער איז אַ גוטער קאַטאָליק, ליבעראַלער אַריסטאָקראַט און פּאַטריאָט). נאָך גוט, וואָס איך האָב שוין אַ קוויטל פאַר דער באַצאָלטער קור־טאַקסע און קאָן שוין דעריבער נישט האָבן קיין שום שטערונגען.

די אומגעגנט איז דאָ זייער אַ שיינע און מען קאָן גאָר־נישט זיך אָנזעטיקן פון דעם שפּאַצירן אין די וועלדער אויף

די גראַניט-בערג. אין וואַלד געפונען זיך אָבער נישט קיין סך פייגל, ווייזט אויס, אַז זיי דאַרפן נישט קאַרלסבאַד, זיי זענען אָן דעם אויך געזונט. און זיי ליידן אויך, מסתמא, נישט די מינעראַל-דאַמפן".

„קאַרלסבאַד, 1875. ליבער פרידריך! איך שפּאַציר אין וואַלד און האָב ליב אויסצוגעפונען נייע וועגן. אויב איך פאַרבלאָנדזשע אַמאָל — בין איך זייער צופרידן. ווי פילסטו זיך אין דיין קור-אָרט? ביי זשענכען גאַנץ נישקשה. ביז איצט האָט זי געהאַט אַ סך שלאָפלאָזע נעכט, ווייל זי האָט כסדר געטראַכט וועגן איר פאַרשטאָרבענעם יינגל. נאָר איצט, ווען זי האָט שוין אַ פרישׁ יינגעלע, איז זי שוין צופרידן. אָבער דער קליינער איז אויך אַ ביסל קרענקלעך. ער האָט באַקומען די נעמען: זשאַן (לויט לאָנגעס פאָטער), לאַור (לויט לאַוראַ) און פרידריך (צו דיין ערע)".

„ליבער מאָר! גיב איבער זשענכען און לאָנגען דעם בעסטן דאַנק פאַר דעם כבוד, וואָס זיי האָבן מיר אָנגעטון מיטן אָנרופן זייער קינד אויף מיין נאָמען. איך וועל זיך באַמיען ווירדיק דאָס צו פאַרדינען. האָפנטלעך, איז דעם קליינעם מיט די דריי געוואַלט-נעמען שוין בעסער".

„26 יוני, 1876. ליבער פרידריך! אין דעם לעצטן נומער „ВПЕРЕД" שרייבט מען איבער באַקונינען ווי וועגן אַ „גיגאַנט" פון דער רעוואָלוציע".

## 5

לאַפּאַרג איז אויך אין לאָנדאָן. ער איז אויך פון די אַנטלאָפענע קאָמונאַרן און אַרום לעאָנאָרען פאָרעט זיך אויך דער קאָמונאַר ליסאַגאָרע (ער גרייט זיך אָנצושרייבן די געשיכטע פון דער פּאַריזער קאָמונע). די צוויי איידעמס — קאָמונאַרן און דער קאַנדידאַט אויף אַן איידעם — אויך אַ קאָמונאַר.

זשעני פּאַרטרויט זיך פאַר לענכען:

— איך ווייס, עפּעס מאָדנע, סאַמע פּראָווינציזן...

ס'איז היינט זונטיק, אַלע זענען פריי און מען זיצט אין גערטנדל נעבן דער וווינונג. מאַרקס חוזקט פון לאַפּאַרגן:

— אָנשטאָט דאָקטאָר ביסטו גאָר געוואָרן פאָטאָגראַפיסט.

— און איך בין גאַנץ צופרידן דערפון — די גאַנצע דאָקטאָריע איז מערסטנס אַ שאַרלאַטענעריי.

מאַרקס דערציילט וועגן רעפעראַט איבער פיזיק, וואָס ער האָט געהערט די וואָך אין פּראָפעסאָרן-זאַל:

— דער מילך-וועג ציילט פיר מיליאַרד שטערן, די ערד וועגט זעקס קוואַדריליאָן קילאָ, נאָר איין זעכציקסטל מיליאַרד פון חלל איז אויסגעפילט מיט מאַטעריע. די קאָסמאָגאָניע האַלט, אַז דאָס אַנטשטיין פונם לעבן אויף דער וועלט, איז נישט מער ווי נאָר אַ קאַפּריז פון דער נאַטור. דער סוף פון אונזער וואַנדערונג וועט דויערן שוין נישט מער ווי אַ עטלעכע ביליאָן יאָר, דעמאָלט וועט אָנקומען דער טויט פון דער וואַרעמקייט, דער טויט פון יעדער ענערגיע — אויס לעבן. איך האָב נאָכהער אַ לענגערע צייט געשמועסט מיטן רעפערענט און ער האָט מיך באַקענט מיט די באַרימטהייטן — דעם כעמיקער שאָרלעמער און זאָלאָג לענקעסטער. זיי האָבן מיך געבעטן, איך זאָל זיי איינלאַדן צו זיך און איך האָב דאָס טאַקע געטון. איך האָב אויך געהערט די וואָך אַ רעפעראַט וועגן פליגן פון דעם יונגן דאָקטאָר עוועלינג.

מאַרקס דערציילט אויך, אַז עס גרייטן זיך צו אים צו קו-
מען די דייטשע ס"ד-פירער בעבעל און בערנשטיין.

לאַפאַרג זאָגט:

— אייגנטלעך וואָלט מען באַדאַרפט אײנטיילן אַזוי: דער
דייטשער פּראָלעטאַריאַט איז דער טעאָרעטיקער, דער ענגלישער
— זיין עקאָנאָמיקער און דער פראַנצויזישער — פּאָליטיקער.

איז מען איבערגעגאַנגען צו פּאָליטיק.

— די ס"ד, ווען זי האַלט אַפילו אָפּ אַ זיג, באַמיט זי-
זיך אים אַליין צו נעגירן. זי פאַרטעמפּט די שאַרפע שפּיצן
פון איר געווער.

יעדע פּאָר מינוט טוישט זיך די טעמע.

— איך האָב די וואָך געפייערט אַ יובילעום — איך האָב
די וואָך געקויפט פּאַר מיין ביבליאָטעק דעם טויזנטסטן באַנד
— אַ רוסיש בוך. זיי האָבן גרויסע קינסטלער, די רוסן — פּוש-
קין, שטשעדרין, גאָגאָל.

— די דייטשן זענען בייז פּאַר אייער זידלען וואַגנערן.

— האָט ער נישט באַדאַרפט פאַרדאַרבן און דעפּאָרמירן
די דייטשע פאָלקס-לעגענדן.

ער האָט היינט אַ זעלטענעם הומאָר, מאַרקס — איז דאָס
צוליב די ערשטע פרילינגס-טעג?

דער שמועס גייט ווייטער.

— אויב דו, פּאַול, האָסט פאַרשטאַנען און ליב געהאַט
בייראָנען, דאַרפסטו זיין צופרידן, וואָס ער איז געשטאָרבן בײ
זעקסאונדרייסיק יאָר, ווייל ער וואָלט שפּעטער זיכער געוואָרן
אַ רעאַקציאָנער און דו וואָלסט אים געמוזט פיינט באַקומען.
דאַקעגן שעלי, זעסטו, דאַרף מען שטאַרק באַדויערן וואָס ער
איז געשטאָרבן אין ניינאונצוואַנציקסטן יאָר, ווייל ער איז גע-
ווען פון גרונט-אויס רעוואָלוציאָנער. ער וואָלט זיכער געהערט
צו די פאָרקעמפּער פון סאָציאַליזם.

זאָרגען זענען געשטאָרבן צוויי קינדער. זשעני שרייבט צו זיי:

„ליבער פריינט זאָרגע! איך ווייס שוין צופיל ווי ס'איז שווער און ווי לאַנג עס דאַרף דויערן, ביז עס היילט זיך אויס אַזאַ וווּנד. נאָר די טאָג-טעגלעכקייט מיט אירע קליינע פריידן און גרויסע ליידן באַמיען זיך שוין וואָס שנעלער צו פאַרטרייבן די שפּורן פון אַזאַ וווּנד. זי היילט זיך קיינמאָל נישט אויס, דעסטאָ מער נאָך ביי אַ מוטער, נאָר זי טליעט, טליעט, לעשט זיך, ביז עס קומט נישט עפּעס אַ ניי אומגליק. אַזוי שטענדיק און אייביק. פרייד, לייד, האָפנונגען און האָפנונגען — ביז מען גייט נישט אַליין רויק אויס און עס קומט די אייביקע שטילקייט און רו".

לאַוראַ און זשענכען מיט זייערע מענער זענען שוין צוריק אין פּאַריז. טיסי האָט חתונה געהאַט נישט מיט דעם פראַנצויז ליסאַגאַרע, נאָר מיט דעם ענגלישן יונגן געלערטן ד"ר עוועלינג.

מאַרקס ליגט קראַנק. ער אין איין צימער און זשעני אַ קראַנקע אין צווייטן צימער. טיסי און העלענע זענען פאַרפאַרעט ביי זיי גאַנצע טעג און נעכט. טיסכען האָט געקאָנט אויפזיין איין נאַכט נאָך דער אַנדערער און נישט פילן אפילו קיין מידיקייט— זי האָט אין זיך מענערשע ענערגיע.

קאַרל ווילט זיך איבער איר:

— די מאַמע דייגע האָט זיך זיכער געמוזט טועה זיין, זי האָט געזאָלט האָבן אַ ייגגל און אין דער לעצטער רגע עס פאַרטוישט אויף אַ מיידל.

זשעני קרעכצט אויף אַ ראַק.

אַריבער עטלעכע וואָכן און מאַרקס פילט זיך שוין בעסער. ער הויבט זיך אויף, טוט אָן דעם שלאָפראָק און גייט אַריין אין צימער פון זיין פרוי. די עטלעכע וואָכן האָט ער נישט געקאָנט אַראָפגיין פון בעט, איז ער איבער דער גאַנצער צייט נישט געווען אין איר צימער. ער זיצט אויפן ראַנד פון איר בעט, זיינע אויגן לייכטן און ער רעדט צו איר שטיל. נאָכהער לייענט ער איר פאַר פון אַ זשורנאַל, וואָס אַן ענגלישער געלערנטער און אַרבעטער-טוער שרייבט וועגן אים:

„מאַרקס איז אַ ייד. און עס שיינט מיר, אַז ער פאַרייניקט אין זיך, אין זיין כאַראַקטער און אין זיין געשטאַלט (איינדרוקפולער שטערן, קוסטעוואַטע ברעמען, פייערדיקע, בליציקע אויגן, ברייטע, זינלעכע נאָז און באַוועגלעך מויל, מיט אַ געדיכטן האָר-וווקס אַרומגערעמט דאָס געזיכט), פאַרייניקט ער אין זיך דעם גערעכטן צאָרן פון די גרויסע נביאים פון זיין ראַסע, און דעם קאַלטן אַנאַליטישן פאַרשטאַנד פון שפינאָזאַ. ער איז אַן אומגעוויינלעכע פאַרייניקונג פון פאַרשידנאַרטיקער באַגאַבונג, ווי איך האָב דאָס נאָך ביי קיינעם נישט געזעען. אַ קעמפער — מיינען אַ סך — קאָן נישט זיין קיין גרויסער דענקער — אָבער באַקענענדיק מאַרקסן — פאַלט די היפּאָטעזע אַבסאָלוט אָפּ".

טיסכען שרייבט צו די שוואָגערס קיין פאַריז:

„אין דעם גרויסן פראָנט-צימער ליגט אונזער מוטערל און אינם צווייטן, קליינעם צימערל, ליגט מאָר. שטעלט זיך פאָר, אַז זיי ביידע, וועלכע זענען צו זיך אַזוי צוגעוווינט, ווי צוויפּגעוואַקסענע, ווי אַ צווילינג, האָבן נישט געקאָנט לאַנגע וואָכן זיין אין איין צימער. אָבער מאָר האָט שוין ווידער באַזיגט זיין קרענק. דעם ערשטן טאָג פון זיין אַראָפּגיין פון בעט איז ער גלייך אַריין צו דער מוטער. און איר זאָלט זען ווי זיי האָבן אויסגעזען — ס'איז אומפאַרגעסלעך! די מוטער ווי אַ יונג, פאַרליבט מיידל און מאָר — אַ פאַרליבטער

יונגערמאַנטשיק. כ׳האָב געהאַט דעם איינדרוק, ווי זיי הויבן ערשט איצט אָן אַ נײַ, פֿריש לעבן. ס׳איז ווייט געווען פֿון צו דערקענען, אַז דאָ זיצט אַ צעבראָכענער, קראַנקער אַלטיטשקער און געבן אים אַ פּרוי, וועלכע ליידט אויף אַ ראַק״...

7

אַ קאַלטער מרה-שחורהדיקער טאָג.

אין אַרבעטס-צימער ביי מאַרקסן זיצט אַ יונגער טשעכיש-דייטשער סאָציאַליסטישער טוער (קאַרל קויטסקי) און דערציילט וועגן דער באַוועגונג. ער פילט זיך נישט געגנוג דרייסט, דער-ציילט שעמעוודיק און פון צייט-צו-צייט וואַרפט ער אריין אַ פראַגע און וואַרט געשפּאַנט אויף ענטפער. מען זעט, אַז ער דערציילט נאָר בלויז צוליב דעם, כּדי ער זאָל קאָנען דער עיקר אַריינוואַרפן אַ פראַגע.

— צי האָט איר נישט בדעה שוין אַרויסצוגעבן אַלע אייערע ווערק?

מאַרקס צעשמייכלט זיך:

— איך האָב נאָך אַלע מיינע ווערק נישט אָנגעשריבן.

טיסכען קומט אַריין צו לויפן אַ בלאַסע און גיט אַ געשריי:

— די מוטער!

קאַרל לויפט אַריין אין איר צימער.

אַ פאַרגעלט פּנים, גרויסע, צעעפנטע אויגן, רויק, זי גיט נאָר לייכט אַ מאַך מיט דער האַנט און עס דערהערן זיך דינע, פאַרשטיקטע ווערטער:

קאַרל! מיינע... כּוחות... גייען... אויס — — — — — — !

אויף דער שטול, אונטער אַ פלעשעלע איז געלעגן אַ צעטעלע: „לייגט נישט קיין אַכט אויף די אויסערלעכקייטן! קיין שום פייערלעכקייטן און צערעמאָניעס!"

מאַרקס האָט זיך געמוזט לייגן אין בעט אַריין. די דאָק-

טוירים האָבן אים פאַרבאָטן אָנטייל צו נעמען אין דער לוויה.

אויפן קבר האָט גערעדט ענגעלס:

„זי איז געווען אַ געטרייע חברטע פון איר מאַן. זי האָט אַ סך געליטן. זי איז געווען אַן איבערצייגטע און איבערגעגע־בענע קאָמוניסטין. עטלעכע שעה פאַרן טויט האָט זי געבעטן, מען זאָל איר איבערגעבן דעם רעזולטאַט פון די וואַלן אין דייטשלאַנד. און ווען זי האָט דערהערט דעם נצחון פון די אַרבעטער, האָט זי ממש געיובלט. די אַלע, וועלכע האָבן זי געקאָנט, וועלן זי אַזוי לייכט נישט פאַרגעסן! אויב עס איז ווען עס איז געווען אַ פרוי, וועלכע האָט געהאַלטן פאַר איר גרעסטן גליק — גליקלעך צו מאַכן אַנדערע — איז דאָס געווען זשעני מאַרקס!"

מאַרקס שרייבט צו זשענכען קיין פאַריז:

„קאָנסט זיך פאָרשטעלן, ווי שווער איך האָב אויפגענומען דעם אורטייל פון די דאָקטוירים, אַז איך טאָר זי נישט באַגלייטן צום קבר. אַ גרויסע טרייסט איז געווען פאַר מיר דאָס, וואָס אונזער טייערער זענען די כּוחות שוין לעצטנס אויסגעגאַנגען זייער שנעל. ווייל ביז די לעצטע טעג איז עס געווען אַ פּאַ־מעלעך, בהדרגההדיק און רעגלמעסיק אָפּשטאַרבן. זי האָט זיך פאַרן טויט נישט שטאַרק געמאַטערט. די אויגן זענען איר נאָר נאָך גרעסער געוואָרן, שענער און שטראַלנדיקער ווי ווען עס איז".

ליבקנעכט שרייבט אין אַ נעקראָלאָג:

„די פרוי זשעני מאַרקס האָט אויף מיין אַנטוויקלונג גע־האַט אַזאַ שטאַרקן איינפלוס — כּמעט ווי מאַרקס אַליין. מיין מוטער איז מיר געשטאָרבן, ווען איך בין אַלט געווען דריי יאָר. איך האָב דעריבער באַקומען אַ גענוג האַרטע דערציונג. ערנסט זיך אומגיין מיט פרויען בין איך נישט געוווינט געווען — און

דאָ טרעף איך אַ שיינע, טיפּזיניקע, גייסטרייכע פרוי, וועלכע באַציט זיך צו מיר האַלב-מוטערלעך, האַלב-שוועסטעריש. דאָס פאַרקערן אין דער פאַמיליע מאַרקס — אין דעם גלויב איך פעסט — האָט מיך אָפּגעראַטעוועט פון דעם עמיגראַנטן-עלנט און פון אונטערגאַנג".

לאַפאַרג האָט געשריבן:

„דאָס וואָס די רעגירונג און די בירגערלעכע אָפּאָזיציע, ליבעראַלן, דעמאָקראַטן און טייל סאָציאַליסטן האָבן ווי אָפּגעמאַכט יד-אַחת צו רודפן איר מאַן, אים מבזה זיין מיט די שענדלעכסטע רכילות — דאָס האָט איר פאַרשאַפט די גרעסטע יסורים.

זי איז געווען אַ פרוי מיט אַ שאַרפן, קריטישן שכל, מיט פּאָליטישן טאַקט. דאָס וואָס זי האָט אויפגעטון פאַר די קאַמפס-חברים, פאַר די קאָמונאַרן און נאָך מער — פאַר די פרויען פון די קאָמונאַרן -- דאָס ווייסן נאָר געציילטע מענטשן. זי איז געווען מוטיק און קלוג — אָבער אָן באַרימעריי; מיט אַ סך זעלבסטאַכטונג — אָבער אָן גרויסהאַלטעריי. מיר אַלע וועלן זי נאָך לאַנג געדענקען!"

„ליבער פרידריך! ווי לאַנגע שרייבט מיר, האָט אים קלעמאַנסאָ געזאָגט, אַז איך האָב גאָרנישט וואָס מורא צו האָבן פאַר פּאָליציי און איך קאָן קומען צו פאָרן קיין פּאַריז".

„ליבער מאָר! טיסכען האָט זייער גוט געשפּילט, זי האַלט זיך אויף דער בינע גאַנץ זיכער. זי מוז נאָך אָבער ווערן אייגנאַרטיקער, ווייל זי מאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט זיך גענומען פאַר אַ מוסטער די אַרטיסטין עללען טערי. ספּעציעל געלונגען איז זי אין די ליידנשאַפטלעכע סצענעס".

„ליבער פרידריך! זשענכען האָט צוגענומען אַלס קעכין אַ זייער לעבעדיק, יונג פּויעריש מיידל. אָבער נאָך אַ קורצער צייט איז געקומען אַ געוויסע דאַמע און דערציילט, אַז דאָס מיידל איז ביי איר געווען און איז באַגאַנגען פיל מיאוסע אַפּערעס מיט מאַנסלייט, און וואָס ערגער — זי איז אַ גנבטע. זי האָט ביי איר צוגעגנבעט אַ גאָלדענעם רינג. זי פאַרזיכערט זשענכען, אַז זי וועט דאָס אַלץ דערליידיקן אינדערשטיל, זי וועט דעם מיידל גאָרנישט טון, זי וויל נאָר צוריק דעם רינג. אָבער ווי נאָר דאָס מיידל האָט איר דעם רינג אָפּגעגעבן — האָט זי זי גלייך איבערגעגעבן אין דער פּאָליציי. זשענכען האַלט איצט איין איין אַרומלויפן צו די ריכטער — אָבער עס העלפט נישט. מען האָט דאָס אומגליקלעכע מיידל פאַר אַזאַ נאַרישקייט — געשמידט אין קייטן און איבערגעפירט אין אַ שווערער תפיסה. איז זשענכען געלאָפן צום הויפּט־פּראָקוראָר — פרעגט ער זי מיט אַ צינישן שמייכל: „אָבער איר וועט דאָך זיכער נישט פאַרטיידיקן קיין גנבים, האַ?" — „ניין, מיין הער! נאָר הויבט אָבער פריער אָן ביי די גרויסע גנבים!"

דיין מאָר. פּאַריז".

„ליבער פרידריך! מיין קאַמעראַד טיסכען ליידט שטאַרק פון נערוועזע צוקונגען און שלאָפלאָזיקייט. אין דעם קור-אָרט רעגנט — ס׳איז קאַלט בייטאָג און שטורמווינטן ביינאַכט״.

„ליבער פרידריך! עס איז איר שוין בעסער. זי פאָרט קיין לאָנדאָן אויף אַ טעאַטער-אויפטריט. זי וויל שוין בלייבן אויף שטענדיק אַקטריסע. איך וואָלט אויך נישט וועלן, אַז זי זאָל כסדר זיין מיין באַגלייטערין. איך וויל נישט, אַז זי זאָל כסדר האָבן די ראָל פון אַ פלעגערין פון אַן אַלטן מאַן. זי איז, דאַכט זיך, אַ היסטערישע נאַטור.

זאָרגע מיט זיין פרוי האָבן מיר צונעשיקט אַ קאָנדאָלענץ-בריוו. גלייכצייטיק שלאָגן זיי מיר פאָר, אַז איך זאָל אויפעפע-נען אַ ניי בלאַט אינם לעבן און אַריבערקומען צו זיי קיין ניו-יאָרק. אַלנפאַלס מיינען זיי גוט״.

„ליבער פרידריך! אַזוי ווי מיין געזונט-צושטאַנד פאַרבע-סערט זיך פאָרט נישט, פאָר איך קיין מאַרסעל און פון דאָרט — קיין אַלזשיר. אַזוי האָבן מיך די דאָקטוירים געהייסן״.

„אַלזשיר, 17 פעברואַר 1882.

ליבער פרידריך! איך האָב געהאַט אַ שלעכטע רייזע. דער ליאַרם פון די מאַשינען און פון ווינט האָבן מיך נישט געלאָזט איבערן גאַנצן וועג אַנטשלאָפן ווערן. אין אַלזשיר האָב איך געטראָפן אַ שלעכט וועטער — קאַלט און נאַס״.

„1 מערץ 1882. שלאָפלאָז, אַפעטיטלאָז, שטאַרקער הוסטן, אומבאַהאָלפנקייט, מעלאַנכאָליע — אַקוראַט ווי דער גרויסער דאָן קישאָט. איך פאָר צוריק און וועל ווידער, מסתמא, האָבן דורך צוויי נעכט אַ טאָרטוירירטן קאָפּ פון דעם מאַשינען-ליאַרם. איך האָב מיר באַשטעלט דעם דאָקטאָר סטעפאַן — דער בעסטער דאָקטאָר פון אַלזשיר.

איך בין געוואָר געוואָרן, אַז מען טאָרטוּרירט דאָ שרעק-לעך די אַראַבער ביי יעדער אויספאָרשונג. נאַטירלעך טוט דאָס די פאָליציי און די ריכטער ווייסן מכלומרשט וועגן דעם גאָר

נישט — אַקוראַט ווי די ענגלענדער אין אינדיען. אויב ס׳טרעפט אַ רויב־אָנפאַל פון אַן אַראַבער און מען כאַפּט אים — קעפּט מען אים — אָבער דאָס איז פאַר די ווייסע קאָלאָניסטן נאָך ווייניק, זיי ווילן, מען זאָל קעפּן כאָטש נאָך אַ האַלב טוץ אומשולדיקע אַראַבער. יעדער קאָלאָניסט האַלט זיך אין באַצוג צו דער „נידעריקער ראַסע”— כאָטש ווי אַ ווילהעלם I. די האָלענדער און די ענגלענדער שטייגן נאָך דאָ אַריבער די פראַנצויזן אין זייער גרויזאַמקייט”.

„28 מערץ, 1882. ווידער גרויסע שטורמען, בליצן און דונערן. אָבער דערפאַר האָב איך דאָ געזען אַ פּרעכטיקן רעגנבויגן, וועלכער האָט זיך נאָך פּרעכטיקער אָפּגעשפּיגלט אין ים”.

„29 מערץ, 1882. איך האָב געקריגן בלאָזן און אויך בייסענישן אויפן גאַנצן קערפּער — און קראַצן טאָר איך זיך נישט. איך האָב געהאַט אַ פּיינפולע נאַכט. איך שרייב דיר לעצטנס, דאַכט זיך, מיט פיל גראַמאַטישע און אָרטאָגראַפישע גרייזן — דאָס איז צוליב מיין צעשטרייטקייט.

דער ווינט פייפט שוין ווידער זיין פאַרדריסלעכע מעלאָדיע”.

„אַלזשיר 8 אַפּריל, 1882. דעם 2־טן מאַי פאַרלאָז איך שוין אַלזשיר. צוליב דער שטאַרקער זון דאָ, האָב איך משלח געווען מיין נביא־באָרד און מיין האָר־שייטל ביי אַן אַלזשירער פריזירער. פאַר דעם האָב איך — צוליב מיינע טעכטער — זיך געלאָזט אָפּפאָטאָגראַפירן”.

---

„מאָנטע־קאַרלאָ, 8 מאַי, 1882. ליבער פרידריך! פיר חדשים האָט שוין אין מאָנטע־קאַרלאָ נישט גערעגנט, נאָר גלייך ביי מיין אָנקומען האָט עס גענומען גיסן. אַזוי אין ניצע, אַזוי אין אַלזשיר און אַזוי אויך דאָ — ווי דו זעסט, בין איך קאָנסעקווענט אויף דער גאַנצער ליניע!

אין קאַסינאָ זענען פאַראַן נאָר פראַנצויזישע און איטאַליענישע צייטונגען, קיין דייטשע נישט. מיינע שכנים, פאַרשטייט זיך, אינטערעסירט נישט דער לעזע־זאַל, נאָר דער שפּיל־זאַל”.

„מאָנטע-קאַרלאָ, 20 מאַי, 1882.

ליבער, ליבער פרידריך! (פאַרטרויליך) זאָלן די קינדער זיך נישט דערוויסן פון דעם, ווייל עס וועט זיי אומזיסט פאַרשאַפן עגמת-נפש — אָבער איך מוז דאָך וועמען דערציילן וועגן דעם. און נעמליך: דער דאָקטאָר, וואָס האָט מיך דאָ באַטראַכט — צוליב מיין וויזיט-קאַרטע מיטן טיטול דאָקטאָר, האָט ער געמיינט, אַז איך בין אַ מעדיקער און ער האָט מיט מיר גערעדט גאַנץ אָפן. קודם-כל — כראָנישער בראָנכיט, נאָכהער — פאַרשטאָפּטע פאַרדייונגס-אָרגאַנען, נאָכהער — אָבער וואָס איז דאָ צו רעדן — אַלזאָ אַ גאַנצע טאַבעלע מיט חולאתן. בקיצור, ווי ער זאָגט, איז שוין מיט מיר גאָרנישט פויגלדיק...“

ער פאָרט אין דער שווייץ.

„4 סעפּטעמבער, 1882. ליבער פרידריך! עס איז אַ שיין וועטער און איך פיל זיך גאַנץ גוט. איך קלעטער מיט לאַורען אויף די בערג“.

„ליבער מאָר! פאַר דעם אַלזשירישן שטילעט, וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט דורך טיסי — דעם בעסטן דאַנק.
דיין פרידריך“.

„ליבער פרידריך! איצט געלייענט די ידיעה וועגן בעבעלס טויט. עס איז דאָס גרעסטע אומגליק פאַר אונזער פּאַרטיי. ער איז די איינציקע דערשיינונג צווישן דעם דייטשן (מען קאָן אפילו זאָגן — אייראָפּעיִשן) פּראָלעטאַריאַט.

דיינע קרבנותפולע זאָרגן פאַר מיר זענען אומגלויבלעך. איך שעם זיך דערמיט פאַר זיך אַליין“.

„ליבער מאָר! די פאַלשע ידיעה וועגן בעבעלס טויט האָט אויף אונז דאָ געבּרענגט אין דער העכסטער אויפרעגונג“.

„28 סעפּטעמבער, 1882. ליבער פרידריך! עס גיסט שוין דאָ ווידער פון דעם אַזוי-גערופענעם הימל“.

„פאַריז, 30 סעפּטעמבער, 1882. ליבער פרידריך! קלעמאַנסאָ איז געווען געפערלעך קראַנק, ער איז נאָך איצט אויך

נישט אינגאַנצן געזונט. ער האָט איבער דער צייט פון זיין קראַנקהייט זיך פאַרנומען מיט מיין „קאַפּיטאַל".

לאַפאַרג איז נאָך אַלץ קינדיש. ער שרייבט אָפּהאַנדלונגען, אין וועלכע ער ציטירט זיך אַליין — און וואָס בסך-הכל איז עס אַ ביסל רעמיניסצענצן פון באַקונינס רעצעפּט. לאַפאַרג איז דער לעצטער תּלמיד פון באַקונין, ער נעמט אים נאָך ערנסט. ס'האָט אַגב גענוג געדויערט ביז ער האָט אָנגעהויבן באַקונינען פאַרשטיין, נאָר צום סוף — האָט ער אים נאָך שלעכט פאַרשטאַנען אויך.

לאָנגע, אַלס דער לעצטער פּרודאָניסט און לאַפאַרג אַלס דער לעצטער באַקוניניסט — נאָר כאַפּט זייביידן דער טייוול!"

„10 יאַנואַר, 1883. ליבער פרידריך! שוין אַריבער די ערשטע יאָרצייט פון מיין זשעננין. איצטער קריג איך די ידיעה, אַז זשעננכען איז קראַנק. איך פיל זיך שוין אומגעהויער פאַרפייניקט. עס איז מיר שוין שווער מיט די צרות. ווען איך האָב געקריגן די ידיעה, האָט מיך גענומען שטיקן אין האַלז און איך האָב באַקומען אַ ספּאַזמאַטישן הוסט-אָנפאַל".

אין אַ טאָג אַרום, פאַרנאַכט, ווען ער איז געזעסן אָנגעלענט אויף זיין וויג-שטול, פאַרשטעלנדיק זיך מיט אַ האַנט די אויגן און פאַרטראַכט זיך געשאָקלט — האָט די טיר זיך אויפגעפּראַלט. מאַרקס איז אויפגעשפּרונגען. אין דער טיר איז אַ בלאַסע געשטאַנען — טיסכען — זי קומט איצט פון פּאַריז. מאַרקס האָט אַ ריטש געטון:

— טיסכען! וואָס איז געשען! איז זשעננכען טויט?!

זי האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

## זון-אויפגאַנג-זון-אונטערגאַנג

צוויי חדשים מיט דריי טעג זענען שוין אַריבער זינט יענעם טאָג.

ער זעט נאָך אַלץ פאַר די אויגן די געשטאָרבענע זשענכען*).

ס'איז אַן ערב-פרילינגס-טאָג. די זון גייט אויף און גייט אונטער. אָט איז אַ פאַרכמורעטער וואָלקן און אָט לייטערט זיך שוין אויס. דער הימל איז שוין צוריק פאַרוואָלקנט.

מאַרקס קריכט אַראָפּ פון בעט. ער טוט זיך אָן און זעצט זיך אַוועק אויף זיין וויג-שטול. אַן אויסגעלייטערטער שמייכל אויף זיין פנים. מיט די הענט פאַרשטעלט ער די אויגן. לענט זיך אָן אויפן טיש.

...ער שטייט ביים טייך מאָזעל אין טריער. דערנעבן איז די אַלטע אוניווערסיטעט-געביידע.

פאַרן אַריינגאַנג שטייט אַ גיפּסענע סטאַטוע — אַ פרוי מיט אַן אָפּגעהאַקטער נאָז, אַן אָפּן מויל — און אין מויל אַ האַלבער ציגאַר. דאָס האָט אַוודאי אַ ווייסער-חברהניק אָפּגעטון — אַריינגעשטעקט דער פרוי אַ ציגאַר אין מויל אַריין. ס'איז קאָמיש — ער לאַכט. דער פאָטער פירט אים אין דער סאַן-מאַר-טין-קירכע. די מאַמע איז בלייך. זאָפיע קושט די האַנט פון פּאַסטאָר, סאַראַ הויכן סמאָטשקע זי האָט געטון! „פּאַפּאַ! איצט וועט מען אונז שוין נישט לייגן אויף דעם בית-עולם, נאָר אויף יענעם, ביים שעכטהויז, יאָ?" — ער קריגט אַ קוועטש אין

*) און ער זעט נישט, מסתמא, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום וועט טיס-בען-לעאָנאָרע פאַרענדיקן איר לעבן דורך אַרויסשפּרינגען פון פענסטער און אַז אין נאָך עטלעכע יאָר אַרום, וועט לאַורא (און אויך איר מאַן) פאַרענדיקן דאָס לעבן דורך אַריינשיסן זיך אַ קויל אין האַרץ אַריין.

דער האַנט, עס טוט ווייַ — מען דאַרף געדענקען אין לעבן, נאָר אין לעבן. און די קירכן גלאָקן קלינגען, קלינגען:

הללויה... הללויה... הללויה... גלין, גלאָן — הללויה. עס זינגט אַ גאַנצער כאָר, אַ גאַנצער כאָר זינגט, אַן אָרקעסטער שפּילט, שפּילט שטאַרק, שפּילט — בעטהאָווענס ניינטע, שילערס אָדע צו דער פרייד, וואַרעמקייט, פרייד:

Freude, schäner Götterfunken,
Tochter aus Elysium
Wir betreten feuertrunken,
Himlische dein Heiligthum.
Deine Zauber binden wieder
Was die mode streng getheilt:
Alle Menschen werden Brüder
Wo dein sanfter Flügel weilt...
Freude trinken ale Wesen
An den Brüsten der Natur!...

עפּעס קורטשעט זיך אין ברוסט, עס ציט איין, עס ציט איין — אַ שטילער גערויש... זי שטייט נאָך אַלץ מיט דעם ציי־גאַר אין מויל — ניין, דאָס איז גאָר די געשאָסענע קאָמונאַרין, מיט אַן אָפּגעבראָכן העלזל פון אַ בראָנפן־פלאַש אין מויל... אַ יינגל ביי דער באַריקאַדע: נו, שיסט! אמת, איך האָב נישט פאַרשפּעטיקט ?! זאָל לעבן די קאָמונע! זאָל לעבן!... עס צוויקט אין קאָפּ... דאָס יינגל איז, דאַכט זיך, מוש. ער רופט, ער לאַכט — טיסכען שרייט פון ליבקנעכטס פענסטער: האַלאָ, אַלטער יונג! מוש לאַכט, ער כאַפּט אונטער — האַלאָ, אַלטער יונג, אַלטער יונג!... אויך זשעני שמייכלט, אויך זשענכען שמייכלט... עפּעס אַ פרעמדער מאַן דערנעבן — ער שמייכלט אויך — ווער איז ער? וואָס שמייכלט ער? אַהאַ! דאָס איז דאָך עפּיקור!... אַלע שאָקלען זיי מיט די קעפּ אויף יאָ... ס'איז טונקל, דאַכט זיך, אַז נאָך ליכטיק—ניין, ס'איז טאַקע פינסטער, ביינאַכט... ביינאַכט, ס'רעגנט, אַ שטורם, אַ פאַרלאָזענע באַרי־

קאַדע, אַ רויטע פאָן, אַ שטורקאַץ, דעלעקלוז... אַנו, טאַפּט מיר דעם דופק, טאַפּט דעם דופק... אַ שווערקייט, אַ ליידיקייט... איז דער חלל אין טייל ערטער פריי פון מאַטעריע? אַ זעכציקסטל — ס'איז אַזוי שווער, שווער... אַ געהירן אויף אַ וואַנט, אַן אויג וואַלגערט זיך אויף דער ערד... אַזאַ גרויסער כאָר, צווייהונדערט טויזנט זינגען די מאַרסיליעזע... עס רוישט... די מאַרסיליעזע... אַן אָפּיציר לאַכט הילצערן — כ—אַ, כ—אַ, כ—אַ, כ—אַ! כ—אַ, כ—אַ, כ—אַ!... אַ רויטע פאָן... וואָס פלאַטערט די רויטע פאָן, זי פאַרשטעלט די אויגן... זאָל לעבן די קאָמון — — — עס קורטשעט, עס ציט איין... ס'גליט... ער לייענט האָמערן פאַר זשענבין און זאָפּיען און דער אַלטער וועסטפאַליען שמייכלט... דער קליינער, בלאָנדער ווילי, מיטן פאַרשפּיצטן נעזל לאַכט, לאַכט... זאָל לעבן די קאָמונע... מען שיסט... אַ רויטע פאָן... אַ פּושקין-דענקמאָל, מען זינגט, אַן אָרקעסטער, עס שרייט ווער, פאָכעט מיט אַ ריזיקע, רויטע פאָן... אַ ליידיקייט... אַזוי לייכט... שטיל... יענער שרייט, שרייט, קריכט נאָך העכער אויפן דענקמאָל, פאָכעט מיט די פאָן, שרייט, שרייט: —

Товорищи!... Товарищи!... !
Товарищ... Маркс... Революция!!!...
Революция... побеждает... *)
Революция... победила!!!...
Пролетарии! Товарищ... Маркс...
Революция... победила!!! Ура!!! Ура!!!...
Мммааррксссс!!! У-р-р-р-р-а-а-а!!!!!!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — —

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די זון שיינט העל אַריין.
ס'איז אַן ערב-פרילינגס-טאָג.
די זון שיינט — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

*) פּאָבּיעזשדאַיעט! זיגט. פּאָבּיעדילאַ! געזיגט.

די טיר מאַכט זיך האַסטיק אויף און עס לויפט אַריין
ענגעלס.
לענכען גיט אַ הויב אויף די האַנט:
— שששטטילללל! ששוין!!!

— — — — — — — — — — — — — — —

די זון האָט העל געשיינט — — —.

— — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז ערב-פרילינג — — —...